עמיל לודוויג

אויטאריזירטע איבערזעצונג

# יולי

# 1914

„ביכער פאר אלעמען“, ריגע

עמיל לודוויג

# יולי 1914

פון דייטש: ז. קאלמאנאוויטש

מען האט ניט באדארפט זיין קיין ביסמאַרק,
בכדי ניט צו דערלאזן די נארישסטע פון אלע
מלחמות.

באַלין.

„ביכער פאר אלעמען" ריגע

1929

# הקדמה.

שולדיק אין דער מלחמה איז גאנץ אייראָפּע: דאָס האָט דערוויזן די פאָרשונג אין אַלע לענדער. די הנחות, אז דייטש־לאנד אליין איז שולדיק אָדער אַז דייטשלאנד איז אומשולדיק, זיינען באָבע־מעשהלעך פאר קינדער אף דער זייט און יענער זייט פון ריין. וואָסער לאַנד האָט געוואָלט דעם קריג? לאָמיר שטעלן אַן אַנדער פראגע: וואָסערע קרייזן האָבן אין איטלעכן לאַנד גע־וואָלט דעם קריג, אים פאַרגרינגערט אָדער אָנגעהייבן? ציט מען דורך אייראָפּע אנשטאָט אַ ווערטיקאלן שניט אַ האָריזאָנטאלן דורך די קלאסן, דערקענט מען: די גאנציע שולד איז געלעגן אין די קאַבינעטן, די גאַנצע אומשולד אף די גאסן פון אייראָפּע.

וואָרום אין ערגעץ האָט דער מענטש בא דער מאשין, אין וואַרשטאַט, בא דער סאָכע ניט געהאַט דעם רצון אָדער אינטערעס צו שטערן דעם שלום, אומעטום האָבן די אונטערשטע קלאסן זיך געשראָקן פאַר דער מלחמה און געקעמפט קעגן איר ביזן לעצטן טאָג. פארקערט די קאבינעטן, די שטאבן און פאר־אינטערעסירטע קרייזן, וואָס אַרבעטן מיט זיי: מיניסטאָרן, גענע־ראלן, אַדמיראלן, ליוועראנטן, רעדאקטאָרן — זיי האָט אָנגע־טריבן כבוד־זוכעריי און שרעק, טעמפּקייט און להוטקייט נאָך עשירות און זיי האָבן אָנגעטריבן די מאַסן. דערביי איז וואָס ווינציקער א רעגירונג האָט באדארפט מורא האָבן פאר קאָנט־ראָל, אַלץ שווערער איז איר היסטאָרישע שולד. דעריבער זיינען די ערשטע שולדיקע ווין און פעטערבורג; בערלין און פאריז גייען נאָך זיי אין זייער פארשידענע מרחקים; לאָנדאָן די לעצטע אין א סך א ווייטערן אָפּשטאנד.

דאָס באַשרייבן איז ניט צו פרי, בפרט אז דאָ ווערט דערציילט ניט די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פאָרגעשיכטע, ני־

ערט עס ווערט געשילדערט נאָר דער יולי חודש פון 14=טן
יאָר; דערפאר זיינען די דאָקומענטן ניט צו קארג. זיי זיינען צו
רייך: ווי אזוי דער לעצטער קריג איז געוואָרן, איז אונז גענויער
באקאנט, איידער אַלע פריערדיקע אין דער געשיכטע. נאָר ווער
עס וויל נאציאָנאליסטיש פארפינסטערן דעם אויסקוק פון אייראָפּע,
דער שלאָגט ארויס אַלץ מער שטויב פון די אקטן. שוין 1921,
בשעת איך האָב געשריבן די וויטערדיקע בלעטער, מיט פיר יאָר
פריער פאַר מיין בוך איבערן קיסר, איז אלץ געווען קלאָר צו
לייענען פון די דאָקומענטן; פונדעסטוועגן האָב איך געלאָזט דעם
פארטיקן זאַץ פאנאנדערוואַרפן, ווייל מען האָט נאָך ניט געקאָנט
פארלאנגען אן אומפארטייאישע באטראכטונג פון די צדדים, וואָס
זיינען קוים געווען געקומען צו זיך נאָך דער מלחמה. זינט דע=
מאָלט איז בא די כסדרדיקע באַארבעטונגען אויסגעקומען ווינציק
וואָס צו פאריכטן און ממלא צו זיין.

ווי איטלעכע היסטאָרישע שילדערונג, באַשטייט אויך די
דאָזיקע פון דאָקומענטן און זייערע אויסטייטשונגען. פאר דאָקו=
מענטן האָבן געדינט די אומעטום אויסגענוצטע פארביקע ביכער,
די מלואים צו זיי, די מעמוארן און אנדערע מקורים וואָס אַלע
האַלטן זיי פאר ריכטיקע; נאָר די שמועסן פון מלוכה=לייט, וואָס
זיי האָבן על פי רוב מיטגעטיילט זייערע רעגירונגען אין אומ=
דירעקטער פאָרם, ווערן דאָ איבערגעגעבן אין דירעקטן דיאַלאָג,
אָבער די ווערטער זיינען געבליבן די זעלביקע.

אז שטיקער פונם דאָזיקן בוך האָבן זיך אין יאָר 1928 בא=
וויזן אין אמעריקאנער צייטונגען, האָט בא אונז אין דייטשלאנד
געשאָסן אף מיר פעך און שוועבל יענער טייל פון דער פרעסע,
וואָס האָט אמאָל געהעצט צו דער מלחמה און וויל דעריבער
איצט באַווייזן, אז דער קיסר מיט זיין אימפעריע זיינען אומ=
שולדיק; צוגלייך האָט דער פאריזער „פיגארא“ געשריבן, אז
איך מאך „ליידער ניט קיין אויסנאם פון יענע, וואָס וואָלטן גע=
וואָלט באַפרייען זייער פאָטערלאנד פון די רעזולטאטן פון דער
מפלה“, וואָרום דורך דער איינשטעלונג פון דער הנחה, אז אלע
זיינען שולדיק, האָב איך פארטשעפעט דעם יסוד פון ווערסאלער

אָפּמאַך, אזוי ווערט באַפאַלן פון צוויי זייטן איטלעכער, וואָס שטרעבט צו אַן איבערנאַציאָנאַלער גערעכטיקייט.

דאָס דאָזיקע בוך איז אַ שטודיע איבער דער נאַרישקייט פון די וואָס זײַנען דעמאָלט געווען מעכטיק און איבער דעם ריכטיקן אינסטינקט פון יענע וואָס האָבן דעמאָלט קיין מאַכט ניט געהאַט. אינטערנאַציאָנאַל ווערט דאָ אויפגעוויזן, ווי אַזוי אַ פּאָר טוץ אומפײַאיקע פירערס האָבן דורך געפעלשטע דאָקומענטן, דורך ליגנס און סטראַשונקעס און פּאַטריאָטישע פראַזעס אַרײַנגעטריבן אַ פרידלעכע, פלײַסיקע, פאַרשטאַנדיקע מאַסע פון 500 מיליאָנען אין אַ קריג, וואָס איז לחלוטין ניט געווען קיין נויטווענדיקייט. עקאָנאָמישע קריזיסן, קאָנקורענץ־ און קאָלאָניאַל־פּראָגעס האָבן פאַרפּלאָנטערט די לאַגע פון אייראָפּע, און פּאָרט האָט מען בסדר אויסגעמיטן מלחמה; דרײַ פײַאיקע מלוכה־מענער וואָלט ווידער אַמאָל אָפּגעגאָלטן צו טאָן, דאָס וואָס דער גרויסער רוב האָט געוואָלט. אַ ליגן, אַז אַן איינציק פאָלק האָט די מלחמה געוואָלט אָדער אַז עס וויל זי איצט! די פאָרם פון מאָדערנעם קריג האָט געמאַכט צו אַן אילוזיע דעם באַגריף פון אַ „קריגערישער נאַציע": עס זײַנען פאַראַן נאָר פאַרפירערס, וואָס באַהאַלטן זיך, און פאַרפירטע, וואָס פאַלן, קיין איינער פון יענע מיניסטאָרן און גענעראַלן וואָס האָבן דעם קריג אָנגעדרייט איז ניט געפאַלן אויפן פראָנט. אויב אייראָפּע וויל זיך ניט לאָזן אַרײַנציען אין אַ נײַער מלחמה, מוזן אַלע לענדער אָננעמען געזעצן, וואָס לויט זיי באַדאַרף מען בײַ אַלע באַטייליקטע מיניסטאָרן צונעמען די גאַז־מאַסקעס: דעמאָלט וועט מען מיט אַ מאָל־זיך איבערבעטן.

דאָרט וואו געשיכטע קאָן ניט דינען ווי אַ מוסטער, וואָלט זי באַדאַרפט פאָרט העלפן ווי אַ התראה. דאָס בילד פון יולי 14 באַווײַזט אַן ערד־טייל, וואָס זײַנע נאַציעס האָבן געטרויט און געפאָלגט זייערע פירערס, ווײַל יענע האָבן ניט באַדאַרפט ענטפערן פאַר אַ צענטראַל־אָרגאַן; דאָס, וואָס איבער די איינציקע רעגירונגען איז קיין קאָנטראָל ניט געווען, האָט געבראַכט צו אַן אַנאַרכישן צושטאַנד אין גאַנצן, מיר ווייסן, אַז די וואָס האָבן

עטריבן צו קריג, זײנען אלײן געװען געטריבענע; זײער שולד איז געװען, װאָס זײ האָבן זיך געלאָזט טרײבן. חוץ דעם, װאָס די דאָזיקע דיפּלאָמאטן האָבן ניט געטויגט, איז נאָך צוגעקומען איבעראײלטקײט, צופאל, צעטומלטקײט, קודם כל דאָס, װאָס אײנער האָט מורא געהאט פארן אנדערן. אזוי איז ארויס דער קריג, װאָס א פארשטאנדיקע געזעלשאפט פון נאציעס װאָלט אים געקאָנט ניט דערלאָזן. אז ער האָט זיך געענדיקט מיט אן ערשטן פּרואװו צו גרינדן אזא געזעלשאפט, איז לאָגיש און מאָראליש ריכטיק.

דאָס דאָזיקע בוך, װאָס באַװײזט די פרידלעכע שטימונג פון די מאסן פון אַלע פעלקער אין יולי 14, װיל מיטהעלפן דעם געדאנק פון א בוררים־געריכט, װאָס איז ניט קײן אוטאָפּיע, נאָר עס װערט רעאל, ניט עס בלײבט א פּראָבלעם, נײערט עס איז א געװיסע זאך, װאָס איז געדרונגען פון דער לעצטער ער־פארונג. זינט אײראָפּע באַשטײט פאַקטיש נאָר פון רעספּובליקעס, קאָן זי זיך גרינגער שיצן פאר קאטאסטראָפעס.

זי האָט מער ניט די ברירה צו טאָן דאָס באלד אָדער נאָך נײע מלחמות.

---

## ערשטער קאַפּיטל.

## דער אַטענטאַט.

אין מיטאָגס-שײַן האָט געבּרענט די בּרײטע טעראַסע. בּאַם אונטערשטן טרעפּ האָט געװאַרט דער קאַראָט, הינטער אומבּאַוועגלעכע, הױפּיש געהאָדעװעטע פערד, אַף דער קעלניע דער אומבּאַװעגלעכער מענטש אין דרײַקאַנטיקן הוטל; פיר לאַקײען בּאַ די זײַטן טרעפּ בּיז אױבּן אַרוף. גרױס און װײַס זײַנען דרײַ פליגל-טירן געװען אופגעפּראַלט, בּכדי אַרײַנצולאָזן די יוני-זון אין רויטן סאַלאָן פונם בּעלװעדער-שלאָס אין װין, װאָס דער בּעל-הבּית פון הױז האָט אים בּאַדאַרפט דורכגײן אפן װעג פון זײַן קאַפּליצע.

אָט האָבּן אין שלאָס טירן גענומען קלאַפּן, עס האָבּן זיך דערהערט טריט, שטימען, פון קינדער און דערװאַקסענע; איצט איז דער ערצהערצאָג אַלײן געשטאַנען הינטער דער מיטלסטער טיר. די מאַסיװע געשטאַלט אײַנגעפּרעסט אין גענעראַל-מונדיר, די אױגן װאונדערלעך פאַרשלײַערט, עס האָט דעם פּנים, װי ער װאָלט װײניק געזען, װי עמיצער, װאָס פון טונקעלער קירך און פון אײנזאַמער, פאַרטיפטער תּפילה טרעט ער פּלוצים אַרױס אין דרױסן, געבּלענדט פון זון און װעלט.

אַ קרעפּטיקע פרוי שטײט נעבּן אים, גרינג האָט זי דעם אָרעם אַרײַנגעלײגט אין זײַנעם. דרײַ שײנע קינדער װאַרטן אפן געזעגן-קוש, און אַזױ שטײען זײ אין ראַם פון דער װײַסער טיר, א בּילד פון אײנפאַכן גליק און מזל פון מענטשן, אױך פון די מעכטיקסטע.

פראַנץ פערדינאַנד װאַרפט אין דער רגע אַ בּליק אַף זײַן קומענדיקער הױפּט-שטאָט װין, מטושטשע געדאַנקען פליען דורך אין זײַן קאָפּ. אונטער די אַרומגעשניטענע קוסטעס, די געשלײַנגלטע פאָנטאַנען, פּיראַמידעס און דרײַעקן פון לעבּעדיקע בּױמער, דאָרט הינטן רױשט א װעלט-שטאָט אַרוף צום שלאָס, װאו ער

לעבט און ווארט. ווידער שטייגט ארויף פאַר זיין בליק פו פארנט איבער די הייזער דער טורעם פון דער גרויסער קירך, און אין דער לינקער האנט הויבט זיך אין בלאָקייט די עלעגאַנ־טע קייט פון די בערג מיט די שפּיצן. ער ווענדט זיך אום, נעמט אַרום סאָפיען, וואָס באַדאַרף אין גיכן אים נאָכפאָרן; אַלץ איז צוגעגרייט. איצט שמייכלט ער, און דאָס מילדערט זיין טונ־קעלן אויסדרוק, איצט ציען זיך די קינדער צו אים. ווי פארחושט קושט ער זיי: ער שפּירט ניט אז ער געזעגנט זיך אף אייביק. האַסטיק אין קאַראַט, דורכן טויער פון שלאָס, פאַרביי דער שמייכלענדיקער, שטיינערנער ספינקס.

*

ווער איז דער מענטש, וואָס פאַרט איצט קיין דרום? קיזאַדראַטיש, אָבער ניט ברוטאַל בעצם, זיצט דער מאַסיווער קאָפּ אַף מאַנסביל־אַקסלען, דער דאָזיקער ניט עלעגאַנטער און ניט בויגעוודיקער מענטש ווייזט אים מאָדנע ניט עסטרייכיש, און גאר ניט האַבסבורגיש.

ניטאָ קיין שום ליבנסווערדיקער שטריך אין אים, אלץ שווער עקשנותדיק: דער שטערן, די רעשטלעך האָר, די וואָנסעס; עס איז דער אויסדרוק פון א מענטשן, וואָס איז געוויינט צו שווייגן און צו ליידן, שטריינג און איינגעשפּאַרט, וואָס האַלט ניט פון מענטשן און באַטראַכט די וועלט נאָר ווי אייזן אף זיין קאָ־וואַדלע, א מענטשן וואָס שרעקט זיך פאַר קיין זאַך ניט און מוז זיינס אויספירן. אָבער זיין אויג, שווימענדיק טונקל און גרויס, אַנטפּלעקט א ווייכקייט, וואָס ער וויל אַליין זיך אין איר ניט מודה זיין, אַנטפּלעקט אַן איבערגעבנקייט אין דער ליבע, אַן או־מעטיקייט. אויך זיין פרומקייט איז, קענטיק, עכט, זיין קמצנות אָבער ניט ווינציקער. פריילעך קאָן מען דעם קאָפּ ניט אויסמאלן, געשטעלט צווישן ווילן צו מאַכט און פאַראַכטונג, איז ער פון גורל באַשטימט דורך ביידעס. עס איז דער קאָפּ פון אַ צום טויט באַשטימטן.

איצט איז ער אַלט 50 יאָר, ער איז א מעכטיקער האַר

אָבער דאָס לעבן, וואָס ער האָט ביז איצט אַריבערגעלעבט, איז ניט געווען רייך. שנאה און קנאה פון די קייזערלעכע שוועסטער־קינדער האָט אָנגעפילט זיינע יונגע יאָרן. אַז ער איז געווען צוואַנציק יאָר, האָבן די ערצהערצאָגן, וואָס האָבן קיין אַנדער זאַך ניט געהאַט צו קלערן, ווי דאָס, ווער וועט זיין דער יורש פון טראָן, זיך געסטאַרעט פטור צו ווערן פון אים: מען האָט אים געצוואונגען זיך אָפּצוזאָגן פון דער קרוין אונטערן אויסרייד, אַז ער איז קראַנק, אַ קאַנדידאַט אַף שטאַרבן. אַף זיין אָרט איז געקומען אָטאָ, יענער איז, דורך זיין פאַרשייטן לעבן, פריציייטיק קראַנק געוואָרן, ער אָבער, פראַנץ פערדינאַנד, איז אַף להכעיס די ערצהערצאָגן, געוואָרן גיזונט און ווידער קרוין־יורש. ווי זיי הונגערן דאָס נאָך מאַכט! אפילו דעם טויט, אויב זיי קאָנען אים ניט גובר זיין, זוכן זיי דאָך אויכצונוצן אים צייטווייליק.

אין אָט דעם האַבסבורגער האָט געלעבט א שטיק פאַנטאַזיע, די ליבעס, וואָס מיט זיי סטאַרען זיך פרינצן ליידיקגייערס אויסצופוצן זייער לעבן, זיינען, קענטיק, אָט דעם מענטשן מיטן קוואַדראַטישן קאָפּ פרעמד; ער הלומט וועגן התונה האָבן פון ליבע און איז פעסט באַ זיך ניט צו לאָזן פאַרטונקלען די דאָזיקע פאָרשטעלונג זיינע וועגן פערזענלעכן גליק דורך דער אייגענער כבוד־זוכעריי. ער זוכט זיך אויס א גרעפין, מיט איר וויל ער התונה האָבן, פון איר וויל ער קינדער האָבן.

איצט איז געוואָרן גראד 14 יאָר, זינט ער האָט געפירט מיטן זיבעציק־יאָריקן קיסר די מלחמה פון וועגן זיין סאפיע. יענער האָט געזאָגט ניין. רודאָלף, זיין אייגענער זון, האָט זיך דאָס לעבן גענומען פון וועגן א פרוי, וואָס ער האָט ניט געטאָרט מיט איר חתונה האבן ווי א קרוין־יורש. — און איצט זאָל נאָך א ליאַדע פלימעניק, וואָס ער האָט אים ניט געקאָנט ליידן, אים אופצווינגען צוזאַמען מיט דער תביעה אף דער ירושה נאָך עפּעס אַ גרעפין און פאַרדאַרבן די כשרע ריי פון די קיסרים דורך נידעריקערן בלוט? אָבער דער פלימעניק האָט ניט נאָכגעגעבן, פאַרעקשנט און פול שנאה, ווי ער איז געשטאַנען פאַרן אלטן.

איז ער געבליבן בא זיין ווילן, ווייל ער האָט וואויל געוואוסט, אַז אַ צווייט מאָל וועט מען פון אים ניט פּטור ווערן.

צוויי טעג פאַר דער חתונה איז ער דאָך געקומען אין קיסרס פּאַלאַץ אַריין און האט פייערלעך געשוואוירן פאַרן קיסר און אימפּעריע, אַז קיין איינער פון די קינדער, וואָס ער וועט האָבן פון דער ביימישער גרעפין, וועט נים האָבן קיין תביעות צו דער ירושה פון די האַבסבורגער. דאָס איז ניט גרינג אָנגעקומען דעם מענטשן, וואָס פּרומקייט, איינזאמקייט, אפשר סענטימענטאַליטעט האָבן אים געטריבן חתונה צו האָבן — און איצט מוז ער די אייגענע קינדער ארויסשטופן פון זייער רעכט, נאָך איידער זיי זיינען געבאָרן!

צי האָט דען מיט איטלעכן יאָר פון א גליקלעכן צוזאמענלעבן מיט דער פרוי ניט געמוזט שטאַרקער ווערן אין אים דער רצון סוף כל סוף צו לעגיטימירן, זאָל זיין דורך זייטן־גיינג, די הברטע, וואָס אירע קינדער האָבן אים פון האַרצן ליב געהאַט און זיינען געווען אזעלכע שיינע? האָט ער געפּועלט, אַז זי איז געוואָרן הערצאָגין, און האָט זיך געמיט, אַז אַנדערע פירשטן זאָלן זיך באַציען צו איר ווי צו זייער גלייכן. אין יאָרן ארום האָט ער דערלעבט די פרייד, אַז אפילו די דייטשע קייזערין האָט אויפגענומען זיין פרוי. ווילהעלם II, דער גרויסער פאַרבינדעטער, וואָס פון זיין שטימונג זיינען געווען אפגעהאַנגען פראַנץ־פערדינאַנדס מלוכה־פּלענער, איז שטענדיק געווען גוט צו סאָפיען, און זאָל זיין, אַז די פריינטשאַפט פון די ביידע מענער, וואָס זיינען געווען כמעט אין איינע יאָרן, איז ניט געווען דירעקט געגרינדעט דערויף, וואָלט זי דאָך ניט געווען מעגלעך. אויב דער קיסר וואָלט דער הערצאָגין ניט אָפּגעגעבן דעם געהעריקן כבוד. דערפאַר האָט דער ערצהערצאָג געדאַנקט דעם דייטשן קיסר, גראד ווייל פראַנץ־יאָזעף, איינגעשפּאַרט און פעסט, האָט זיין פלימעניצע ניט צוגעלאָזן נאָענט צו זיך.

און דאָך האָט דער ערצהערצאָג, אין זיין איבערגעבנקייט און עקשנות, ניט געהאַט קיין שטאַרקערן פאַרלאַנג, ווי צו מאַכן זיין פרוי פאַר א קיסרינע און זיינע קינדער פאַר קרוין־יורשים.

לאַנג געניג האָט דער אַלטער אים געלאָזט וואַרטן: איצט איז ער שוין אַריבער אַכציק.

דעריבער זיינען דער היינטיקער און דער מאָרגענדיקער טאָג אַזוי ווייַטיק פאַר אים: די פרוי, וואָס האָט געדאַרפט אים נאָכפאָרן קיין באַסניען, האָט ער געוואָלט נאָך דער אינספּעקציע פון XV און XVI קאָרפּוס פירן קיין סאַראַיעוואָ: אויף דער ערד פון דער מאָנאַרכיע, ניט בלויז אין בוקאַרעשט און אין בערלין, זאָל סאָפיע צום ערשטן מאָל פייערלעך אַרויסטרעטן ווי די פרוי פון קומענדיקן קיסר. דאָס האָט ער זיך אויסגעטראַכט ווי אַ סורפּריז, און וועדליק זיינע גוטע פריינט האָבן אים פאַרזיכערט, איז דאָס פאַר זיינע ווינער שונאים געבליבן אַ סוד.

אומרואיק האָבן פראַנץ פערדינאַנדס געדאַנקען אַרומגע-שוועבט צווישן פערזענלעכן גורל און דעם גורל פון דער מלוכה. ווען ער קלערט וועגן קיסר ווילהעלם, האַלט ער זיך פאַר דעם שטרייַנג מאָנאַרכיסטישן גרונט-שטריך פון זיינע אידייען און פאַר-ערט דעם לעגיטימיזם פון דעם מעכטיקן גוטן פריינט, וואָס ער האָט אַליין מיט זיין חתונה אונטערגעגראָבן. אויך ווי אַ יעגער איז אים דער קיסר געווען געפעלן, ניט אַזוי ווי פראַנץ יאָזעף, וואָס יאָגט זיך אַ גאַנצן טאָג נאָך איין ווילדער ציג.

אגב, האָבן ביידע געהאַלטן מיט רעכט איינער דעם אַנ-דערן פאַר פרידלעך. איינמאָל, אַז אַ ציגיינערין האָט וואָרגעזאָגט דעם ערצהערצאָג, אַז ער וועט אַרויסרופן אַ גרויסע מלחמה, האָט ער זי אויסגעלאַכט: ער האָט זיך בשום אופן ניט געיאָגט נאָך נצחון אָדער לאָרבערן, צו פעסטיקן נאָך אַ מאָל פון אינעווייַ-ניק די צעפוילטע מאָנאַרכיע, דאָס איז געווען זיין פאַרלאַנג. און דערפאַר האָט ער געהאַט אַ רעיון. צונעמען בײַ די אונגאַרן, וואָס ער האָט פיינט געהאַט, זיבנבירגן, נעענטער ברענגען אויף וואָס-ער עס איז אופן רומעניען צו דער מאָנאַרכיע, אויספירן דעם אַלטן פאַרלאַנג פון די טשעכן און זיך לאָזן קרוינען אין פראַג, אַזוי ווי אין בודאַפּעשט, איבערמאַכן דעם דואַליזם צו אַ טריאַליזם, און אויב עס זאָל זיין נייטיק, ווידער אויפבויען די גאַנצע אימפּעריע

פון פינף מײלן װי אַ פּעדעראַטיװע מלוכה: דאָס איז געװען זײן פּלאַן.

דערפאַר האָט מען נאַטירלעך געמוזט שיצן פון אויסװײניק די סערבן קעגן די בולגאַרן, פון אינעװײניק קעגן די אונגאַרן, אַרויסראַטעװען די געטרײע קראָאַטן פון די אונגאַרישע שפּיאָנעס און פּאָרױכטיק צעשײדן די קרובישע פעלקער, אז די סלאַװן זאלן זיך גוט שפּירן אין לאַנד און ניט װעלן זיך אָפּרײסן. פראַנץ פערדינאַנד איז געװען א גוטער פרײנט פון די סערבן, און אַז ער איז איצט געפאָרן צום סערבישן גרעניץ, האָט ער זיך געטעגט ריכטן, מען װעט אים באַגעגענען מיט א פרײנטלעכע מינע.

*

װײס גלאַנצן די נידעריקע הײזער פון סאַראַיעװאָ, פון פלאַכע דעכער שפּאַרט ארוף הימל־בלאָקײט, בונט שעמערירן יום־טובדיקע קלײדער פון די באָסניאַקעס, װאָס דרײען זיך ארום אין מיטאָג־שײן, געקומען פון װײט אין שטאָט אַרײן, פול חשק צו זען דעם פרעמדן פירשט, װאָס באַדאַרף אינגיכן װערן לאַנדס־פאָטער. אַ רעש און טומל, הײנט איז א טאָפּעלער יום־טוב: צו די באָסניער קומט צו גאַסט דער עסטרײכישער קרױן־יורש, די סערבן װידער צװישן זײ פײערן דעם טאָג, װען זײערע עלטער־זײדעס האָבן מיט פינף הונדערט יאָר צוריק געליטן די מפּלה אפן קאָסאָװער פעלד — א נאַציע, װאָס פײערט איר גרעסטע מפּלה װי אַ שרעקלעכע התראה אין רעדעס און לידער.

דאָס יאָר אָבער איז ער צום ערשטן מאָל געװאָרן פאר זײ א טאָג פון אופלעבונג, װאָרום איצט האָבן זײ סוף כל סוף מנצח געװען טערקן און בולגאַרן, און יענע הונדערטער טױזנטער, װאָס עסטרײך צװינגט זײ צו בלײבן אירע אונטערטאַנען, װײל ערנטאַל האָט מיט זעקס יאָר צוריק אַרײנגעכאַפּט די אָקופּירטע פּראָװינצן, באָסניע און הערצעגאָװינע, פלײש פון זײער פלײש,—זײ זײנען אין צחײען ברוגז, װאָס הײנט קומט צו זײ דער פרעמדער קרױנפּרינץ צו באַװײזן זײן ממשלה, און אײנעם מיט זײן פרױ.

וואָס דאָרטן אין ווין וויל מען זי ניט אָנערקענען. אַזוי האָבן דאָס דערקלערט פאַר די בירגער און פויערים אדוואָקאַטן און אַגענטן.

אויך רעדעס פון גלהים האָבן היינט לעבעדיק און פאַרטומלענדיק געוועקט די הערצער פונם דאָזיקן רעליגיעז געמישטן פאָלק, וואָס האָט אנגעפילט די גאַסן פון הויפּטשטאָט. די קראָאַטן זיינען קאַטוילן, די סערבן זיינען אָרטאָדאָקסן, און זינט צענדליקער יאָרן שטייט אויך דאָ די פראגע, וואָס איז שטאַרקער, רעליגיע אדער ראסע: אין גלויבן ציען זיי צו מערב־אייראָפּע און צו עסטרייך, אין בלוט ציען זיי זיך צו זייערע סערבישע ברידער. היינט אין שלאָס באַ דער סעודה — טראַכטן די בונטע קראָאַטן — ווען ער וועט האָבן אַראָפּגעלאָזט א פאָר גלעזער פון דעם זיסן שווערן, וועלן מיר באַ אים פרעגן: צי נאָך לאַנג וועט מען אונז פון בודאַפּעשט באַהאַנדלען ווי אַ באַנדע גנבים, אָדער מען וועט אין ווין זיך דערמאָנען אָן אונזער יעלאַטשיטש, וואָס האָט זיין בלוטיקע שווערד ארופגעלייגט אפן סטעפאַן־אַלטאַר און געראַטעוועט עסטרייך פון די צעבונטעוועטע אונגאַרן!

— וויפיל פרעמדע זיינען היינט פאַראַן אין שטאָט, קלערט דער פּאָליציי־שעף, אַן אונגאַרישער דאָקטאָר, ארומפאָרנדיק איבער די גאַסן, און שווייגט. היות ווי דער באַזוך האָט באַדאַרפט בלייבן „ריין מיליטעריש", ווערט דער שוץ איבערגעגעבן אין רשות פון מיליטער; ציוויל־פּאָליציי, סך הכל 150 מאַן, האָט נאָר צו זאָרגן פאַר אָרדענונג, ווי איטלעכן טאָג. — ווי ווינציק סאָלדאַטן מען זעט, טראַכט דער פּאָליציי־שעף און שווייגט. וואָס טראַכט זיך דאָס דער מיניסטער אין ווין, אויב ער זאָרגט ניט פאַר דער זיכערקייט? אָבער דער גובערנאַטאָר האָט נישט באַזונדערס באַפוילן: סאָלדאַטן, האָט ער געזאָגט, קאָן מען ניט אויסשטעלן פאַר שפּאַלער. וואָרום דער ערצהערצאָג קומט דאָך מיט זיין פרוי, און עס וואָלט געווען ווי עס קומט דער קרוין־יורש.

גיך זיינען פיר אויטאָס דורכגעפאָרן די פאָרשטאָט, מען האָט געהערט פון ווייטן רופן זשיוויאָ, פרייליך, ניט ווילד. איצט

פאַרקערעווען זיי אַף דער ברעג־גאַס. אין ערשטן אויטאָ דער רעגירונגס־קאָמיסאַר און דער בורגמייסטער, אין צווייטן דער ערצהערצאָג מיט דער פרוי, זיי קעגנאיבער פּאָטיאָרעק, גובער־נאַטאָר פון באָסניע און הערצעגאָווינע, נעבן שאָפער אַ גראַף האַראַך, דער בעל־הבית פון אווטאמאביל, פונם אויטאָ־קאָרפּוס. אין דריטן און פערטן סוויטע. די מאַסע ווערט געדיכטער, די רופן שטאַרקער. אפן ווייטסטן גרענעץ פון זיין מלוכה פילט זיך דער ערצהערצאג באַגריסט, אין דעם ווינקל. וואָס מען רייסט זיך איבער אים ארום, און נעבן אים זיין פרוי, און ער זעט, ווי זי באַדאַנקט פאַר די גרוסן ווי אַ קיסרין. דער מאָמענט פארשיכורט אים א ביסל: צוליב איר, און ווייל ער האָט סוף כל סוף דער־גרייכט זיין פארלאנג. מען קומט נעענטער צום ראטהויז.

פּלוצים, אום האַלב עלף: אַ קנאַל ווי פון א ביקס. רעכטס פון אויטאָ פאַלט עפּעס א זאַך, קלאַפּט זיך אָפּ אן טרים־בעט: ערשט אַז דער צווייטער אויטאָ פאָרט פארביי, פּלאַצט די באָמ־בע מיט אַ קנאַל פון א האַרמאַט.

אלע אויטאָס בלייבן שטיין. צוויי אפיצערן פון דער סוויטע זיינען פארוואונדעט. דער ערצהערצאָג שיקט הילף. מען טראגט אַוועק דעם שווער־פארוואונדעטן פּולקאָווניק־לייטענאַנט אין שפּיטאל דערווייל איז דער אָנפאַלער אַנטלאָפן איבער דער מיליאַצקאַ־בריק; מען לויפט אים נאָך, מען כאַפּט אים אפן אנדער ברעג: עס איז אן עסטרייכישער סערב, א יונגער זעצער צאברינאוויטש. אין צען מינוטן ארים פאָרן אלע ווייטער.

ראטהויז, קבלת פּנים דורך די שטאָט־עלטסטע; א בלאַסער שרייט אַף זיי אָן דער דערצערינטער: „דאָ באגעגנט מען געסט מיט באָמבעס?“ קיינער ענטפערט ניט. פול אימה האַלט דער בורגמייסטער זיין רעדע, אומרואיק הערט מען זי אויס. אז דער ערצהערצאג וויל ענטפערן, באַמערקט ער אז זיין שטים ציטערט, און שטאַרקט זיך. זיין פרוי נעמט אויף די פרויען פון די פּני, פילט זי ניט, פילט ער ניט, ווי לעבערלעך אט די סצענע, וואס אין פּרינציפּ האָבן זיי געמעגט אזוי פיל פון איר דערוואַרטן, שפּילט זיך אָפּ איצט אין דער קליינבירגערלעכער ווירקלעכקייט!

דערצו נאָך די לעבנס־סכנה, וואָס מען איז פון איר ארויס מיט קנאַפּע עטלעכע טריט, בכדי אַז אין אַט דעם נידעריקן הויז, וואָס האָט דורך די עטלעכע טעפּיכער קוים ארופגעצויגן אַף זיך דעם יום־טוב, זאָלן זיך לאָזן הערן צוויי נאַרישע רע־דעס?

זיי גייען ארויס. שטאַרקער אַפּלאָדירט דער המון, גראף האַראַך פרעגט א פארחידושטער דעם גובערנאטאַר:

„האָבן אייער עקסעלענץ ניט באַשטימט קיין מיליטער צום שוץ פון זיין קייזערלעכער האָהייט?

„מיינט איר, הער גראף, אַז סאַראיעווא איז פול מיט אנפאלערס?" האָט געענטפערט דער גובערנאטאָר מיט א שמאך.

אַ בלאסער, קוים זיך איינצוהאלטן, בייט דער ערצהערצאג אום די פראגראם. ער וויל אַליין פאָרן אין שפּיטאל, בכדי צו זען דעם פארוואונדעטן, די פרוי זאָל פאָרן אליין אין פּאַלאַץ, וואו עס איז צוגעגרייט פרישטיק. נאָר זי באַשטייט דערויף, צו פאָרן מיט אים; שטום איז ער מסכים. מחמת פאָרזיכט באשליסט מען צו פאָרן אַף אַן אַנדער וועג ווי פריער. דער יונגער גראף האַראך, וואָס האָט בעסערס ניט געקענט פועלן, וויל שטיין אפן לינקן טריט־ברעט נעבן ערצהערצאָג. יענער רופט אומצופרידן: „לאָזט די נאַרישקייט!" און די פיר אויטאס לאָזן זיך פאָרן ווי פריער, נאר גיכער.

דער המון איז גרעסער, אומרואיקער, מען שרייט זשיוויא, נאָר ערשט אַז אן אַלטע פרוי רופט אף טשעכיש נאַזדאַר! שמייכלען סאָפיעס בלייכע ליפּן, באם אָנהייב פון דער פראַנץ־יאָזעף־גאַס, וואָס איז געלעגן אפן ערשטן וועג, האָבן די מענטשן, נאָך אלץ אן פּאָליצײ, געלאזן פריי דעם וועג צום דורכפאָרן.

„דורך אַ פאַטאַלן טעות" פארקערעוועט דער ערשטער אויטאָ באם ראָג אין אָט דער גאַס. דער צווייטער שאָפער פארט נאָך. דער גובערנאַטאָר אָבער וואס האט אקאָרשט געהאט געגעבן דעם שפּיציקן ענטפער, פאטיארעק, וואס טראגט די אחריות פאר אלצדינג, ווייזט אים אָן אַפן טעות, הייסט אים פאָרן ווייטער אף

דער ברעג-גאַס, מחמת דעם קומט דער אויטאָ אויס נאָר נאָענט צום רעכטן טראָטואר, אין דער צייט וואָס דער שאָפער פארקלע-נערט די גיכקייט.

פלוצים לאָזן זיך הערן פון דער רעכטער זייט גאס, אף א מהלך פון קנאַפע דריי מעטער, צוויי שאָסן, קיינער איז אין פלוק נים געשעדיקט, דער גובערנאַטאָר, וואס האט צו שפעט באַמערקט, אז כאראיעוווא איז פול מיט אָנפאַלערס, איז אופ-געשפרונגען און הייסט דעם שאָפער ווידער פאָרן צוריק, בכדי צו קומען צו א צווייטן בריק. באַ דער באוועגונג פאלט די הער-צאָגין אַרוף אף איר מאנס ברוסט. דער גובערנאַטאָר הערט, וויביידע מורמלען עפעס א פאר ווערטער. איצט ערשט פאלט דעם מענטשן איין דער געדאנק, אז עס איז עפעס געשען.

נאָר דער ערצהערצאג זיצט גלייך. די סוויטע איז געקומען צו לויפן. נאָך אלץ באמערקט קיינער ניט, אַז ער איז געטראָפן, אויך מכח דער פרוי מיינט מען, אז זי איז נאר אין חלשות, אָבער אט שטראָמט ארויס בלוט פון זיין מויל, ער פאלט אום אין דער קרים, מען עפנט דעם מונדיר: רעכטס אפן האלז שפריצט ארויס פון דער גרויסער שלאָג-אדער דאס בלוט איבערן גרינעם גענעראל-ראק, איבער די קישנס פון אוטאמאביל.

די הערצאָגין, וואס איז געזעסן אָנגעשפארט אָן אים, אזוי ווי זי וואלט געזוכט זיך צו באהאלטן בא אים, איז אין חלשות, נאָר קיין וואונד זעט מען ניט. מען פאָרט צום רעגירונגס-בנין. מען טראגט זיי ארוף אין א צימער נעבן זאל, וואו עס ווערן געקילט די שאמפאַניער-פלאשן, דאָקטוירים געפינען, אז זי איז צעשאסן אין אונטער-לייב, ער געטראָפן אין שלאָג-אדער. אַ פראנציסקאנער גיט זיי ביידן צוזאַמען די לעצטע ברכה, דערנאָך קומט דער ארציביסקופ, וואס האט אים געהאט געווארנט. אין אַ פערטל שעה אַרום איז ער טויט, ערצהערצאָג פראנץ פער-דינאַנד פון עסטרייך-עסטע, יורש עצר אין דער האַבסבורגער מאָנאַרכיע, עטלעכע מינוטן פאר אים סאָפיע, גרעפין כאָטעק, הערצאָגין פון האָהענבורג. דער איינציקער מענטש, וואָס אים האָט דער מיזאנטראָפּ אָנערקענט און גראָד פון איר האָבן זיך

די אַנדערע געהאַט אָפּגעקערט. זײַנע לעצטע קרעכצן זײַנען אפשר געווען געווענדט צו איר, אירע צו אים. קיינער האָט זי נים פאַרשטאַנען. קיינער קלאָגט ניט נאָך אים. נאָר די קינדער וויינען אין שלאָס בעלוועדער.

בינתים האָט דער המון געהאַט געכאַפּט דעם מערדער. האַסטיק האָט ער אַראָפּגעשלונגען ציאַן־קאַלי, אָבער באַלד עס אויסגעבראָכן. ער איז אַ גימנאזיסט, ניינצן יאָר אַלט, סערב לויט זיין נאַציע, עסטרייכישער אונטערטאַן, טאָפּל סימבאָליש איז זיין נאָמען. גבריאל פּרינציפּ. „אָנזאָגער?“ פאַר וואס אָנזאָגער? און אָנזאָגער פון וואָסער פּרינציפּ?

*

מיט דריי שעה שפּעטער האָט אין קילער בוכטע א מאָ־טאָר־שיפל געגענט צו דער קייזערלעכער יאַכטע „האָהענצאָלערן“. קיסר ווילהעלם, ווי דער אַדמיראל, איז געשטאַנען אַפן דעק אונ־טער זון־זעגל און האָט געפירט דעם שווים־פארמעסט. האָט ער געווענדט זיין בליק עטוואס קיין מיזרח, האָט ער געזען א פּאָר שווארצע שיפן ווארפן זייער שאָטן־פילועט פאַר דער זון, זי האָבן געטראָגן דעם ענגלישן ים־פלאג, אויך טשערטשיל, דער פלאט מיניסטער. האָט געוואלט קומען מיט די דאָזיקע ענגלישע שיפן, וואָס זינט 19 יאָר זיינען זיי צום ערשטן מאל ווידער גע־קומען צו דער קילער יאָך. נאָר דער אדמיראל טירפּיץ האָט נים געוואלט „זיך זעצן בא איין טיש מיטן דאָזיקן אוואנטיוריסט“. קיסר ווילהעלם האָט דעם ענגלענדער ניט געזשאַלעוועט. פאר אים איז שוין געווען געננוג, וואס זיין אמבאסאדאָר האָט אָנדער־ציילט נעכטן פון ענגלאַנדס ליבע צו שלום. בריאַן, יאָ אף אים האָט ער זיך געריכט, מיטן דאָזיקן בירגער פון פאַריז וואָלט ער גערן אַ שמועס געטאָן, דורכן פירשט פון מאָנאקא האָט ער אים געהאַט איינגעלאַדן, יענער אָבער איז נים געקומען, וואס איז די מעשה?

פארזיכט, אומצוטרוי צווישן די דריי לענדער. דער קליינער איטאַליענער האַלט זיך אליין מער פון דער וויטנס, צי קאָן מען זיך נאָך אף עמיצן פאַרלאָזן, חוץ אף דעם אלטן אין ווין?

איצט איז דאָס מאַטאָר־שיפל צוגעפאָרן צו דער וואנט פון שיף, מען ווינקט ארוף. דער קיסר ווינקט אפ: מען זאָל אים לאָזן צו רו. נאָר דער אפיצער אין שיפל לאָזט נים אָפּ, האַלט אין האַנט הויך א דעפּעשע, לייגט זי אריין אין אַ ביטל, ווארפט זי ארויף איבערן באָרט, דער ארדאנאנס הויבט זי אויף, שטייט אויסגעצויגן פאַר זיין מאיעסטעט. דער קיסר לייענט, וואָס עס איז אָקאָרשט געשען אין סאראַיעוואָ. ער בייסט די ליפּן, דערנאָך זאָגט ער: „איצט מוז איך אנהייבן פון פאָרנט", די פארמעסטונג ווערט איבערגעריסן. די קילער וואָך איז אויס. אפן דעק גייט דער קיסר אהין און צוריק, אפשר טראַכט ער:

— מערדערס! מיר זיינען די דאָזיקע סערבישע הזרים שטענדיק געווען דערווידער. קיין רעליגיע נים אין האַרצן! ווי האָט יענער פּעטער אויסגעזען, דעמאלט אז איך האָב געהאט דעם כבוד! דורך מאָרד געקומען אָפן טראָן, קאָן מען נים אנט־וויקלען קיין געפיל פאַר א געטלעכער שליחות! בא אונז קאָן דאָס פּשוט נים געמאָלט זיין!... איצט קומט, הייסט דאס, די צייט פארן קליינעם קאַרל. לחלוטין א נול, אבער שטריינג לעגיטים, אים איז שווער צו נעמען מים גוטע ריידעלעך. חען מען האָט די גוטע דיקע כאָטעק געפירט צום טיש, האט מען בא פראנצן נעקאָנט אלצדינג פּועלן... מען וועט מוזן צופארן קיין ווין. אָבער ווי וועלן זיי דאָרט באַגראָבן? אין קבר פון די קיסרים קאָן זי בשום אופן נים אריין! דער אַלטער האָט סיי ווי סיי אים נים געקאָנט ליידן. — בעצם איז ער געווען א גאַנץ פיינער יונג. פינף טויזנט הירשן ביז מיטן פון די פערציקער: דאָס איז עפּעס אן אופטו! נאָר גאָר קיין זין נים פאַר עפּעס העכערס, מוזיק און פּאָעזיע, די העכסטע רייכטימער דעם מענטשנס, האָבן אים גענודיעט. העכסטנס אנטיק־זאַכן. ליידער אויך קיין שפראכן נים, טיילמאלס פלוצים שטיל, אַז עס האָט געקאָנט אָנכאַפּן אַן אימה... צי די ווינער וועלן אָננעמען שרים, וויל דער חברה־מאַן איז א סערב? בשום אופן, די דאָזיקע העלדן האָבן שטענדיק מורא... טעלעגראַמס!

און ער שרייבט: „מיט טיפער צערודערונג האָב איך גע־קראָגן די בשורה פון שענדלעכן מאָרד"...

*

ווי איז דאָס געווען מעגלעך! רופט אייראָפּע, אַז אך און אַז ווי צו די וואָס טראָגן די אחריות! זיי וועלן שוין מוזן ענטפערן.

חידושדיקע זאַכן ווערן געטאָן, חידושדיק וואס עס ווערט ניט געטאָן. עטלעכע טעג געדויערט די אויספאָרשונג, זי גייט צו מאָדנע בסוד. צי זאָל דאָ עמיצער פאַרשווינט ווערן? וואס וועט געשען מיט פּאָטיארעקן, דעם גובערנאַטאָר, וואס איז ערב געווען פאר דער זיכערקייט און האָט אפילו נאָכן ערשטן שאָס נאָך געמאַכט א פּנים פון פאראיבל? וואָס האָט צווישן די געשלעגן ניט געשיקט קיין מיליטער צו באשיצן זיין האר? וואָס האָט אין קריטישן אָרט, וואו קיינער קאן ניט פאָרן גיך, געכאַפּט דעם פאַלשן וועג, אים פאררוכט, וואָס איז געפאָרן הינטערווײַלעכס און גאָר ניט באַמערקט, ווי דער האַר און די האַרינטע זיינען שוין לאַנג אָפּגעלאָפן מיט בלוט? פאַרטיידיקן אמת, האָט ער זיך ניט געקאָנט, טשעפּעט מען אים גלייכער גאָר ניט.

וואָס האָט אויסצוזאָגן דער שעף פון דער פּאָרוואַלטונג? פאָן בילינסקי, וואס האָט קענטיק מער געוואוסט, איידער עס איז געווען ניחא דעם ערצהערצאָג? און צי ווערט ניט אויסגעפאָרשט קרימינעל זיין פּאָליציי־שעף, וואס זיינע מענטשן האָבן אף דער גאַס, וואו דער ערצהערצאָג איז געפאָרן, געלאָזן שטיין „זעקס אָדער זיבן" זיי באַקאַנטע געשטאַלטן מיט באָמבעס און רע־וואָלווערן, פאַר דער ערשטער באָמבע און נאָכדעם? קיין איין פּאָליציסט ווערט ניט פאַרנומען. צי שטעקן הינטער דעם שטאַר־קערע כחות?

דער שטאָט־הויפּטמאַן פון אגראם האָט שפּעטער — ניט פאַרן געריכט, בכן איז דאָ שווער צו דערגיין דעם אמת — דערציילט בסוד זיינע גוטע פריינט: אָנהייב יוני האָט ער גע־קראָגן פון בעלגראד אן אַנאָנימע מסירה, וואו עס זיינען געשטא־

נען די נעמען פון די שפעטערדיקע אָנפאַלער. ער האָט דאָס איבערגעגעבן דער קראָאַטישער רעגירונג, יענע דער אונגאַרישער. נאָר קיין ענטפער איז נים געקומען פון בודאַפעשט קיין אגראם, און אַזוי האָט קיינער ניט געהאַט קיין רעכט אופצופאסן די אָנ=געמערקטע מערדער, בעת זיי זיינען באמת טאקע אריבער דעם גרענעץ. דערוייל קומט אין פּאָליציי דער אגראַמער יוריסט ד"ר גאַליאַרדי און דערציילט דאָס נעמלעכע. אויך אף דעם דאָזיקן פּראָטאָקאָל לאָזט די אונגאַרישע רעגירונג זיך ניט הערן.

אָבער אין דער זעלביקער צייט, וואָס מען שווייגט אַזוי ברי=דערלעך די הײמישע, דאָס הייסט, זיי שווייגן זיך איינס דאָס אַנדערע, בלייבט גאָר דער כעס און גרימצאָרן געווענדט קעגן די סערבן, וואָס זיי ווי אַ נאציע טראָגן כלומרשט די שולד אין דעם מאָרד. וואָלט מען כאָטש געפינען די פעדים ביז בעלגראד! אַזוי האָפט מען אין ווין. וואָלט כאָטש איין סערבישער מיניסטער זיין פארמישט: דעמאָלט וואָלט מען געקאָנט נעמען זיך צו זיי! געפינט ארויס וואָס איר קאָנט! זאָגט מען אָן דעם הער פאָן וויזנער, וואָס פאָרט האַסטיק פון ווין, כדי אויסצופאָרשן אפן ארט דעם ענין, מאטעריאל קעגן דער סערבישער רעגירונג!

יענער זוכט און נישטערט, וויפיל ער קאָן; אָבער נאָך פערצן טעג קאָן ער ווי אַן ערלעכער מאַן טעלעגראַפירן קיין ווין נאָר אָט דאָס. ערשטנס: „מאַטעריאַל פון דער צייט פאַר דעם אַטענטאַט גיט ניט קיין אָנהאַלט, אַז די סערבישע רעגירונג האָט געשטיצט די פּראָפּאַגאַנדע. דערפאר, אַז די באַוועגונג איז גע=שפייזט געוואָרן פון סערביען דורך פאראיינען, אָן שטערונג מצד דער סערבישער רעגירונג, איז פאַראַן קנאַפּ מאַטעריאַל, אָבער גענוג". צווייטנס: „אַז די סערבישע רעגירונג זאָל זיין באַטייליקט אין אָנשטעלן דעם אַטענטאַט אָדער צוגרייטן אים און צושטעלן געווער, איז דורך גאָרנישט ניט דערוויזן... עס איז פאַרקערט פאַראַן אַ יסוד אָנצונעמען, אַז דאָס איז אויסגעשלאָסן." דריטנס: „אַז די באָמבעס שטאַמען פון סערבישן אַרמיי=מאַגאַזין, איז אָביעקטיוו דערוויזן, אָבער ניטאָ קיין ראיות דערפאר, אז זיי זיינען ערשט איצט צוליב דעם ארויסגענומען געוואָרן פון מאַגאַזין,

ווייל עס איז מעגלעך, אַז זיי שטאַמען פון די אָנגעגרייטע בא די
קאָמיטאַדזשים אין צייט פון דער מלחמה. די איבעריקע אויספאָר־
שונגען מכח דעם אטענטאַט לאָזן זען די ארגאַניזירונג פון דער
פּראָפּאַגאַנדע פון נאַראָדנאַ אָדבּראַנאַ. דאָ איז פאַראַן וויכטיקער
מאַטעריאַל, אָבער נאָך ניט קאָנטראָלירט; אויספאָרשונגען ווערן
ווייטער געפירט". דער באַריכט רופט אָן די איינציקע וואָס זיינען
כמעט זיכער פאַרמישט: סערבישע גרענעץ־ און צאָל־באַאַמטע, א
סערבישן מאַיאָר און א באָסנישן אייזנבאַנער.

פאַר קיין פּאָליטישע רעזולטאַטן איז, בכן, ניטאָ וואס מורא
צו האָבן: מען קאָן באַשולדיקן קראָאַטן און אונגאַרן, אבער סערבן
העכער געשטעלטע ניט.

בינו לבינו האָט מען פאַרהערט די מערדערס. דער איינער
צאַברינאָוויטש, א זון פון אַן עסטרייכער אין סאַראַיעוואָ, איז געווען
דער אנפירער, ער האָט דעם אינגערן חבר אנגעלערנט, אריבער־
געשמוגלט דאָס געווער איבערן גרענעץ. מיט נאָך א סך אַנ־
דערע האָבן זיי אין בעלגראַד זיך צונויפגערעדט צו טויטן דעם
יורש עצר.

איז דער טאָג ניט געווען פאַר זיי אַן אָנלערעניש? דאָס איז
געווען דער טאָג, ווען זייערע עלטער־עלטער זיידעס זיינען גע־
שלאָגן געוואָרן פון די טערקן, אָבער צוגלייך האָט דער יונגער
מילאָש אָבּיליטש דערהרגעט דעם זיגער מוראד און איז געוואָרן
דער העלד פון דער נאציע, אַזוי אַז נאָך היינט קלינגט מילאשס
נאָמען אין די פאָלקס־געזאַנגען. ווערן א צווייטער מילאָש — און
זאָל דאָס קאָסטן דאָס לעבן!

פּרינציפּ איז זינט פיר יאר געווען א גימנאַזיסט אין בעל־
גראַד, שפּעטער אַן איינגייער אין די נאַציאָנאַלע פאַראיינען, איז
אויסגעוואַקסן אין גרויס־סערבישע אידייען. פאַרן געריכט האָט
דער יונגער מענטש מיט די טונקעלע, ענערגישע שטריכן דער־
קלערט:

„דעם ערצהערצאָג האָב איך געהאַלטן פאַר אונזער ערגסטן
שונא: ער האָט געוואָלט שטערן דער פאַראייניקונג פון די דרום־
סלאַוון!" דערפאַר האָט ער באַשלאָסן אים צו טויטן און אויך זיך

בכדי אַלץ זאל בלײבן א סוד. איטלעכן, װאס װערט ארײנגעצויגן, פארטײדיקט ער, זאָגט קײן נעמען ניט אויס, בכדי צו שיצן אַנדערע, האָט קײן מאָל קײן טובת הנאה ניט געהאַט פון זײן געדאַנק: פרײװיליק האָט ער געװאלט מקריב זײן זײן לעבן פארן העכסטן פארלאנג פון זײן פאָלק. ער װערט פארמשפּט צו 20 יאר תפיסה. נאָך דרײ יאָר זיצן אין א פינסטערן קעלער גײט ער אויס. דרײ אַנדערע װערן געטויט.

אבער װיזנערס באַריכט באַהאַלט מען פאר דער עפנטלעכקײט, מען באַװײזט עס אפילו ניט דער דײטשער רעגירונג: די סערבישע רעגירונג מוז בלײבן שולדיק.

## צװײטער קאפּיטל.

## די קריגס־גראַפן.

טיף פארזונקען אין לען־שטולן, שלאנקע פיס הויך פארװאָרפן איבער אנאנד, אין בויגעװדיק העל־גראָען טוך: אזױ זיצן צװײ גראפן אין די מיטעלע יאָרן אין גאָלד־רויטן קאבינעט פון װינער מיניסטער פאר אויסװײניקסטע ענינים. דורך די הויכע אָפענע פענסטער שפּאַרט ארײן דער ריח פון לינדן־בליטן. אָנהײב יולי נאָך אין װין? האָבן זײ װאָסערע פּאָליטישע ענינים? יאָ, זײ באַטראכטן די פראגע, צי מעג מען גײן אויך אין געלער טשע־טשו־טשאַ אָדער מען מוז דוקא טראָגן גראָ, הויפּישער טרויער זומער־צײט איז שטענדיק שװער, און דער שװארצער פלאָר, װאָס זײ טראָגן אפן לינקען אַרבל, װאָלט צוזאמען מיטן געל געװירקט צו פיל עסטרײכיש־נאַציאָנאַל. אין אָט דעם אײנגעהאַלטענעם שמועס איבער טואלעט־פראגן סבארען זײ זיך צו מאכן אײנער אפן אַנדערן דעם רושם פון א מרה־שחורהדיקער שטימונג. אין דער אמתן אָבער זײנען זײ דורך דער געשעעניש אין סאראיעװאָ פרײלעך אויפגעלײגט.

דער נאָמען פון די דאָזיקע קאַװאַלערן? זײ זײנען לאנג, און די געשיכטע װעט זײ אָנרופן נאָר בערכטהאָלד און פאָר־

גאטש. היות אָבער מיר באטראכטן זיי אין זייער היסטאָרישן מאָמענט, פאַרלאַנגט פון אונז היסטאָרישע פּינקטלעכקייט, מיר זאָלן זיי פאָרשטעלן. לעאָפּאָלד גראַף בערכטהאָלד, מיניסטער פאַר אויסווייניקסטע ענינים: אָוואַלער קאָפּ, עטוואָס שפּיציקע געמבע, פיינע נאָז, איינגעמידטע אויגן, פרי אָן האָר, קורץ געשאָרענע וואָנסעס ארום דעם בעל־תּאוזהדיק ווייכן מויל, ציניש בלאַזירט. איינער פון די עלעגאַנטסטע קאַוואַלערן פון ווין. אויבנאויפיק אין דיינקען, לייכטזיניק אין טאָן, אומזיכער באַם באַשליסן, מיטן אויסדרוק פון איבערגעזעטיקטן וועלט־ און ספּאָרט־מענטש. וואָס איז מער א בלען צו האָדעווען פערד צום וועט־געלאַף און מלחמה, איידער אליין צו רייטן אף זיי, וואָס האָט בכלל מער פון אלץ חשק צו רעגירן די וועלט פון אויבן אראָפּ.

דער צווייטער זעט אויס מענלעכער. א טיפּ פון א הוסאַרן־ריטמייסטער, ברונעט, מאַדיאַר. גראַף פאָרגאַטש, ביז פאַר קורצן אַמבאַסאַדאָר פון דער מאָנאַרכיע אין בעלגראַד, וואו ער איז אריינגעפאַלן מיט די געפעלשטע דאָקומענטן, וואָס עסטרייך האָט דורך זיי געוואָלט אויסשפּילן קעגן אירע קראָאַטן. בכן, געניט גענוג אין דיפּלאָמאַטישן דינסט, בכדי צו זיין וויצע־מיניסטער בא זיין גוטן פריינט, צוגלייך בשתיקה ספּעציעלער פאַרטרעטער פון אונגאַרן בא גראַף בערכטהאָלד. ער איז דאָס, וואָס זינט דריי יאָר מונטערט ער כּסדר דעם איינגעמידטן מיניסטער: עס מוז עפּעס געשען.

פאַראיאָרן — צווישן אונז גערעדט, א גרויסער דורכפאַל בערכטהאָלדס, אָט די מפּלה: דער שלום פון בוקארעשט מוז פאַריכט ווערן: דאָס איז דעם גראַפס הויפּט־געדאַנק. דעמאָלט זיינען אויסגעוואַקסן דאָס לאַנד און די מאַכט פון דריי באַלקאַן־מלוכות, בפרט פון סערביען. פאַר די מיליטער־לייט האָט מען זיך געמאַכט לעכערלעך. זיי האָבן צוויי מאָל אומזיסט זיך מאָבי־ליזירט; וויל מען זיך נאָך האַלטן אפן פאָסטן, מוז ניט אנדערש געמאַכט ווערן א רעוויזיע. פאַראיאָרן האָט בולגאַריען געהאַט צוגעזאָגט סערביען הילף אויך קעגן אונז, הגם מיר האָבן אומע־טום געשטיצט די פרייהייט פון בולגאַריען. דעמאָלט האָט בער־

לין געשטיצט קענן אונז ביידע ניט־סלאווישע מלוכות, רומעניען און גריכנלאנד. צוויי שווערע מפלות פאר א מיניסטער!

איצט איז דער מאָמענט זיך אָפּצורעכענען! קיין ניי שלאָג־וואָרט באדארף מען ניט, גענוג דאָס אַלטע גאָלדענע וואָרט פרעסטיזש. צי שטייען ניט סיי ווי סיי הינטער דער אידישער פרעסע נאָר דעמאָקראטן, קעגנער פון די סערבן? און אויב דעם יורש־עצר האָט קיין בירגער ניט געקאָנט ליידן, חוץ אפשר טיראָל, וואו דעם פויפס' ברכה האָט אים געמאַכט פּאָפּולער, וועט מען דאָך גרינג קאָנען אָנשטעלן דעם געשריי פון באליידיקטן פאָלק: דער פרעסטיזש פון עסטרייך איז אין סכנה אונטער די סערבן די מערדערס! אזוי וועט ווין ווערן געפעסטיקט, איזוואָלסקי סקריעט מיט די ציין, סאַן דזשוליאַנאָ פייפט אונטער א ביסל, און די בערלינער, וואָס האַלטן אונז אַלע מאָל פאַר נעבאכעס, וועלן אויפרייסן דעם מויל.

אַלע טאָג וואקסן די אינעווייניקסטע סכנות: אין אלע עקן און קאנטן פּחדנות, שנאה, ליידנשאַפּט, אָבסטרוקציע, שפּראך־צעמישונג. באַאַמטע וואָס טוען גאָרנישט. פארלאמענטאריער אָן מוט. הינטער דער דינער אינטעליגענץ אין די מאָדערנע גרויסע שטעט א ריזיקע מאסע פּויערים, וואָס קאָנען ניט לייענען און שרייבן, צוגעקלעפּט צו זייער שטיקל ערד, וואָס אין זיבנבירגן גייען זיי נאָך אַף געיעג אף בערן אָדער אין צפון־טשעכיע שטעלן זיי צו אַרבעטער פאר די פאבריקן. קראַטאַרזש וועט נאָר דער־שפּירן, אַז די מאָנאַרכיע לעבט, אויב זי וועט באווייזן איר כח. אָבער מאָבּיליזירן א דריט מאָל און דערנאָך ניט אָנפאלן אפן שונא? דעמאָלט נעמט דאָס שיסן אינעווייניק, און מיר האָבּן רע־וואָלוציע. בכן, אויס מיט דיפּלאָמאַטישע נצחונות! איטלעכע דער־נידעריקונג מאַכט די דאָזיקע סערבישע חזירים נאָך חוצפּהדיקער. אָדער מיר נעמען בא זיי צו זייערע חזירים, אָדער קלעפּ! זינט בוקאַרעשט איז אין באָסניע, וואָס איז אף העלפט סערביש, ניט צו אָטעמען. די רומענער דארף מען האלטן נייטראל, פערדי־נאַנד פאוואָליע אריבערציען, אף וויפיל בערלין. —

בערלין! ווען קומט ווידער אזא געלעגנהייט! מאָרד פון א

פירשט ווירקט אף ווילהעלמען אווטאָמאַטיש: שטראָף־עקספּעדיציע ווי קעגן כינע, פאַרשווערונג קעגן האַבסבורג, געפאַנצערטע פויסט, בלישטשענדיק געווער! בכן, גרויסער טאַרעראַם: אייגנהאַנטיקער בריוו פון אַלטן. וועמען שיקט מען קיין פּאָטסדאַם? אפשר דעם קליינעם האָיאָס, אים האָבן זיי דאָרט ליב, און ער פּאַסט אויך, אַז דער אַלטער סעגיענער זאָל ניט פּלאַפּלען קיין נאַרישקייט. אָבער ווי צום מען אַריין דעם אַלטן אין עסק? סוף כל סוף גייט עס דאָך אין זיין נאָמען, און אַז עס הייבט אָן פּלוצים צו שיטן, דערשרעקט ער זיך אף טויט. דעמאָלט קומט דער קליינער צום וואָרט, און מיר זיינען אויס. וואָס באַדאַרף מען פאָדערן אין בערלין? אַלגעמיינע בינדונג אף אַלע פאַלן: וועלן זיי דערויף זיך אַריינלאָזן? דאָרט איז אַלץ מעגלעך. מיט אַזאַ צוזאָג אין קעשענע וואָלט מען געקאָנט אַרויסטרעטן אָן שהיות. העצנדאָרף וואַרט דערויף זינט פינף יאָר און קראָבאַטין זינט דריי. „מיט סערביען", האָט ער נעכטן געזאָגט, „קאָן מען מאַכן אַ סוף אין פיר וואָכן". אף דער גיך, איידער רוסלאַנד וויים, וואָס עס טוט זיך מיט איר ליבן זון. אגב, אָטעמען אַלע אויף, וואָס ווילהעלם קומט ניט צו דער קבורה: זיסט וואָלטן ביידע אַלגענעדיקסטע זיך ווידער גע־האַט אַרומגענומען מיט שלום־טרערן. אַלע זיינען פול מיט ווילן צום קאַמף, טייל האַלטן אפילו פאַר מעגלעך, עס זאָל בלייבן לאָקאַליזירט.

סכנות? צי האָט ניט דער רוס געשוויגן פאַר פינף יאָרן, בעת ערנטאַל האָט צוגענומען ביידע פּראָווינצן? דער גרויסער רוס וויל צום דרומדיקן אָפענעם ים און האָט דאָס גלייכע רעכט דערויף, ווי דער קליינער סערב: איז דאָס אונזער היסטאָרישע מיסיע ביידן ניט צוצולאָזן. ווילן זיי דאָס פּאָרט, ווי קאָן מען האַלטן שלום? קומט דער צונויפשטויס באַלד, איז פאַר אונז אודאי גוט. בכלל גערעדט, איז פּאַשוטש, אָט דער גנב און גזלן, בעצם גאָר קיין קעגנער ניט, וואָס צוליב אים באַדאַרף מען דאָס מקריב זיין דעם זומער־אָפּרו. אָבער דער גרויסער קאַמף קעגן רוסלאַנד, דער שענסטער ציל, וואָס אפילו ערנטאַל האָט אים ניט דערגרייכט! אין צוויי יאָר צייט איז דער רוס פאַרטיק

מיט זיינע באַנען. ווער זיכערט אונז דעם אָרט אין צוויי יאָר ארום? גיך! הייבן מיר אָן מיטן אייגנהאנטיקן בריוו פאר אונזער אַלגענעדיקסטן האר!

עטוואָס שפּעטער האָט גראַף בערכטהאָלד געשריבן צו זיין אמבאסאדאָר אין רוים, אז דורכצוגיין אלע מעגלעכקייטן פון די נאָענטסטע עטלעכע וואָכן הייסט מאכן א שפּאציר דורך א לאַ־בירינט. „דערוויל האָב איך דעם געפיל, אז די השגחה האָט מיך אויסגעקליבן צו זיין איינער פון יענע מיניסטאָרן, וואָס האָבן געוואָלט פירן שלום־פּאָליטיק און האָבן געמוזט פירן קריגס־פּאָליטיק"...

*

גראַף טיסא איז קעגן.

דער בעסטער קאָפּ אין לאנד, צוגלייך דער מעכטיקסטער, איז קעגן דעם סערבישן קריג, וואָס די צוויי אנדערע גראַפן האָבן אויסגעקלערט. וועט ער מיט זיין מעכטיקן וואָרט ניט צולאָזן דערצו? צי האָט דער שכל טאקע זיך באַהעפט צו אָט דעם אָדערדיקן אונגאַר? איז דאָס אן ערנסטער איראָפּייער, וואָס פאר־שטייט די שרעקלעכע אחריות און וויל דעם קריג אויסמיידן אף יעדן פאל, ווייל מען מוז אים אויסמיידן?

ער זעט ניט אויס ווי א פּאַציפיסט. דער בעסטער פעכטער און רעדנער וויט און בריים, מוטיק, אויסגעהאלטן, באהאלט אונטער א שטילן זשעסט דעם ווילן צו מאכט. ניט לאָיאל קעגן עסטרייך, בעצם מעמפּ פאר אלץ וואָס איז ניט אונגאַרן: אין דעם געביט אָבער מלוכה־מאַן און מענטשן־קענער, שטענדיק באַ־וועגלעך, קיין מאָל ניט פארמאטערט, אומעטום, וואו ער מישט זיך אריין, דער ערשטער. דערביי זעט ער אויס ווי א שול־לערער אין זיין אלט־מאָדישן הילוך. מיט זיין לאנגען שווייגן, זיינע גיכע עפּיגראמאטישע רעדעס, פלינק מיטן גוף און נשמה, האָט ער עפּעס פון א העלד פון א ראָמאן פון עלטערן סטיל און ווירקט אף אינטערעסאנטע פרויען.

סטעפאן גראַף טיסא האָט געהאט געמישטע געפילן, אַז דער טעלעגראַף האָט אים געמאָלדן וועגן טויט פון פראנץ

פערדינאנד דעם שונא פון אונגארן. איצט איז שוין מער ניט גע־
זוען די סכנה פון גלייכן וואל־רעכט, וואָס דורך דעם האָט דער
קרוין־יורש געוואָלט ברעכן די איבערהערשאפט פון די מאַדיאַרן
איבער זאַקסן, רומענער, קראָאַטן, סלאָוואקן, איצט איז צערונען
געוואָרן דער „טריאליזם״, א זעלבשטענדיקע יוגאָסלאוויע: אלץ
דורך איין שאָס. צי האָט גראף טיסא אין דער ערשטער פערטל
שעה באַדאַרפט זיין זייער אומגליקלעך?

אין דער צווייטער איז באם פּאָליטיקער אויפגעקומען די
דאגה: צי וועט בערכטהאָלד ניט אויסנוצן דעם אויסרייד, בכדי,
נאָך אזוי פיל פּרואוון, זיך ארופצוואווארפן אף סערביען? וועט
פאָרגאַטש זיך ניט לאָזן איינריידן פון זיינע ווינער גוטע פריינט?
ניטאָ פאר טיסאַ קיין געפערלעכערע זאך ווי א ניצחון איבער סער־
ביען: דעמאָלט קומען צו אין דער מאָנארכיע פרישע מיליאָנען
סלאַוון, און עס וועט געשטערט ווערן דער הייליקער גרונט־
געזעץ וועגן גלייכוואָג צווישן אונגארן און עסטרייך, ווייל די
לעצטע וועט ווערן שטארקער. אויך די קראָאַטן און רומענער
אין זיין לאנד וועלן ווערן אומרואיק, דאָס הייסט, עס וועט גע־
שטערט ווערן זיין גאנצע פּאָליטיק, אַז אלע מוזן זיין אונטער־
טעניק אונטער די מאדיארן.

אין ווין ווערט טיסאַ באלד געוואָר, אַז בערכטהאָלד וויל
מאקע זיך שלאָגן. באדארף מען דעם אלטן אָנסטראשען, און
טיסא שרייבט צו זיין קיסר: „אז איך קאָן ניט מסכים זיין מיט
גראף בערכטהאָלדס פּלאן צו מאכן דעם פארברעך אין סאַראַיעוואָ
פאר אן אויסרייד זיך אָפּצורעכענען מיט סערביען. איך האָב ניט
פארהוילן פון גראף בערכטהאָלד, אז איך האלט דאָס פאר א
געפערלעכן טעות און איך וועל בשום אופן ניט נעמען אף זיך
די אחריות דערפאר. ערשטנס, האָבן מיר ביז איצט ניט קיין
גענוגע ראיות, צו באשולדיקן סערביען און צו פּראָוואָצירן א
קריג קעגן דער דאָזיקער מלוכה, אפילו אויב די סערבישע רע־
גירונג וועט געבן באפרידיקנדיקע דערקלערונגען. מיר וואָלטן גע־
האט דעם ערגסטן שטאנד, וואָס מען קאָן זיך נאָר אויסקלערן,
די גאנצע וועלט וואָלט אונז באטראכט ווי די שטערער פון

שלום, און מיר וואָלטן פאנאנדערגעבלאָזן א גרויסע מלחמה בא די אומגינסטיקסטע תנאים. צווייטנס האלט איך דעם דאָזיקן מאָמענט סתם פאר אומגינסטיק, בעת מיר האָבן רומעניען כמעט ווי פארלאָרן, און בולגאריען, די איינציקע מלוכה, וואָס אף איר קאָנען מיר זיך פארלאָזן ליגט אָן כחות. בא דער איצטיקער לאגע אפן באַלקאַן וואָלט דאָס געווען מיין קלענסטער צער, צו געפינען א סיבה צו קריג". און ער עצהט ניט אנדערש צו מאכן גוט־פריינט דייטשלאנד מיט בולגאריע, אויסצונוצן דעם באַזוך פון דייטשן קיסר, "כדי צו באקעמפן די צוגענויגטקייט פונם דאָזיקן הויכן האַר צו סערביען דורך דעם אָנווייז אף די לעצטע פארברעכערישע געשעענישן און צו פועלן בא אים, ער זאָל ענערגיש אונטערשטיצן אונזער באלקאן־פאָליטיק".

א קליין מייסטער־שטיק אָט דער בריוו. אויב ער סטראַשעט גאנץ דייטלעך מיט דעמיסיע, סטראשעט ער אויך ווי דער אונגארישער דיקטאטאָר מיטן וועטאָ פון אונגארן. מען זעט, טיסא האָט דעם באשלוס אין זיינע הענט. וועט ער בלייבן פעסט?

*

אין זיין אישלער ווילע, געקומען האסטיק צוריק פון דעם באַגרעבעניש־פּאַראַד, זיצט דער אַלטער קיסר אין יעגער־ראָק פארן בריוו, וואָס עס האָט פאר אים צוגעגרייט בערכטהאָלד, זיין אויסערן־מיניסטר. אויב לאנגע געניטשאפט קאָן מאכן צום פּאָליטיקער, האָט פראנץ יאָזעף אין דער עלטער באדארפט זיין קליגער, ווי אין די יונגע יאָרן, דאָס, וואָס ער וויל מער ניט קיין קריג, נאָכדעם ווי ער האָט אלע זיינע מלחמות פארלאָרן, באטייט נאָך ניט, אז ער איז א פאציפיסט. און ניט געקוקט אף גאָר דער שפאנישער איזאָלירונג, וואָס דורך איר האָט דער לעצטער קיסר אין דער געשיכטע ארומגערינגלט זיין גדולה, האָט ער דאָך אָן אויער צו פארנעמען, וואָס זיינע לייט ריידן, שפירט און האלט אין זינען, וואָס עס ווילן אָפיצערן און באאמטע, דייטשע און אונגארישע, די לעצטע אונטערשטיצן פון זיין קונציק געבויטן טראָן. דעם פלימעניקס טויט רירט זיין הארץ ניט אָן,

ער האָט אים קיין מאָל ניט געקאָנט ליידן, נאָר איבער זיין אוממעגלעכן שידוך האָט ער אים אזוי פיינט געקראָגן, אז בעת עס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דעם טויט פון פאָר־פּאָלק, האָט ער קיין אַנדער זאַך ניט געזען ווי גאָטס משפּט און האָט געזאָגט צו זיין אַדיוטאנט: „דער אַלמעכטיקער לאָזט זיך ניט רייצן!" דריי טעג נאָך אָט דעם אַכזריותדיקן שפּראָך באקלערט ער א פלאן פון א הירש־געיעג, וואָס איז דאָך נאָך אלע זיינע אָנווערן געבליבן דער איינציקער תענוג פון זיין לעבן. ווער עס וועט רעגירן נאָך אים, אַרט אים ווינציק: ער שפּירט מסתמא, אַז די דאָזיקע אימפּעריע וואָלט שוין לאנג צעפאלן געוואָרן, אויב ניט די יראת הכבוד פאר זיין עלטער, וואָס האלט איין אַלעמען.

פונדעסטוועגן טאָר מען ניט ווערן מיד, מען מוז געבן אַכט. וואָס עס רירט זיך אינעווייניק, און אויב עס איז נויטיק, מוז מען זוכן צו פארדעקן די אינעווייניקסטע סכנה דורך דער אויסווייניקסטער. מיט א פּאָר טעג צוריק האָט ער דאָס געזאָגט דעם דייטשן אַמבאַסאדאָר, וואָס איז געקומען צו בעטן אנט־שולדיקונג, פאַרוואָס קיסר ווילהעלם איז ניט געקומען: „איך זע אייער שווארץ אין דער צוקונפט... און ווייס ניט, צי מיר וועלן נאָך לאנג קאָנען צוקוקן רואיק, און איך האָף, אז אויך אייער קיסר ווייס די סכנה, וואָס ליגט פאר דער מאָנארכיע אין דער סערבישער שכנעשאפט, באזונדערס באאומרואיקט מיך די רוסישע פּראוואָ־מאָבּיליזאציע, וואָס איז געפלאַנט פאר דעם הארבסט. דאָס הייסט גראד אין דער צייט, ווען בא אונז בייטן זיך די רעקרוטן... מיט אזעלכע פארשטאַנדיקע מענטשן ווי די הערן וויניזעלאס און שטרייט וועט מען געוויס אפן דאָזיקן גוטן וועג קומען ווייטער. הגם מיר איז קעניג פערדינאנד ניט באזונדערס ליב, נאָר בולגאַ־ריען איז פארט א גרויס לאנד און פייאיק צו היפּשער אנטוויק־לונג... איך ווייס, אז אייער קיסר האָט דעם פולן צוטרוי צו קע־ניג קאראל, איך האָב דאָס ניט... ווען מיר וואלטן נאָר געקאנט אָפּציען ענגלאַנד פון אירע גוטע פריינט פראנקרייך און רוס־לאַנד!"

איצט, זיצנדיק פאַרן דאָקומענט, וואס אנטוויקלט דעם פּלאַן קעגן סערביען, קאָן איִם קומען אין זינען נאָר שלעכטס, און דער עבר פירט איִם פון זיך אליין צו צו בערכטהאָלדס נסיונות, און טיסאַס התראות פארשטומען באלד. שוין דעמאָלט, דער לעצטער אָבּרענאָוויטש, האָט באַוויזן, אַז ער איז ניט ווערט זיין גוט־גינציקייט. יענער אלכסנדר, וואָס איז זיך באַנאנגען מיט זיין פאטער מילאַן מעשה אוממענטש און האָט דערנאָך דורך זיין חתונה מיט דער דראגאַ אָפּגעשטויסן פון זיך אלעמען. דערהרגען אַזאַ מענטשן האָט באמת גאר ניט געהייסן דערהרגען אַ קעניג.

און פונדעסטוועגן האָט דער אלטער קיסר געפּועלט בּאַ זיך איִם אופצונעמען, און בודאַפּעשט איז געווען אלץ צוגעגרייט, היינט פאר דריי יאָרן, נאר מיט א מאָל האָט דער סערבישער קעניג זיך דערשראקן און איז ניט געקומען. דאס קאָן איִם אַ האַבּס־בּורגער ניט מוחל זיין; נאָך ווינציקער די צוויי מאָבּיליזאַציעס, וואָס יענער האָט איִם געצוואונגען צו מאַכן. און איצטער נעמט אַזאַ סערב און שיסט אוועק א האַבּסבּורגער אף אן עסטרייכי־שער גאס און שיקט איִם אַוועק אף יענער וועלט אן ווידוי! ניין, בּערכטהאלד איז גערעכט — און ער חתמעט אונטער דעם פארגעלייגטן בּריוו, וואו ער שרייבּט אזוי צו קיסר ווילהעלם:

„דער אטנטאַט, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן קעגן מיין אָרימען פלימעניק, איז אַ דירעקטער פּועל־יוצא פון דער אַגיטאַ־ציע פון די רוסישע און סערבּישע פּאַנסלאַוויסטן, וואָס זייער ציל איז אָפּצושוואַכן דעם דרייבּונד און צו צעשמעטערן מיין אימפּע־ריע... די שטרעבונג פון מיין רעגירונג מוז להבא זיין געווענדט צו איזאָלירן און צו פאַרקלענערן סערבּיען... דעם שלום וועט מען קאָנען זיכערן נאָר דעמאָלט, ווען סערבּיען... וועט מער ניט זיין קיין פּאָליטישער פאַקטאָר אפן באלקאַן,... אַז עס איז ניטאָ חאָס צו קלערן וועגן שלום מאכן צווישן אונז און צווישן סערבּיען, און אז די שלום־פּאָליטיק פון אלע אייראָפּייאישע מאָנאַרכן שטייט אין סכנה, כל זמן עס בּלייבּט אומבּאשטראָפט דער דאָזיקער צענטער פון פאַרבּרעכערישער אַגיטאציע אין בּעלגראד". שנאה

צו סערביען: דאָס איז די איינציקע נאַציאָנאַלע שנאה, וואָס אַף איר קאָן זיך דער קריגס־גייסט סומך זיין אין אָנהייב קריג.

מיט אָט דעם בריוו דעם קיסרס איז פאַרטיק געוואָרן דער באַשלוס צום קריג, אזוי ווי עס האָבן אים אויסגעקלערט אין די לעצטע טעג די ביידע גראַפן און די מיליטער־לייט.

*

דעם צווייטן טאָג איז דער אַלטער גראף סעגיעני, אַן אונגאר, זינט לאנגע יאָרן אַמבאַסאַדאָר פון עסטרייך אין בערלין, איינגעלאדן אין פּאָטסדאַם צו פרישטיק, בכדי דאָרט איבערצוגעבן זיין האַרס בריוו. דער קיסר לייענט דעם לאנגען כּתב, ווייזט דערנאָך אָן אַף בעטמאַן, אז ער מוז מיט אים פריער ריידן, גייט עסן. דאָ ווערט ער צוגעלאָזט. מען רעדט פון אַ סך זאַכן, די קייזערין איז אויך דערביי.

נאָכן עסן לייענט מען דאָס אַנדערש. איצט גייט דער קיסר ארוים פון די כלים:

„רוסלאנר וועט בכל אופן זיין פיינטלעך... קומט עס צו אַ קריג צווישן עסטרייך־אונגארן און רוסלאנד, דאַרף מען אין וויין וויסן זיין, אַז דייטשלאַנד וועט שטיין געטריי זיים בא זייט מיט דער מאָנאַרכיע. רוסלאנד איז אגב נאָך ניט גרייט צום קריג... איך פאַרשטיי גאַנץ גוט, אַז דעם קיסר פראנץ יאָזעף, וואָס האָט, ווי באַוואוסט, ליב שלום, וואָלט שווער געווען אריינצומארשירן אין סערביען, אויב אָבער מען האָט אין ווין איינגעזען, אַז עס איז נויטיק אַ קריגערישע אַקציע קעגן סערביען, וואָלט איך דאָס באַדויערט, אויב עסטרייך־אונגארן וואָלט ניט אויס־גענוצט דעם איצטיקן מאָמענט, וואָס איז פאַר איר אזוי גינסטיק. וואָס איז שייך רומעניען, וועל איך שוין זאָרגן דערפאר, אַז קעניג קאַראָל זאָל זיך האַלטן קאָרעקט. צו קעניג פערדינאנד האָב איך נאָך אַלץ ניט דעם מינדסטן צוטרוי... פונדעסטוועגן וועל איך ניט זיין קעגן אַן אָפּמאַך פון דער מאָנאַרכיע מיט בולגאריען". מיט איטלעכן זאַץ ווערט דער אונגאר גליקלעכער.

אינדערהיים לאָזט ער באַלד די טייערע ווערטער שיפרירן קיין ווין.

און דאָך האָט ער געזען נאָר איין ווינקל פון ווילהעלמס נשמה: דעם קינסטלעך איינגעהאַלטענעם אריסטאָקראַט, צוערשט שטייף, דערנאָך פריי און איידל מוטיק. וואָרום נאָך איידער ווילהעלם האָט געקראָגן דעם דאָזיקן בריוו, האָט ער געהאַט געלייענט אין באַריכט פון זיין ווינער אַמבאַסאַדאָר, אַז יענער האָט די קריגערישע גראַפן ערנסט מהרה געווען. דעמאָלט האָט דער קיסר געכאַפט דעם לאַנגען בלייפעדער מיט דער קרוין און אָנגעשריבן באַם ראַנד פון אָט די פאַרשטאַנדיקע ווערטער: „ווער האָט אים דערצו געגעבן די פולמאַכט? דאָס איז זייער נאַריש! גייט אים גאָרניט אָן... דערנאָך, ווען עס גייט קרום, הייסט דאָס, אַז דייטשלאַנד האָט ניט געוואָלט!! טשירסקי זאָל אַזוי גוט זיין און אָפּשטעלן דעם אומזין! מיט די סערבן מוז מען מאַכן אַן עק, און טאַקע באַלד!... איצט אָדער קיין מאָל ניט!"

וואָס האָט אַזוי אַריינגעבראַכט אין גרימצאָרן דעם קיסר פון שלום? נאָך קיין צוויי יאָר ניט, זינט די סערבן זיינען אַריין אין אַלבאַניען, כּדי צוצוקומען צום ים, ווען האָט געוואָלט קריג. דער קיסר איז געווען קענן, ער האָט אויסגעדריקט זיינע געדאַנקען אין די ווייטערדיקע זאַצן, וואָס עס איז כּדאַי מען זאָל זיי געדיינקען:

„עסטרייך האָט אומפּאָרזיכטיקערהייט אָנגענומען אַנטקעגן די סערבישע תביעות א האַרטן, דיקטאַטאָרישן טאָן. דאָס קאָן ווירקן פּראָוואָקאַטאָריש און ברענגען צו פאַרדרייעניש. סערביען פאַרלאַנגט א צוגאַנג צום אַדריאַטישן ים מיט האַפנס, עסטרייך וויל דאָס ניט דערלאָזן. רוסלאַנד וויל, קענטיק, שטיצן די סערבישע פאָדערונגען און וואָלט מחמת דעם זיך צונויפגעשטויסן מיט עסטרייך... דעמאָלט וואָלט דייטשלאַנד לויטן אָפּמאַך באַדאַרפט העלפן עסטרייך, וואָרום ווין וועט וואָרום אָנגעפאַלן פון פּעטערבורג. דייטשלאַנד וואָלט באַדאַרפט זיך מאָביליזירן און קעמפן אויף צוויי פראָנטן... פאַריז וועט בלי ספק ווערן אונטערשטיצט פון לאָנדאָן. דייטשלאַנד וועט מוזן אַריינטרעטן אין קאַמף פאַר איר

עקסיסטענץ אַנטקעגן דריי גרויסע מלוכות. אין דעם קאַמף וועט זי מוזן אלץ איינשטעלן אין קאָן און קאָן אויך אַמאָל אונטערגיין.

„דאָס אלין איז געדרונגען דערפון, וואָס עסטרייך וויל ניט אריינלאָזן די סערבן אין אלבאניען אָדער אין דוראצאָ. עס איז קלאָר, אַז דער דאָזיקער ציל קאָן פאר דייטשלאנד ניט זיין קיין פּאַראָל פאר קאמף אף לעבן און טויט. עס איז ניטאָ קיין מעג־לעבקייט מיט איין לאָזונג אָנצופייערן די דייטשע נאציע פאר א קריג, וואָס ווערט געפירט איבער אַזעלכע טעמים, און קיינער קאָן דאָס ניט פאַרענטפערן מיט זיין געוויסן פאר גאָט און פאר זיין פאָלק, איינצושטעלן אין קאָן איבער אַזאַ טעם די עקסיסטענץ פון דייטשלאנד.

„עס וואָלט ווייט אריבער די גרענעצן פון אן אָפּמאך.... אויב מען וואָלט די דייטשע ארמיי און דאָס דייטשע פאָלק די־רעקט שטעלן אין דינסט פון די קאפריזן פון דער אויסוויינקסטער פּאָליטיק פון א פרייַמדער מלוכה און דאָס כלומרשט האַלטן גרייט דערצו! דער אָפּמאך פון דרייבונד זיכערט נאָר קעגנזייטיק דעם איצטיקן באשטאנד פון די דריי מלוכות. ער איז אָבער ניט מחייב מיטצוגיין אָן טענות און סכסוכים איבער פרעמדע לענדער! דער אָפּמאַך איז אוודאי מחייב צו העלפן עסטרייך, אויב רוס־לאנד פאלט אף איר אָן, אָבער נאָר דעמאָלט, ווען עסטרייך האָט ניט פּראָוואָצירט רוסלאנד אָנצופאלן. דאָ אָבער קאָן אַרויסקומען אַזאַ לאַגע אַנטקעגן סערביען, און דאָס מוז ווין ניט אנדערש אויסמיידן. זי באדארף אויסהערן אָדער מאַכן פאָרשלאָגן פון א פשרה...

„אויב רוסלאנד זאָל ניט אָננעמען אַזעלכע עסטרייכישע פשרה־פאָרשלאָגן, וואָס די איבעריקע גרויסע מלוכות האַלטן זיי פאר ריכטיק, דעמאָלט וועלן די רוסן זיין די בעלי־עוולות, די איבעריקע מלוכות וועלן געבן גערעכט ווין, און אף די רוסן וועט פאלן דער חשד, אז זיי ווילן בכלל מלחמה מיט עסטרייך, און אלבאניען איז נאָר אַ פּוסטע אויסרייד. מען וועט זיי האַלטן פאַר

קריגעלניקעס, און אַלע פאַרשטאַנדיקע מענטשן וועלן זיך אָפּווענדן פון זיי".

מיט פּאָליטישער קלוגשאַפט האָט ווילהעלם דער צווייטער אין דאָזיקן דאָקומענט פאָנאָנדערגענומען אַ קאָנפליקט, וואָס האָט כמעט אין אַלע פּונקטן געשטימט מיט דעם סכסוך פון יולי 14-טן יאָר. דער אויסקוק, אַז ענגלאַנד וועט זיך באַטייליקן, ביסמאַרקס טעאָריע, אַז „אַ בונד איז ניט קיין חברותא צו מאכן געשעפט", דער הויפּט-געדאַנק, אַז אייראָפּע וועט פאַרמשפּטן דעם, ווער עס פּראָוואָצירט, די איינזעעניש, אַז די סערבן באַדאַרפן האָבן אַ האַפן: דאָס איז אַלץ לחלוטין ריכטיק געווען: ער האָט דאָס באַדאַרפט נאָר דעם 6 יולי 1914 איבערחזרן, גענוי ווי ער האָט דאָס געשריבן דעם 11 נאָוועמבער 1912. לויט דער קאָנסטיטוציע האָט דער קיסר אַליין געהאַט צו זאָגן איבער מלחמה און שלום. אויב ווילהעלם וואָלט אין יענעם טאָג איבער-געהערט זיינע אייגענע געדאַנקען, וואָלט דער ווינער קאַבינעט גאָרנישט ניט געטאָן, און דער וועלט-קריג וואָלט אין יענעם מאָמענט ניט אויסגעבראָכן.

פאַר וואָס האָט זיך די מיינונג געביטן? חוץ דער פּסיכאָ-פּאַטישער טבע דעם קיסרס, מוז מען דאָס קודם כל דערקלערן דורכן געדאַנק פונם פירשטן-מאָרד. דערפאַר זיינען די קריגס-גראַפן אין ווין געווען אַזוי גליקלעך, ווייל זיי האָבן געפילט, אַז נאָכן אַטנטאַט וועט ווילהעלמס שטימונג זיך אומבייטן.

זינט יענער צייט, אין משך פון די צוואַנציק חדשים, זיינען בעצם קיין שינויים ניט פאָרגעקומען. אויב די גרופּע פון די קעגנער האָט זיך פעסטער געשלאָסן, האָט מען דאָך אין צווייען פאָרזיכטיק באַדאַרפט אָפּשטופּן איטלעכן קאָנפליקט, איידער דאָס אומגליק ברעכט אויס. און פונדעסטוועגן באַפאַלט ער איצט זיין אַמבאַסאַדאָר, וואָס האַלט זיך גענוי פאַרן קיסרס דעמאָלטיקע ריכטונג, ווי מען שייגעצט אויס אַ בעל-העגלה וואָס פאָרט פאַלש פאַר וואָס מוז היינט „ווערן אַן עק מיט די סערבן און טאַקע באַלד"?

דאָס מאָל רייצט אים נאָך אַ צווייטער מאָטיוו די פּוסטע

באַרימערײַ: „דאָס מאָל וועט מען זען, אַז ער וועט זיך ניט באַ־נאַרישן". הינטער דעם שטײַגן די שטימען פון די גענעראַלן, דאָס אײַנגעהאַלטענע שווײַגן פון די אופגעבלאָזענע הויף־לײַט, דער חניפותדיקער שמײכל פונם קרוינפּרינץ, די שווײַגנדיקע בליקן פון די אַדמיראַלן, די חוזקדיקע פּראָזעס פון דער אַלדײַטשער פּרעסע, וואָס פּלעגן איטלעכעס מאָל, ווען עס איז געווען אַ האָפענונג אויף קריג, און דער קיסר פּלעגט באַשליסן אויף שלום, אים לאָזן הערן: אָט שטייט די שטאַרקסטע אַרמײ אין דער וועלט אַרום אים — און ער דערוועגט זיך ניט.

אויך אויף אינעווייניק איז זײַן גאווה געווען געריצט. אויב ביסמאַרק, ווי ער פּלעגט זאָגן אַמאָל, איז געווען געטרײַ דעם קעניג, ווײַל ער האָט געגלויבט אין גאָט, איז פאַרקערט ווילהעלמס גלויבן געווען געדרונגען פון זײַן קעניג־געפיל. אָט דאָס „פון גאָטס־גענאָד" איז געווען דער עכטסטער טאָן אין דעם קיסרס נשמה; מחמת אָט דער מיטלאַלטערלעכער גרונט־שטימונג האָט ער ניט נויטיק דאָס פאָלק: ער בלײַבט אַלײן. אָבער ער טראָגט איבער די דאָזיקע טעאָריע, וואָס שטאַמט פון זײַן גאווה, אויך אויף אַלע איבעריקע געקרוינטע הארן. פראַנץ פערדינאַנד איז, חוץ אַלעמען, געווען זײַן פּערזענלעכער גוטער פרײַנט, אָדער עס האָט אַזוי אויסגעזען. און אָט אָ דעם ערצהערצאָג פון עלטסטן יחוס האָט מען געהאַט די העזה אַוועקצושיסן, הגם דער דײַטשער קיסר איז געווען מיט אים באַפרײַנדעט? פון גאָטס גע־נאָד און פון ווילהעלמס גוטגינציקײַט — און דאָך אַוועקגע־לייגט? ער האָט זיך געפילט פּערזענלעך באַליידיקט, ווי מחויב צו נעמען נקמה.

דאָס האָבן ריכטיק געהאַט אויסגעחשבונט די קריגס־גראַפן, וואָס אָן ווילהעלמס שווערד האָבן זיי זיך ניט געקאָנט רירן.

נאָכמיטאָק ווערט גערופן אין פּאָטסדאַמער שלאָס־פּאַרק אַרײַן דער אימפּעריע־קאַנצלער, מיטן וויצע־מיניסטער צימערמאַן, ווי עס געשיקט זיך, זײַנען בײדע מסכים מיט דער מײנונג פון סואווערען, בפרט אַז ער האָט, „אָן צו וואַרטן אויפן קאַנצלערס

באָרשלאָגן", געגעבן זײַנע אינסטרוקציעס מכּח דעם ענטפער קײַן ווין: די לאַגע איז ערנסט, עסטרײַך אליין דאַרף באַשליסן, רומעניען נים פארטשעפּען, בולגאַריען צוציען, דעם ספק לאָקאַליזירן, אין ערנסטע מאָמענטן שטייט דער חוב פון בונד. און אָוונט גיט בעטמאַן איבער דעם עסטרײַכישן אַמבאַסאַדאָר דעם קיסרס באַפעלן, און נאָך מוסיף: „תּיכּף אַרויסטרעטן קעגן סערביען איז דער בעסטער גאַנג". גראַף האָיאָס, וואָס זיצט דערבײַ, שאָקלט צו מיטן קאָפּ, ער איז אינגער און לעבעדיקער פאַרן אַלטן אַמבאַסאַדאָר. ער האָט הײַנט אין מיניסטעריום אומעטום געריטמט זיך: „מיר וועלן פון סערביען מאַכן א תּל!"

שוין דעם צווייטן טאָג הייבן די לײַט אָן איבערצוקלערן: צימערמאַן שטרײַכט אונטער אין א פּריוואַט-בריוו צום דײַטשן אַמבאַסאַדאָר אין ווין, אַז מען מוז עסטרײַך וואָרענען פון צו שטעלן צו שאַרפע פאָדערונגען; נאָר אָט דער ריכטיקער געדאַנק איז געבליבן באַהאַלטן אין בריוו, דער בריוו אין קאָנווערט, דער קאָנווערט אין שרײַב-טיש, און ערשט אין דרײַ יאָר אַרום האָט אים דער שרײַבער געפונען, בעת ער האָט אויפגעראַמט זײַנע פּאַפּירן באַם אַוועקגיין פון פּאָסטן. אויך בעטמאַן גייט א ביסל צוריק, וואָרום אַז צימערמאַן וויל אָפיציעל אינפאָרמירן דעם אַמבאַסאַדאָר אין ווין מכּח דעם נעכטיקן שמועס מיטן קיסר און שרײַבט, אַז דער קיסר וועט „אונטער אַלע אומשטאַנדן זיך שטעלן געטרײַ באַ דער זייט פון עסטרײַך", מעקט בעטמאַן אויס „באַ אַלע אומשטאַנדן" און לאָזט זײַן האַר זײַן פּשוט און פּראָסט געטרײַ.

אָט דאָס קווייקלעדיקע אין דער האַלטונג פון דײַטשן קאַנצלער וועט זיך באַווײַזן אין משך פון פיר וואָכן און שפּעטער נאָך דרײַ יאָר לאַנג. בעטמאַן איז געווען דער ערשטער שילער אין גימנאַזיע, פלעגט נאָך איצט לייענען גריכישע ביכער צוליב אָפּרו אין א פרייער שעה, האָט גלענצנד געענדיקט זײַן יורידישן שטודיום, איז געווען באַרימט פאַר א גוטן חבר אף געיעג און האָט בכלל געקאָנט דינען פאַר א בײַשפּיל צו באַשטעטיקן ביסמאַרקס וואָרט, אַז פּרײַסן ברענגט אַרויס אויסגעצייכנטע געהיימ-

ראַטן און רעגירונגס־פּרעזידענטן, אָבער ניט קיין מלוכה־לײַט.

*

אַפּן צווייטן טאָג איז דער קיסר אָפּגעפֿאָרן. ער איז זיך אַרומגעשוואומען איבער די צפֿונדיקע ימים, דער אויסערן־מיניסטער איז אין לוצערן אויף אַ חתונה־רײַזע, די שעפֿן פֿון דער אַרמײ און פֿון פֿלאָט רוען זיך אויס אין קאַרלסבאַד און טאַראַספּ, דער קאַנצלער פֿאָרט אָפּ אין זײַן הויף און וויל רעגירן דורכן טעלעפֿאָן. איז דאָס אַ בילד פֿון אַ רעגירונג, וואָס לעכצט נאָך קריג? אין ווין און אין פּעטערבורג האָט קיינער ניט גענומען קיין אורלאָפּ!

דער קיסר האָט געשפּירט, וואָס עס קאָן געשען, ער האָט עס אָבער להלוטין ניט געוואָלט. נאָר דער קאַנצלער, אָנגעטריבן פֿון די גענעראַלן, וואָס האָבן באַדאַרפֿט האָבן פֿרײַע האַנט אַ פּאָר וואָכן, בכדי צו זײַן גרייט צום שלאָגן זיך, האָט אָפּגעשיקט דעם קיסר, וואָס האָט איבער אַ ריכטיקן אינסטינקט געוואָלט בלײַבן, מיטן אויסרייד, אַז אין אויסלאַנד וועט מען זיך דערשרעקן, אויב דער קיסר וועט זיך אָפּזאָגן פֿון דער רײַזע. פֿאָרן פֿאָרן וויל דער קיסר זײַן זיכער, אַז אַלץ איז גרייט. אַפּן זעלבן באַנק, נאָך דעם זעלבן נאָכמיטאָג, האָט ער אויפגענומען דעם קריגס־מיניסטער, דעם צווייטן טאָג אין דער פֿרי אַ פֿאַרטרעטער פֿון שעף פֿון אַדמיראַל־שטאַב און צו פֿאַרטרעטערס פֿונם שעף פֿון גענעראַל־שטאַב און פֿון פֿלאָט־מיניסטעריום. קיין מאָל איז קיין „קרוינראַט‟ ניט געוואָרן אָפּגעהאַלטן, — צום באַרויערן: וואָרום דאָרט וואָלטן די שעפֿן געקאָנט אַרויסזאָגן זייערע ספֿקות קעגן דעם קיסרס פֿאַרלאַנגען. פֿאָלקנהאַינס אויפֿנעם איז קורץ. דער קיסר לייענט אים פֿאָר דעם ווינער בריוו און מעמאָראַנדום, מסתּמא נאָר טיילווײַז, וואָרום זיי נעמען אַרום 12 געדרוקטע זײַטן; דער קריגס־מיניסטער פֿאַרצייכנט, אַז לויט זײַן אײַנדרוק, איז ווין ניט אַנטשלאָסן צו אַ קריג, און איז מוסיף אין זײַן בריוו

צו מאָלטקע: „הייסט דאָס, אז אייער עקסצעלענץ וועט ניט באַ־
דאַרפן פאַרקירצן אייער אופהאַלט אין די בעדער".

אויך אף מאָרגן אינדערפרי איז דער שמועס מיט די
דריי הערן אַ קורצער. דער קיסר זאָגט צו קאַפּעלע, דעם פאַר־
טרעטער פונם אויבער־אדמיראל: „אין גרעסערע קריגערישע
סכסוכים גלויב איך ניט. דער צאַר וועט זיך ניט שטעלן אַפן
צד פון די פרינץ־מערדערס. הוץ דעם זיינען רוסלאנד און
פראנקרייך ניט צוגעגרייט. בכדי ניט צו שאפן קיין אומרואיקייט
פאַר איך אוועק, לויטן קאַנצלערס עצה, אין די צפון־לענדער.
איך האָב נאָר געוואָלט אייך געבן צו וויסן מכּח דער געשפּאַנטער
לאַגע, בכדי איר זאָלט זיך מיישב זיין מכּח דאָס איבעריקע".

באַ קיינעם פון די אחריותדיקע פאַרטרעטער פון דער
דייטשער ארמיי־ און פלאָט־פירונג האָט מען ניט געפרעגט
קיין מיינונג. די דאָזיקע הויכע אָפיצערן באַדאַרפן נאָר צונעמען
די באפעלן פון אויבערשטן קריגס־האר. קיין עצות פרעגט מען
ניט באַ זיי. דער קריגס־מיניסטער מוז אין איילעניש זיך אליין
אָנשטויסן, וואָס עס זיינען די עסטרייכישע פּלענער. און האָט א טעות,
ווייל מען האָט אים אפילו ניט געוויזן דעם דאָקומענט, וואָס
האָט באַוויזן די סכנה פון קריג. צוגלייך האָט דער קיסר א
טעות איבער דעם שונא; קיין חידוש ניט: אלץ איז נאָך פאַרהוילן,
נאָר איין קלייניקייט איז שוין איצט געוויס: די דייטשע ארמיי און
פלאָט, ד. ה. דאָס לעבן פון צען מיליאָן מענטשן, זיינען פאַר־
משכונט דורך דעם וואָרט פון איין קיסר דעם אנדערן, און צוויי
ווינער גראפן האָבן פון היינט אָן „פרייע האנט" איינצושטעלן
דעם דאָזיקן משכון אומעטום, וואו עס וועט זיי פירן זייער נאַ־
רישקייט אָדער זייער לייכטזין.

דערנאָך פאָרט די „האָהענצאָלערן" אָפּ. אין משך פון דריי
וואָכן, ווען עס ווערט אויסגעפורעמט דער גורל פון אייראָפּע, זעט
דער דייטשער קיסר נאָר וואסער און לופט און די פנימער פון
זיינע הויף־לייט.

## דריטער קאפיטל.

## דער אולטימאטום.

דעם צווייטן טאָג אינדערפרי האָבן זיך צונויפגעקליבן אַף א זיצונג אין ווינער אויסערן־מיניסטעריום די מיניסטאָרן פון דער מאָנאַרכיע. גראַף בערכטהאָלד האָט אופגענומען די הערן, אויסגעקליבן פאַר אַלעמען די פּלעצער און פּירט עלעגאַנט דעם פאַרזיין: זיין גרויסער מאָמענט. בּאַ דער רעכטער האַנט זיצט די רייטער־פיגור פון גראַף טיסאַ מיט זיין אומבּאַוועגטער מינע, בּאַ דער לינקער האַנט גראַף טשירגק, דער עסטרייכישער מיניסטער־פּרעזידענט, וואס ווייס פּונקט אַזוי ווינציק ווי די געשיכטע, ווי אַזוי קומט ער צום דאָזיקן אָרט. נעבן זיינע געבּרווינטע שטריכן ווייזט זיך דער בּלייכער פוקסן־פּנים פונם פויל פּאָן בּילינסקי, וואס ווייס אַלצדינג וואָס עס טוט זיך אין דער מאָנאַרכיע, און א בּיסל צו פיל פון דעם, וואָס עס טוט זיך בּאַ אירע שונאים: אפשר דער געפערלעכסטער מענטש בּאַם דאָזיקן טיש. וואו פיר נאַציעס און פינף רעסאָרס האַלטן אין איין חושד זיין איינס דאָס אנדערע.

די דאָזיקע פיר דיפּלאָמאַטן, ציוויל אין גראָ, זיינען גראד גרייט זיך צו וואַרפן אין די אָרעמס פון די דריי הערן אין גרין, ווייס און גאָלד, וואָס זיצן מיט זיי בּאַם טיש: דאָס איז דער ק. און ק. קריגסמיניסטער פאָן קראָבּאַטין, קאָפּ פון אַ פעלדפעבל מיט בּאַלקאַנישע וואָנסעס, אַן אַדמיראַל־פּאַרטרעטער פון פלאָט־קאָמאַנדיר, און קאָנראַד פאָן העצנדאָרף, די הויפּט־פיגור: דער מאַן, וואָס האָט אויסגעבּעסערט די עסטרייכישע ארמיי, וואָס האָט אויסגעקלערט אַ מלחמה קעגן איטאַליען, בּכל אופן דער מאַן, וואָס אין אים שפּיגלט זיך דער קריגערישער שטאָלץ פון דער מאָנאַרכיע.

גראַף בּערכטהאָלד האָט אַלצדינג צוגעגרייט מעשה קאַוואַלער און עפנט די דאָזיקע קריגס־זיצונג מיט די ווערטער, אַז מען בּאַדאַרף זיך אַן עצה האַלטן איבער די מיטלען, „וואָס דארפן ווערן אָנגעווענדט צו פאַריכטן די אינעוויניקסטע חסרונות אין בּאָסניען און הערצעגאָווינע, וואָס האָבן זיך אַנטפּלעקט אין צוזאַ־

מענהאַנג מיט דער קאַטאַסטראָפע אין סאַראַיעוואָ.״ דערנאָך לאָזט
ער וויסן זיין פלאַן „צו מאַכן סערביען איין מאָל פאַר אלע מאָל
אומשעדלעך דירך איין קראַפט=באַוויז״. בערלינער מיטווירקונג
„איז אָן טענות צוגעזאָגט״. באַשטימענדיקער קלאַפּ, אָפּרעכענען
זיך, און די אָפענע הודאה: „איך בין מיר קלאָר דעריבער, אַז
דער קריג מיט סערביען וועט זיכער ארויסרופן א קריג מיטן
רוסלאַנד״. (דעם דאָזיקן אַנטשיידנדיקן זאַץ האָט דער גראף אין
פראטאָקאָל מיט דער אייגענער האַנט געפעלשט צו דער ווייכע=
רער ווענדונג: „אַז א באַוואפנטער אַרויסטריט קעגן סעריביען קאן
אפשר ברייגען צו אַ מלחמה מיט רוסלאַנד״).

גראף טיסא איז קעגן: „אַף א פלוצימדיקן אָנפאַל אַף
סערביען אָן אַ פריערדיקער דיפּלאָמאַטישער אקציע, ווי דאָ ווערט
קענטיק געפּלאַנט, וועל איך קיין מאָל ניט מסכים זיין. מיר מוזן
ניט אנדערש פאָרמולירן פאָדערונגען, האַרטע, אָבער ניט אזעלכע,
וואָס מען קאָן זיי ניט נאָכגעבן. אויב סערביען נעמט זיי אָן,
האָבן מיר צו פאַרצייכענען אַ גרויסן דיפּלאָמאַטישן ניצחון. אפּן
באַלקאַן שטייגט אונזער פרעסטיזש. טאָמער ניט בין איך אויך
פאַר א קריגערישער אַקציע, בין אָבער מודיע שוין איצט. אַז
מיר טאָרן ניט שטעלן זיך אַ ציל חרוב צו מאַכן סערביען
אין גאַנצן. ווייל קעגן דעם וועט קעמפן רוסלאַנד אַף טויט און
לעבן און ווייל איך ווי דער אונגארישער מיניסטער=פרעזידענט וועל
קיין מאָל ניט מסכים זיין, אַז די מאָנאַרכיע זאָל אַנעקסירן א
טייל פון סערביען״. בכלל טויג איצט ניט קיין מלחמה, ווייל עס
איז געפערלעך.

דערוף ריידן שטירגק און בילינסקי פארן קריג. ביידע זיי=
נען זיך סומך אַף דעם קנאַקעדיקן באריכט פון יענעם פאָטיאָרעק,
וואס נעמט זיך אן די שווערקייט אין באָסניען און הערצעגאווינע
איבערצוהאַקן מיטן שווערד. צו דער מיינונג פונם רוב שטייט
אויך צו דער קריגס=מיניסטער מיט דער פונקט אַזוי נאַרישער ווי
טיפּישער ווענדונג: „ א דיפּלאָמאַטישער ניצחון האָט קיין ווערט
ניט״. ער עצהט ניט צו זאַמען זיך, ווייל „פון מיליטערישן
שטאַנדפונקט מוז איך אונטערשטרייכן, אַז עס וואָלט געווען גינס=

טיקער צו פירן דעם קריג איצט, איידער אין א שפּעטערדיקן מאָמענט... צוויי געלעגנהייטן האָט מען שוין פאַרזאַמט. שלאָגן מיר איצט ניט, וועלן די דרום־סלאַווישע פּראָווינצן דאָס אופנעמען ווי אַ צייכן פון שוואַכקייט". גראַף שטירגק גייט נאָך אַ טראַט ווייטער: „עס וואָלט געווען געוואונטשן אַראָפּצוזעצן די דינאַסטיע אין בעלגראַד און איבערגעבן די קרוין אָן איראָפּייאישן פירשט".

גראַף טיסאַ ווערט שטייפער באַ זיך, ווי ער זעט, אַז ער איז איינער. בשעת אלע מיניסטאָרן זיינען דוקא דערפאַר, מען זאָל שטעלן פאָדערונגען ניט אָנצונעמען, נעמט אונגאַרן סטראַשען: „איך בין די הערן אַנטקעגן געקומען דערין, אַז די פאָדערונגען זאָלן זיין זייער האַרטע. ווען מען דערקענט אָבער קלאָר אונזער כוונה צו שטעלן פאָדערונגען ניט אָנצונעמען, פאַרלירן מיר דעם רעכטלעכן באַזיס אַף צו דערקלערן קריג. ווערט מיין שטאַנדפּונקט נים אָפּגעהיט אין דער נאָטע, וועל איך ציען די קאָנסעקווענצן!" דערנאָך ווענדט ער זיך קעגן בילינסקי און וואַרפט אים אוף, אַז ער טראָגט אויך די אחריות פאַרן אַטנטאַט אין סאַראַיעוואָ.

איצטער נעמען די מיליטערלייט דאָס וואָרט. דער קריגס־מיניסטער דערקלערט, אַז מען קאָן פירן אַ קריג אַף דריי פראָנטן, מען שטעלט צונויף די פאַרהעלטעניש פון די כוחות, מען מאָלט זיך, ווי „אַ שטייגער קאָן אַן איראָפּייאישער קריג זיך פאַרלויפן". קווינקלענדיק גייט מען זיך פאַנאַנדער.

וועט טיסאַ פעסטקייט פאַרהאַלטן די קאַטאַסטראָפע?

*

דער דייטשער אמבאַסאַדאָר אין ווין, פאָן טשירשקי־בייגנדאָרף, איז געווען א פקח און שטאַרק אָפּגעהיט, בכלל פיין געבילדעט און ניט זייער אוממאָדערן, פריער מיניסטער, האָט ער זיך געהאַט אַראָפּגעלאָזט מיט א שטאַפּל. איז געשטאַנען שטאַרק פאַרן כבוד פון זיין פאָכטן, מער ווי פאַר זיין אייגענעם, איז ניט געווען קיין בעל־גאווה און אָנגענומען באַ מענטשן.

ברוגז איז ער געווען נאָר אפן הויף פון פעטערבורג. בכלל צו שטייף פאר דער רוסישער געזעלשאַפט, האָט מיט אים נאָך געטראָפן אַזאַ סיבה: אַף א הויף־באל האָט אַ גרויס־פירשט ארויסגעכאַפּט בא אים פון אונטער דער נאָז די דאַמע, וואָס ער האָט באַדאַרפט פירן צום טיש. ער האָט זיך באַקלאָגט, מען האָט זיך אַנטשולדיקט, ער איז אריבערגעזעצט געוואָרן, קיין מאל פאַרגעסט ער דאָס ניט. ער איז הושד דערין פּאָליטיק: א פיינט־לעכע שטימונג קעגן דייטשלאַנד, דערפאר זיינען, אגב, פאראן נאָך אַנדערע סימנים.

פונדעסטוועגן איז די ערשטע זאַך, וואָס ער האָט געטאָן אין דאָזיקן קריזיס, געווען צו וואָרענען פאר איבעראיילטע טריט. „דערנאָך מוז מען... זיך באַטראַכטן, אַז עסטרייך־אונגאַרן איז ניט אַליין אין דער וועלט, אַז עס איז... אַ חוב אַריינצונעמען אין חשבון די אלגעמיינע לאַגע אין אייראָפּע". פאר אָט די קלוגע געדאַנקען האָט ער דאָס געקראָגן דעם פּאַטש אין פּנים אין דער געשטאַלט פון דעם קיסרס אָנמערקונג צו זיין באַריכט; דערצו איז געקומען די אַלטע שנאה קעגן פעטערבורג. דער אמבאַסאַ־דאָר וואָלט גלייכער באַדאַרפט זיך אָפּזאָגן פון זיין פּאָסטן, איידער צו שפּילן דעם שטאַרקן מאַן לויטן באַפעל פון בערלין; איז ער אָבער געבליבן און האָט אומגעביטן זיין מיינונג.

ער לאָזט זיך מעלדן באַ בערכטהאָלדן און דערקלערט: „אין שליחות פון מיין קייזערלעכן האַר, אַז אין בערלין וואַרט מען אַף אן אקציע מצד דער מאָנאַרכיע קעגן סערביען און מען וועט אין דייטשלאנד דאָס ניט פאַרשטיין". אויב ווין וועט איצט ניט באַווייזן קיין מעשים.

תיכף שרייבט בערכטהאלד אַוועק די דאָזיקע טייערע ווער־טער צו זיין שונא צו טיסאַ. יענער אָבער בלייבט נאָך אַלץ פעסט. פארקערט ער שרייבט אָן צום קיסר א בריוו, וואו ער דערקלערט דייטלעך זיין שטאַנדפונקט.

נאָר דער קיסר איז אַלט 84 יאָר, און די הויפיש עלעגאַנ־טע באַריידעווודיקייט בערכטהאלדס האָט געווירקט שטאַרקער ווי דער בריוו טיסאָס פון דער ווייטנס. בעת טיסאַ האָט אין בודאַ־

פעשט מיטן אַלגעמיינעם הסכם פון די אונגאַרישע מיניסטאָרן פארגעטראָגן זיין שלום־פּאָליטיק, האָט פראנץ יאזעף באַשטעטיקט דעם קריגס־פּלאַן פון זיין אויסערן־מיניסטער.

אַז טיסאַ איז אין א וואָך אַרום אָנגעקומען קיין ווין, איז ער געווען פלוצים אומגעביטן. וואָס האָט אַזוי שטאַרק געווירקט אַף זיין נשמה, אף זיין מוח? אפשר האָפּט ער, איבער א יאָר צו געווינען דורכן קריג אין די וואַלן. וואָס דרויען דעם בודאפּעשטער אָליגאַרך, ניט געקוקט אף די מיליאָנען קרוינען, וואָס ווערן אויסגעגעבן אונטערצוקויפן די ווילערס? אפשר האָבן אים געריזט די בקשות פון זיינע קרובים, די פעאדאלע אַגראריער, וואָס האבן געוואלט אויסנוצן דעם מאָרד פון זייער יורש עצר פאַר אן אויסרייד צו זייער באַזונדערן קאַמף קעגן סערבישן חזיר? אויך האָט אים פערזענלעכע קנאה־שנאה געשטערט אָנצופרעגן זיך בא דער אָפּאָזיציע אין אָט דעם קריטישן מאָמענט, זאָל זיין אפילו בסוד.

געוויס איז, אַז ער האָט געהאַט בינתים געלייענט אַ דרוי־ענדיקן דאָקומענט: א ווענדונג פונם גענעראל־שטאַב צום אויסערן־מיניסטער מיט דער התראה, אַז „בא דעם דיפּלאָמאַטישן וועג מוז אַלץ אויסגעמיטן ווערן, וואָס קאָן דורך פאַרשלעפּן אדער דורך פאנאַנדערטיילן די דיפּלאָמאַטישע אַקציע לאָזן די קעגנער צייט זיך מיליטעריש צוצוגרייטן. אויב דער באַשלוס צו א דעמארש איז פעסט, מוז דאָס, נעמענדיק אין באַטראכט די מיליטערישע אינטערעסן, געשען אין איין איינציקן אַקט מיט א קורץ־טערמי־ניקן אולטימאַטום“.

מען מערקט די כוונה און מען בייט די מיינונג. מען הערט דעם סטראשענדיקן טאָן פון דעם גענעראל אנטקעגן דעם דיפּלאָמאַט, וואָס האָט דעם דאָזיקן טאָן זיך באַשטעלט, בכדי איינצונעמען דעם אונגאַר. דער דאָזיקער בריוו איז באשיימפּערלעך א פועל־יוצא פון בסודותדיקע שמועסן, ער איז אַזוי האַסטיק אָנ־געשריבן, אַז מען האָט פארגעסן אפילו די דאַטע און ערשט אין יאָרן אַרום ווערט זי געשטעלט על פי השערה. אין משך פון פערצן טעג הערט טיסאַ אַלץ איינע און די זעלביקע פראזעס:

פרעסטיזש, קראפט־באווייז, סימן פון שוואכקייט. מאַכן אן עק, אַקציע; דערצו כסדר טרומייטערייען פון בערלין, און בערכט־האַלדס טענות, אַז די שטאַרקסטע אַרמיי אין אייראָפּע איז אף אונזער צד. און בערלין האָט געלאָזן „פרייע האנט"; און צום סוף די בפירושע סטראשונקעס פון די הויכע מיליטער לייט: פאר די רעזולטאַטן פונם אפלייגן וועסטו ענטפערן! ער האט ניט באדארפט זיין קיין אפיצער, ער האט געמוזט זיין אן איבערצייגטער פאַצי־פיסט, ניט לעבן אין קרייז פון פעאָדאַלע האַרן בכדי צו קאנען בייסטיין דעם דאָזיקן ניסיון!

אזוי איז באַצוואונגען געוואָרן דורך סוגעסטיע דער לעצטער אינעווייניקסטער שונא פון די קריגס־גראפן. טיכא קומט צו גיין צום דייטשן אַמבאַסאַדאָר און איז מודיע, אַז ער איז מסכים אפן אולטימאַטום. אפן צווייטן טאג גיט ער אפ אין בודאַפעשטער פאַרלאמענט א דערקלערונג, אַזוי צווידייטיק, אז אפילו דער „טאַן" אין פאַריז לויבט זיין איינגעהאלטנקייט.

דערפאַר אָבער ווערט אין ווין, וואו קיין פארלאַמענט האָט ניט געשטערט די קרייזן פון די קריגס־העצערס, די עפנטלעכע מיינונג אופגערייצט. א גרויסער טייל פון דער פרעסע צערייסט זיך שרייענדיק אף סערביען, „די דאָזיקע באנדע פון גזלנים און רוצחים", די „שאף־גנבים", „דאָס לייזיקע פאלק", דער געשריי ווערט צו מיטן חודש גרעסער ווי אין אנהייב, און היות ווי די בעלגראַדער בלעטער שווייגן נוט, שטייט אוף די פראגע, ווער האָט דאָס אָנגעהייבן, ניט דא און ניט ערגעץ אַנדערש קאן זי געפינען אן ענטפער: עס איז די דעלפישע גורל־פראגע פון קריג, און איטלעכער ענטפער פאַסט און קיינער באַפרי־דיקט ניט.

די גראפן טוען זיך זייער אַרבעט אין טיפסטן סוד, אַזוי אַז אפילו דער סערבישער אמבאַסאַדאָר אין ווין קאן כסדר נאר מעלדן, אז עפּעס וואס קומט, אבער ניט וואָס עס קומט. אויך האָט העצנדארף אין זיין בריוו געעצהט. „אויסצומיידן אלצדינג, וואס וואלט געקאָנט אופרודערן די פיינט פאר דער צייט; פאר־קערט, מען מוז דורכאויס אין יעדן פרט מאַכן דעם אנשטעל פון

שלום, מעלדן די פאָרשטעלונג פון היינט אַף מאָרגן און תיכף שפילן: דאָס האָט מען געהאַלטן פאר א חריפות.

— האָט איר עפּעס געהערט? פרעגן די פרעמרע דיפּ־לאמאַטן איינער דעם אנדערן, ווען זיי באַגעגענען זיך אין קאפיי, און הגם זיי הערן גאָרנישט, ווערן זיי דאך געוואר פארשיידענע זאכן; זיי שמועסן זיך אָן, קאָמבינירן, קריטיקירן.

— איך פארזיכער איך, עקסעלענץ, ווייסן וויים נאר איי־נער, דאָס איז משירשקי, און ער זאגט גאָרנישט.

— שטירגק זאָל אויסזען צעטראגן?

— איך האָב באגעגנט ברודערמאַן האָט ער געשיינט.

— שעבעקאָ האָט אָפּן דערקלערט, ער שטעלט זיך איין פאַר סערביען, טאָמער וועט עפּעס פּאַסירן.

— איך מיין, שעבעקא גייט מאָ־גן אין אורלאָפּ? אויב אזוי, איז ער מסתמא רואיק?

— דימען שמייכלט נאָר.

— דימען שמייכלט שטענדיק.

יאָ, טשירשקי שווייגט פון אלץ, ווייל ער ווייס ניט פיל, ווארום אויך פאר בערלין באהאלטן די גראפן זייער סוד. ווי גוט, וואָס די דייטשן האָבן אף א העפלעכער אלגעמיינער פראגע, וואס קלערט מען מכח דעם אולטימאַטום, געענטפערט מיט א ברייטן זשעסט: דאָס איז אין גאַנצן דער עסק פון עסטרייך! פון וואנען זאלן זיי נעמען צייט און אינטערעס פאַר אַזעלכע זאַכן, אויב אין בערלינער מיניסטעריום איז מען פאַרנומען מיט גאר אן אנדער פראבלעם: צי זאָל מען טעלעגראפירן דעם קעניג פון סערביען צום מאָרגעדיקן געבורטס־טאג אָדער ניט? דער אולטימאַטום איז עסק פאַר עסטרייך!

נאָך אלעמען לאָזט מען וויסן אין בערלין, אַז מען וועט פאָדערן אין בעלגראַד א מאַניפעסט פון קעניג פעטער קעגן דער גרויססערבישער באַוועגונג, אַן אויספארשונג איבער די גייסטיקע אופטוער מיטן אנטייל פון עסטרייך, באַשטראָפונג פון אלע קאָמ־פראָמעטירטע דורך אָפּזאגן זיי פון די שטעלעס. די דאָזיקע דריי פאָדערונגען, ניט פאָרמולירט, האָבן געוואוסט עלף ביז פינף טעג

פאַרן אולטימאַטום בעטמאַן אין זיין הויף, יאַגאָוו אין בערלין, טירפּיץ אין טאַרסאַפּ, דער קיסר אפן ים. נאָר קיינער פרעגט קיין שאלות ניט. קיינער פאָדערט ניט קיין דערקלערונגען, פאַרלאַנגט ניט דעם טעקסט.

אדרבא דער עסטרייכישער אַמבאַסאַדאָר מעלדעט פון בערלין קיין ווין: „דער קיסר און אלע פירנדיקע דייטשע קרייזן לאָזן בפירוש אויפמונטערן דעם ווינער קאַבינעט, ארויסצוטרעטן קעגן סערביען צום ענערגישסטן און מאַכן א סוף איין מאל פאַר אלעמאָל מיטן דאָרטיקן רעוואָלוציאָנערן פאַרשווערער־נעסט און לאָזן איבער אין גאַנצן דער מאָנאַרכיע, וואָסערע מיטלען זי וויל אויסקלייבן; מען קאָן כמעט זאָגן; זיי שטופּן די מאָנאַרכיע". בערכטהאלד פאַרזיכערט, „אַז פון א קווינקלען אדער ניט פעסטזיין קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין". איבעריקנס, וועט די ענדגילטיקע פאָרמולירונג צוגעשטעלט ווערן דער דייטשער רעגירונג.

אָבער אף דער ווינער קריגס־לוסט פאַלן פריע שאָטנס: וואָס וועט זיין, ווען די דאָזיקע סערבישע באַנדיטן וועלן אונדז אָנטאָן דעם צו־להכעיס און אָננעמען אַלץ? „דעמאָלט וועט זיך ארויסווייזן", שרייבט דער בייערישער אַמבאַסאַדאָר אהיים, „צי דער ווילן צו צעטיילן סערביען איז פעסט און שטאַרק. מען זיל אָבער גאָר ניט לאָזן, עס זאָל קומען צום צווייטן באַשלוס, און זיי שרייבן די נאָטע אזוי, אַז מען זאל זי ניט קאָנען אננעמען... מען מיינט, אַז אויב רוסלאַנד וועט ניט צולאָזן די לאָקאַליזירונג, איז דער איצטיקער מאָמענט גינסטיקער זיך אָפּצורעכענען, ווי איטליבער שפּעטערדיקער".

זעלבסטמאָרד פון שרעק פאַרן טויט, האָט געזאָגט ביסמאַרק.

*

אַזעלכע ידיעות האָבן דערוועקט אומרו אין בערלינער קאַבינעט. אן אינטעליגענטער מענטש איז ווידער אַף זיין פּאָסטן, היות ווי ער איז לחלוטין ניט קיין ראָמאַנטיקער, איז ער, קענטיק, נוטה צו ווערן א ציניקער. הער פאָן יאַגאָוו איז געוואָרן

מיניסטער, א גאנץ קליין געוואקסענער מענטש מיט די הארטע שטריכן פון א ספעציאליסט, א נאטור אן אילוזיעס, אבער אויך אָן א סך פאראורטיילן, א רעאַליסט, פאַרזיכטיק, א מענטשן־קענער.

ער זעט באלד איין די סכנה, וואָס עס שטעקט אין דעם קיסרס בלאנקאָ־פולמאכט, און זאָגט אין יענע טעג צו קרופּ פאן באָלען: „איך וואלט קיין מאָל אַזוי ניט געטאָן. היות אבער ווי דער קיסר האָט פון לכתחילה באַשטימט זיין האַלטונג, איז שוין איצט קיין טריט קענגן ווין ניט מעגלעך“. אַ קלאַסישע פארמולי־רונג פון דער הויפּט־פראגע; דאָ הערט מען סוף כל סוף א סקעפּטישע שטים פון א דייטשן מיניסטער. אָבער אויך דער האָט ניט דעם מוט צו זאָגן: האַר, איך קאָן אייך מער ניט דינען, נאָר ער נעמט אף זיך די גאַנצע ירושה פון פינפטן יולי, וואָס דעמאָלט האָט דער מאָנאַרך אָנגעצייכנט דעם קאַנצלער זיין פּאָליטיק.

נאָר יאגאוו האָט איינפאַלן. ער בעט באַלינען, דעם די־רעקטאָר פון דער האַמבורג־אַמעריקע־ליניע, ער זאָל וואַרענען דעם ענגלישן אַמבאַסאַדאָר, ער זאָל שטאַרקן אין ענגלישן קאַבי־נעט דעם ווידערשטאַנד קעגן א פלאָט־אָפּמאַך מיט רוסלאַנד, וואָס האָט באַדאַרפט אָפּגעשלאָסן ווערן. אין דער הויפּט־פראגע רעדט ער ווי די איבעריקע. די שטימונג פון דייטשן מיניס־טעריום האַרט פאַר דער נאָטע שילדערט דער בייערישער אַמ־באסאדאָר:

„אויב זיי וועלן שטאַרק און מיט הצלחה אַרויסטרעטן קעגן סערביען, וועלן די עסטרייכער און אונגאַרן זיך ווידער שפּירן חי אַ מלוכה־מאַכט... מחמת דעם האָט מען דאָ אָן שהיות דער־קלערט, אז מיר זיינען מסכים צו יעדער אַרויסטריט, וואָס מען וועט דאָרט באשליסן, אפילו אויב עס זאָל קומען צו א קריג מיט רוסלאַנד... אין ווין האָט מען ווייזט אוים, זיך ניט גערעכנט אַז דייטשלאַנד וועט אַזוי גרינג מסכים זיין, און עס האָט דעם פנים, ווי מען וואלט אין ווין ניט זיין שטאַרק צופרידן, וואָס דייטשלאַנד האָט ניט אָפּגעהאַלטן און געוועקט צו פאַרזיכט...

בכדי צו לאקאליזירן דעם קריג, וועט די דייטשע רעגירונג, תיכף ווי די עסטרייכישע נאָטע וועט ווערן איבערגעגעבן אין בעלגראד, אָנהייבן אַ דיפּלאמאַטישע אַקציע בּאַ די גרויסע מלוכות. זי וועט טענען, אַז היות ווי דער קיסר איז אַוועקגעפאָרן און דער שעף פון גרויסן געגעראל־שטאַב און דער פּרייסישער קריגס־מיניסטער זיינען אין אורלאָפּ, איז די אַקציע פון עסטרייך פונקט אַזוי אומגעריכט פאר דייטשלאַנד ווי פאַר די איבעריקע מלוכות...

„אַ מאָביליזאציע פון דער דייטשער ארמיי וועט נים פאר־קומען, און מען וויל אויך ווירקן אַף עסטרייך, זי זאָל נים מאָ־ביליזירן די גאַנצע ארמיי, בפרט נים די טיילן, וואָס שטייען אין גאַליציען, בכדי נים אַרויסצורופן אַוטאָמאַטיש די מאָביליזאַציע פון רוסלאנד, וואס וועט אונז אויך צווינגען דערצו, און דערנאך פראנקרייך, און דערמיט ארויסרופן די אייראָפּייאישע מלחמה... קומט עס אָבער דערצו, וועלן מיר האָבן אונזערע ענגלישע שוועסטערקינדער, אַזוי האלטן דאָ אַלע, אפן צד פון אונזערע קעגנער...” און נאָכדעם ווי אלע מלוכות פון אייראפּע קריגן איינגעטיילט זייערע ראלעס, ענדיקט דער דאָזיקער בריוו פון א דיפלאמאט ערב דער וועלט־מלחמה מיט א פאריזער הלצה־ווערטל.

אַזוי שווימט די מלוכה־שיף, ווי אַ שמאָל זומער־שיפל אראָפּ טייך, און קיינער האָט קיין חשק נים צו נעמען זיך פאַרן רודער. קיין איין דייטשער דיפלאָמאַט וויל נים קיין אייראָפּייאישן קריג, אין דער אמתן האָפן אַלע, אַז עס וועט אַראָפּ שטיל, וואָרום, אַזוי שטייט אין באַריכט: „עסטרייך־אונגאַרן איז אַ דאַנק איר שוואַכקייט און קווינקלעניש געוואָרן בעצם דער קראַנקער מאַן אין אייראָפּע; מען איז דעריבער מסופק, צי מען וועט זיך אין חין אָננעמען מיט כח”. אַזוי איז מען אין איין מלוכה מסופק, צי די צווייטע איז גרייט צו טאָן, די צווייטע ווידער איז איבער־געשראָקן, ווען זי זעט, אַז די ערשטע מונטערט זי אויף צו מעשים; ביידע וואָלטן וועלן, אַז די אַנדערע זאָל איר שטערן, און אַז די אַחריות פאַרן נים־טאָן זאָל פאַלן אַף דער אַנדערער. היות ווי קיינע גלויבט נים אין גאנצן אין די אייגענע באַשלוסן,

פאַרלאָזט מען זיך אין גאַנצן אויף דער אַנדערער, און מען האָפֿט, אַז די אומצופֿרידנקייט פֿון די קעגנער וועט שוין העלפֿן ביידן.

אַמאָל כאַפּט זיך יאַגאָוו אויף און דערוועגט זיך צו פֿרעגן אַ שאלה. באַשיידן פֿרעגט ער זיך אָן אין ווין: „וואָס זיינען די אידייען פֿון די עסטרייכיש־אונגאַרישע מלוכה־מענער מכּח דעם, ווי אַזוי סערביען באַדאַרף אויסזען להבא... עס וואָלט פֿאַר אונז געווען כּדאַי צו וויסן לערך, וואו אַהין דער וועג באַדאַרף פֿירן".

נאָר די קלוגע ווינער האָבן ניט קיין חשק צו באַווייזן זייערע גוטע פּריינט שוואַרץ אויף ווייס זייערע גוואַלדיקע פּלענער, איידער מען קאָן שוין ניט גיין צוריק. פֿאַרציען דעם ענטפֿער פֿאַר דער דייטשער אַמבּאַסאַדע, זאָגן צו כּסדר אויף מאָרגן תּשובֿה. פֿיר מאָל מוז דער באַראָן, וואָס דער מיניסטעריום האַלט בּאַ זיך צו שרייבן זיינע אולטימאַטומס און ענלעכע מעלדונגען, איבער־שרייבן די נאָטע, איידער דער מיניסטאָרן־ראַט דערקענט זי פֿאַר גוט. דערביי שטויסט מען זיך ווידער צונויף מיט טיסאַ. וואָס האָט שוין לכתּחילה געוואָלט פֿאַרוואָרענען זיין אונגאַרן אַנטקעגן עסטרייך דורך דעם, וואָס מען זאָל שוין איצט דערקלערן, אַז מען זאָגט זיך אָפּ פֿון אַנעקסיעס. וואָרום אַז בערכטהאָלד לאָזט וויסן, אַז ער האָט בדעה די שכנישע מלוכות צום גרעסטן רובֿ צו צעטיילן, שטעלט טיסאַ ווידער אַרויס זיין אולטימאַטום. גראַף שטירגק קערט זיך ווידער אום צו זיין פֿאַרלאַנג: אַראָפּצוזעצן די סערבּישע דינאַסטיע: דער גראַף איז קענטיק בּרוגז אויף דער דאָ־זיקער משפּחה. צום סוף גייט מען זיך צונויף אויף דעם תּנאַי, אַז מען וועט העכסטנס צונעמען עטלעכע סטראַטעגישע פּונקטן.

בּכן, גראַף בּערכטהאָלד, ווייל דער פּיינטלעכער גוטער בּרודער אַרויסכאַפּן בּאַ אייך די בּעסטע שטיקער פֿון גרויסן רויב, וואָס צוליבּ אים שטערט איר די רו פֿון אייראָפּע, נאָך איידער די בּיקסן האָבּן ערגעץ געשאָסן? נאָר דער מיניסטער שמייכלט..

*

די נאָטע ווערט סוף כּל סוף פֿאַרטיק. זי איז זייער לאַנג.

זי פֿאָדערט קודם כּל פֿון סערבּישן קעניג אַ דערקלערונג, וואָס זאָל שענדן יעטווידע גרויס־סערבּישע אַגיטאַציע; די דאָזיקע דער־קלערונג באַדאַרף היכף אָפּגעדרוקט ווערן לויט אַן אָנגעוויזענעם טעקסט אין דעם אָפיציעלן מלוכה־אָרגאַן, אַזוי ווי א באַלײדיקטער קריגט צוגעמשפּט, מען זאָל דעם פּסק פֿאַרעפֿנטלעכן אין צײַטונג. דערנאָך גײען צען פֿאָדערונגען. דערפֿון זײַנען פֿינף געווענדט קעגן דער אַגיטאַציע: דערשטיקן איטלעכע פּראָפּאַגאַנדע אין דער פּרעסע און אין פֿאַראײַנען, פֿאַנאַנדערלאָזן די „נאַראָדנא", קאָנ־טראָלירן דעם לימוד אין די שולן, אָפּזאָגן פֿון דינסט אַלע קאָמפּראָמעטירטע אָפֿיצערן און באַאַמטע, וואָס זײַערע נעמען וועט באַשטימען ווין, מיטאַרבּעט פֿון דער ק. און ק. רעגירונג בײַ דער אויספֿאָרשונג. עס איז, בּכן, מעגלעך אַן אַלגעמײַנע פּראָסקריפּציע. דערנאָך גײען פֿונקטן איבּער דעם אַטנטאַט. אויספֿאָרשונג מיט אָנטײל פֿון עסטרײַכישע באַאַמטע.

דאָס זײַנען די הויפּט־פּונקטן פֿון אולטימאַטום. די לעצטע פֿאַרשאַרפֿונגען האָט גראַף פֿאָרגאַטש נאָך מוסיף געווען מיט א בּלײַ־פֿען קורץ פֿאַרן אָפּשיקן. דאָ ווערן מלוכה־אַנשטאַלטן, מײַנונ־גען, געפֿילן אָן טענות געשטעלט פֿאַר אַ פּאַרטײאישן משפּט. און געגעבּן נאָר אַכט און פֿערציק שעה צײַט אָנצונעמען ווי עס שטײט און גײט. זײ האָבּן באַדאַרפֿט איבּערגעגעבּן ווערן אין בּעל־גראַד אַזוי, אַז ווען מען וועט זײ מעלדן אין פּעטערבּורג, זאָל דעמאָלט דער פֿראַנצויזישער פּרעזידענט, וואָס געפֿינט זיך דאָרט איצט אַף בּאַזוך, שוין זײַן אַוועקגעפֿאָרן; די שעהן ווערן אויס־גערעכנט. אין לעצטן מאָמענט ווערט יאַגאָוו געוואָר, אַז פּואַנקאַ־רע פֿאַרלאָזט פּעטערבּורג ערשט אין אָוונט, און ניט בּײַ טאָג, בּכן הײסט בּערכטהאָלד איבּערגעבּן די נאָטע מיט א שעה שפּעטער. אַזוי אַרבּעטן בּײדע האַנט בּײַ האַנט. דער דײַטש זאָרגט פֿאַר דער צײַט, ווען עס דאַרף איבּערגעגעבּן ווערן אַ נאָטע, חאָס ער ווײס זי ניט. אָבּער וואָס ער איז פֿאַר איר ערב. בּײדע פֿאַראײניקט דער עכט מלוכה־מענערישער געדאַנק, אַז דער פֿראַנצויז און דער רוס טאָרן דעריבּער קײן שמועס ניט פֿירן, אַז דער פֿראַנצויז מוז קריגן די ידיעה, ווען ער וועט זײַן ווײַט

אין ים ארויס, דער גראף בערכטהאָלד וויל מיט זיין נאָטע מאכן א סורפריז. ער ווייס, אַז דער דאָזיקער פיינקוכן, זיין מייסטער־שטיק, באַטייט אן אולטימאטום צו אייראָפּע, אויך זיין אלטער קיסר זעט קלאָר: יענער זאָגט, אַז ער פּאַקענט זיך מיטן אולטי־מאַטום, צו פּילינכקען: „רוסלאנד קאָן דאָס ניט אָננעמען אזוי... מען טאָר זיך דעריבער ניט נאַרן; עס ווערט אַ גרויסער קריג!"

דאָנערשטיק אין אָוונט האָבן עס באַדאַרפט לייענען די סערבן, נאָכדעם ווי פּמעט פיר וואָכן האָט מען זיך געסודעט, אַזוי אז ביידע לענדער זיינען־געוואָרן נערוויז און זייער פּרעסע ווילד. מיט צוויי טעג פריער האָט דער דייטשער אַמבאַסאַדאָר אין ווין סוף כּל סוף דעם דאָקומענט אין זיינע הענט. ווערט ער ניט דערשראָקן? לויפט ער ניט צום טעלעפאָן, גיט אָפּ זיין מיניסטעריום אַ געוויעס באריכט און פארלאנגט די פּולמאַכט ניט צו דערלאָזן, אַז די נאָטע זאָל אָפּגעשיקט ווערן אין דער פאָרם?

ער שיקט זי אפילו ניט איבער דורכן טעלעגראף, זי איז מיט אַן אמת צו לאַנג צום שיפרירן. מאָרגן וועט דאָך דער עסטרייכער זי איבערגעבן און מען וואָלט דורך אַ דאָקומענט. וואָס אלע וועלן לייענען, „קאָמפּראָמעטירן דעם שיפר".

אזוי גייען אוועק אומזיסט די אנטשיידנדיקע 24 שעה.

ערשט דעם צווייטן נאָכמיטאָג ברייננט דער אַלטער גראף אין בערלין, וואָס זיין שעף האָט אים באַשיימפערלעך געהייסן פארציען די זאַך ביזן לעצטן מאָמענט, דעם פּאַפּיר צום דייטשן מיניסטער. איצט לייענט יאַגאָוו, וואָס האָט אף זיין בלאַנקאָ־וועקסל געוואוסט די ציפער דריי, אָבער ניט די צאָל נולן, וואָס מען וועט צו איר צוטשעפּען, דעם גאנצן אַקצעפּט, וואָס פאר אים האָט דער קיסר מיט צוויי וואָכן צוריק בלינד, אָן זיך מיישב צו זיין ערב געווען. ער דערשרעקט זיך און זאָגט: „דאָס איז אָבער היפש שאַרף!" דערוף ענטפערט דער אַלטער גראַף די קלאסישע ווערטער: „יאָ, מען קאָן מער גאָרנישט מאַכן! מאָרגן אינדערפרי יוערט דאָס אזוי איבערגעגעבן אין בעלגראַד".

— דאָ קאָן מען גאָרנישט מאַכן, — אַזוי קלערט יאַגאָוו, אזוי קלערט בעטמאַן, וואָס אַפילו דער ווינער פּעפּער האָט אים ניט געעפנט די מויל. באַמערקן זיי ניט, אַז דער אַלטער אונ-גאר נארט זיי אָפּ אַפילו איבער דער שעה, ווען זי ווערט דער-לאַנגט? און אויב ער האָט נאָר א טעות, טאָ פאַר וואָס מישן זיי זיך ניט אריין היינט אין אָוונט? אמת, דעם קיסר וואָלט מען אָף זיין שיף אזוי גיך ניט געקאָנט דערלאַנגען; אָבער זיי וואָלטן אין אַ האַלבער שעה צייט געקאָנט רײדן מיט ווין, און ווין אין צוויי שעה צייט מיט איר בעלגראדער אַמבאַסאַדאָר. בעטמאַן, יאַגאָוו, צימערמאן דערקלערן, אמת, אַלע, אַז די נאָטע איז „פון אַלע זייטן צו שאַרף"; אָבער קײנעם פאלט ניט איין איבערצו-אַנדערשן דעם צירקולאר צו די דייטשע אַמבאַסאַדאָרן, וואָס אין טעלעגראפירט געוועזן נעכטן און היינט קיין פּעטערבורג, פּאריז און לאָנדאָן, וואָס האָט געדארפט דינען איבערמאָרגן פאר אַן אָנווייז באם פירן אונטערהאנדלונגען מיט די קאבינעטן. אין דעם דאָזיקן צירקולאר שטייט געזאָגט, אז דייטשלאנד האַלט, אַז די נאָטע פון זיין פארבינדעטן איז „געדעכט און געמעסיקט": אזוי האָט מען געשריבן, איידער מען האָט די נאָטע געקענט. איצט לאָזן די הערן זייער אומבאדינגטע הסכמה צום אולטימאטום אָפיציעל באַשטיין פאר איראָפּע: מען שטעלט זיך איין פאר עסטרייך, הגם אליין האַלט מען, אַז די נאָטע איז ניט געדעכט.

אָבער אַז עמיצער האָט אין די נאָענטסטע טעג גערעדט מיטן גראף בערכטהאָלד מכח דער סכנה פון זיין אולטימאטום, האָט ער א מאך געטאָן גרינג מיט די מאניקירטע פינגער דורך דער לופט. א שאָקל געטאָן מיטן עטוואָס איינגעמידטן קאָפּ און העפלעך פאריכט: „פּארדאָן, עקסעלענץ, דאָס איז ניט קיין אולטימאטום, דאָס איז א דעמארש מיט א טערמין".

## פערטער קאפיטל.

## די איבערראַשונג.

אין דער הארטער בעט פון אן אכסניה אין אַ סערבישן העק ליגט א גראָהאָריקער מענטש מיט אַ דרייסטן פנים; טונקל,

פול מיט קנייטשן, געטרייסלט פון לעבן, אָבער ניט אומצוברייני־
גען. אָקאָרשט האָט ער פאַרענדיקט זיין ווער־ווייס־וויפילטע וואל־
רעדע, באַגלייט פון זשיוויאָ־רופן פון זיינע פאַרטיי־חברים, איז גע־
קומען צוריק, מאָרגן אינדערפרי פאָרט ער ווייטער, ער איז מיד
פון היץ און שטויב, פון פראזעס און צווישן־רופן, פונדעסטוועגן
קאָן ער ניט אָפּלאָזן. דאָס איז פּאַשיטש, דער סערבישער מיניס־
טער־פּרעזידענט.

— איצט מוז עס קומען, טראַכט ער און קוקט אויף דער
וואַנט. מער ווי אַ פּאָר טעג קאָן דאָס מער ניט געדויערן. און
גראד איצט די פאַרשאָלטענע וואל־נסיעה! די דאָרטן, אין ווין,
זיי האָבן דאָס באַקוועמער. דער קיסר באַשטימט, אַ פּאַלאַץ
שטייט גרייט, אפשר אויך אַ זומער־רעזידענץ, און כל זמן דער
אלהעכסטער האַר איז צופרידן, שפּיגלט זיך דער מיניסטער אין
זיין גענאָד. אונזער איינער מוז כסדר אנקומען צום פאלק; ווי
יענער רוימער, וואס איך האָב אים אנומלט געזען אין שעקספּירס
טראגעדיע, פארגעסן ווי ער הייסט. דעמאָלט אין ציריך אַלס
אינזשענער.

— דרייסיק יאָר ראַדיקאַלער פירער און נאָך אלץ וואַל־
רעדעס! איז מען ניט אין עצם געווען פרייער ווי א יונגער עמי־
גראַנט אין בולגאריען, אין דער שווייץ, פארמשפּט צום טויט,
אָבער ניט געשעריקט? צי רוסלאַנד וועט דאָס מאל האַלטן
וואָרט? מיר האָט דער צאר דערויף די האַנט געגעבן: „זאָגט
אייער קעניג, פאַר סערביען וועלן מיר אלץ טאָן!“ אָבער וואס
ווייס ער נעבעך פון פּאָליטיק! איזוואלסקי איז אַוועק, האַרטוויג
טויט, סאַזאָנאָוו ניט זיכער.

און צווישן שלאָף און וואך גייען פאר אים פאַרביי די גע־
שעענישן פון דער לעצטער צייט. וואָס ער האָט הונדערט מאָל
וועגן זיי געטראכט און לויט זיי געבויט זיינע פּלענער. מעגלעך
אַז ער טראכט וועגן ביסמאַרק: צי האָט יענער ניט באַדאַרפט
האָבן דריי מלחמות, בכדי צו פאראייניקן די שבטים פון זיין
ראסע? ער, פּאַשיטש, האָט אָקאָרשט געהאַט פארענדיקט צוויי

מלחמות, זיין לאַנד איז געוואָרן כמעט אין צווייען די גרייס, די אַלטע שונאים, די בולגאַרן און טערקן, זיינען געווען צעקלאַפּט. אויב ער וואלט מיט רוסלאַנדס הילף געקאָנט זיך צוכאַפּן צו דער צעטרייסלטער מאָנאַרכיע, דעמאלט וואלטן די לעצטע דרום־סלאוון זיך פאראייניקט מיט סערביען, און עס וואלט מקוים געווארן דער פארלאנג פון פופצן מיליאָנען און דער חלום פון פינף יאָרהונדערטער! שטענדיק איז פאר אים געווען א מוסטער גראד ביסמאַרק, דער גרויסער שונא פון סערביען. וואָס האָט דעמאָלט אַפן בערלינער קאָנגרעס טאַקע אָפּגענומען בא טערקיי באָסניע, נאָר ניט אָפּגעגעבן צוריק סערביען. גראד פון דעם ביסמאַרקן דאַרף ער אָפּלערנען. אויב יענער האָט צוגענומען באַ פראנקרייך צוויי געמישטע פראווינצן, פאר וואָס זאָלן מיר ניט צונעמען בא עסטרייך צוויי אנדערע, וואס געהערן צו אונזער ראסע און ניט צו עסטרייך אפילו יורידיש?

— אף א שפּאַציר דערלאַנגט מיר דער האפּערדיקער גראף פון ווין ניט די דאזיקע צוויי לענדער, וואָס ער האָט נאָר געהאַט דאָס רעכט צו פארוואלטן זיי. פארוואס האָט די טערקישע רעוואָלוציע געגעבן אים מער רעכט, ווי אונז? איר האָט געקאָנט צווינגען צו בעטן בא אייך מחילה. פארוואָס איר האָט צוגעכאַפּט באַ די טערקן אַ שטיק לאַנד, אבער אונזערע געדאנקען זיינען פריי. האָבן זיך נים שוין א סך פעלקער אין אייראפּע באַפרייט דורך קאמף מיט עסטרייך?

פון די דאָזיקע געדאַנקען רייסט אים ארויס א קלאַפּ אין טיר: אַ טעלעגראמע פון בעלגראד. דער עסטרייכישער אולטימאַטום. תיכף קומען אהיים!

*

מיט דריי וואכן צוריק, דריי שעה נאכן אַטנטאַט, אז די די ידיעה איז אָנגעקומען אין בעלגראד, האָט דער קליגסטער מענטש אין שטאָט געזאָגט: „הלואי זאל דאָס ניט זיין קיין סערב!“ דער וואס האָט דאָס געזאָגט, איז אליין ניט געווען קיין סערב, און ער האָט געזאָגט פונקט דעם היפוך, וואָס ער האָט מיט אַן אמת געוואָלט, ווארום שוין זינט יאָרן האָט ער געשטרעבט צו

קריג און צעבלאזן דעם קאָנפליקט. פון בעלגראד האָט ער גע־
וואלט פירן דאָס זיגרייכע רוסלאַנד קיין ווין. דאָס איז געווען
האַרטוויג, דער רוסישער אַמבאַסאדאר, א גרויסער חשוב אין
בעלגראד, ווארום זיין האַר, דער רוסישער קיסר, איז דאָך
געווען דער העכסטער שטערן אין הימל פון דער סערבישער
האפענונג. אין אוונט פונם אַטנטאַט זיינען בא אים געווען געלאַדן
געסט.

אפן צווייטן טאג גייט האַרטוויג אַריבער צו זיין עסטרייכישן
קאָלעגע. מיט שווייגנדיקער פיינטשאַפט דריקט מען זיך די הענט
באם אויסדריקן דעם מיטגעפיל.

— באַלד קומט די אָפרעכענונג, טראכט דער רוס, דער
שונא פון עסטרייך.

— באַנדיטן! טראכט דער עסטרייכער, דער שונא פון
רוסלאַנד.

אין א מינוט ארום פאַלט האַרטוויג אַראָפּ פון שטול און
אין צוויי מינוט ארום איז ער טויט.

— זייער ניט אנגענעם גראד בא אונז! קלערט דער יונ־
גער באראן, נים תופס צו זיין דעם סימבאל פון דער סצענע.
צי וועלן דאָס פאַרשטיין די פעלקער?

אין די ערשטע טעג נאָכן אטנטאַט זיינען אלע קרייזן אין
בעלגראד געווען שטאַרק געדריקט. מיט עטלעכע וואָכן צוריק
זיינען די אָנפאלערס געווען דאָ, פון דאַנען האָבן זיי מיט דער
הילף פון סערבישע אָפיצערן און באַאמטע מיטגענומען געווער;
אומבאַשטימטע קלאַנגען איבער אַן אטנטאַט, וואָס דאַרף פאָרקו־
מען, זיינען דערגאַנגען צו דער רעגירונג. מען האָט געפילט, אז
די וועלט, קודם כל די שונאים, וועלן גלויבן, אַז מען טראגט א
מאָראלישע אחריות. אויך האָבן איצט באדארפט אָפגעשלאָסן ווערן
ווירטשאַפטלעכע אָפמאַכן מיט דער מאָנאַרכיע. דער גאַנצער
באַלקאַן איז אין יולי געלעגן ווי אונטער אַ בארג. פון דאָסניי
האָט מען געפילט, ווי עס שטויסן זיך דאָ צונויף צוויי ראסעס
און קולטורן, וואָס הינטער זיי זיינען געשטאַנען צוויי מיליטער־
מלוכות. די אַלטע פיינטשאַפט צווישן עסטרייך און רוסלאַנד

האָט צעטרייסלט דעם דאָזיקן ווינקל פון אייראָפּע. צוערשט האָבן די בלעטער געשענדט דעם אַטענטאַט. אָבער שוין דעם צווייטן טאָג האָט דער סערבישער אַמבאַסאַדאָר אין פּעטערבורג זיך נאָרישערווייז אויסגעדריקט פאַר דער פּרעסע, אַז דער אַטענטאַט שטאַמט פון דער אומצופרידנקייט אין באָסניען. דערנאָך האָט גלייכציייטיק אין בעלגראַד און אין ווין געפּלאַצט אַ ראַקעטע, אַז איצט מעג מען אָנהייבן און עס האָט זיך אָנגעהייבן אַ פייערווערק פון זידלערייען אין דער פּרעסע, וואָס קיין איינע פון די רעגירונגען האָט ניט אָפּגעשטעלט.

אין באַשטימטן טאָג איז אין דער עסטרייכישער אַמבאַסאַדע אַלץ גרייט. זינט אינדערפרי חזרט זיך דער אַמבאַסאַדאָר גיזל איין: צווישן 4 און 5, אַזוי איז דער באַפעל פון זיין האַר. פּלוצים קומט אָן אַ טעלעגראַמע פון ווין: היות ווי פּואַנקאַרע פאַרלאָזט פּעטערבורג ערשט 11 אַזייגער, זאָל גיזל איבערגעבן די נאָטע „פּריסטנס עטלעכע מינוט פאַר 5” און תיכף טעלעגראַפירן, צי ער וועט אָנהייבן 5 אָדער ערשט אום 6. גיזלס אויפרעגונג שטייגט: פון איין שעה זיינען אָפּהייענגיק פעלקער־גורלות און הגם ער האָט נאָר באַדאַרפט טעלעפאָנירן. אַז ער גייט אום 6, פאַלט ער ניט אַרויס פון זיין טראַגישער ראָלע און טעלעגראַפירט, אַז ער וועט „אַלץ אָנווענדן, דורכצופירן דעם דעמאַרש ערשט אום 6 אַזייגער”. מעטערניכס ירושה.

6 אַזייגער ווערט דער אולטימאַטום איבערגעגעבן. דער פינאַנס־מיניסטער וואָס פאַרטרעט פּאַשיטשן: „עס וועט קוים זיין מעגלעך אַזוי גיך צונויפצורופן דעם מיניסטאָרן־ראַט. אַ טייל פון די מיניסטאָרן זיינען אין וועג.”

גיזל שמייכלט: „אין דער צייט פון אייזנבאַנען, טעלעגראַף און טעלעפאָן בא דער גרויס פון קעניגרייך איז דאָס ניט שווער צו דערגרייכן”. אַ היסטאָרישער זאַץ.

*

די ווירקונג איז געווען אַ שרעקלעכע. אין צוויי שעה ארום וייס די גאַנץ שטאָט, עסטרייך וויל אונז חרוב מאַכן. עס ווערט

א מהומה, מען גלויבט אלע קלאַנגען, אַז דער פירער איז גע־הרגעט, יענער פירער אראָפּגעזועצט, פאַרטריבן. בעת אַלע ווילן אָפּוואַרפן, פאַלט די שטימונג, ווייל מען פילט זיך פאַרלאָזן.

אַף מאָרגן אינדערפרי איז אנגעקומען פּאַשיטש; מען זיצט ביז פאַרנאַכט, נאָר צו קיין החלטה קומט מען ניט. אָבער ער באַרואיקט, הייסט דעם קרוינפּרינץ טעלעגראַפירן קיין רוים, באַזונדערס באַוועגט קיין פּעטערבורג, וואו די נאָטע איז באַוואוסט זינט היינט פרי: ער איז אומבאַשיצט און ווענדט זיך צום קיסרס סלאַווישן האַרץ.

פלוצים פאַרנאַכט לאָזן זיך הערן די שטימען פון צוויי גרויסע מלוכות באַם טיש פון די סערבן, וואָס זיצן אַף דער באַראַטונג: ווי גאָטהייטן ווערן זיי אופגענומען פון די איבערגעשראָקענע. לאָנדאָן עצהט: אָננעמען ווי ווייט מעגלעך; פּאַריז עצהט: זוכן צו געווינען צייט, אָנרופן אייראָפּע פאַר אַ בורר. אָבער דאָס גרויסע רוסלאַנד שווייגט.

אַפן צווייטן טאָג, דעם לעצטן וואָס איז געבליבן צום ענטפער, איז די שטימונג אינגאַנצן טונקל, ווייל עס פעלט די טעלעגראַמע פון רוסלאַנד. פּאַשיטש גופא עצהט שלום. דאָס פאָלק איז אויסגעמאַטערט נאָך צוויי מלחמות, די דינאַסטיע איז אין סכנה צו פאַלן אינאיינעם מיט די ראַדיקאַלן; פּויערים און אָפיצערן, די טרעגער פון די לעצטע נצחונות, זיינען שונאים פון די ראַדיקאַלן, מחמת מורא אָדער פאַרזיכט האָט דער קעניג פּעטער אין מאַי זיך געהאַט אָפּגעזאָגט פון טראָן, און דער קרוינפּרינץ איז געוועזן רעגענט.

פּאַשיטש עצהט, מען זאָל אָננעמען, ווי ווייט מעגלעך, דאָס הייסט כמעט אָן טענות: אַכט פּונקטן ווערן אָנגענומען, הגם מיט וויכטיקע אָפּשוואַכונגען, עס ווערט אפילו צוגעזאָגט די דערנידעריקנדיקע דערקלערונג מיט אַ באַפעל צו דער אַרמיי; נאָר אַף צו באַשטראָפן די שולדיקע ווערט פאַרלאַנגט אַ באַווייז, און אויך װיל מען ניט צולאָזן קיין עסטרייכישע באַאַמטע, ווייל דאָס איז

קעגן דער קאָנסטיטוציע, אין אייניקע פּרטים מאַכט מען זיך תמעוואַטע: ווי וועט מען טאָן דאָס, וואָס באַטייט יענס.

בעת דער לעצטער רעדאַקציע פאַרשפּרייט זיך אין שטאָט די פאַלשע ידיעה, אז פון צאַר איז אָנגעקומען אן אופמונטערנדיקע טעלעגראַמע, עס בייט זיך די שטימונג, מיליטער־לייט פאָדערן קריג, טומל אַף די גאסן, דער קרוינפּרינץ באַווייזט זיך צו פוס מיט אָפיצערן, מען באַגריסט אים מיט אויסרופן, מען קומט אָן צום שלאָס: לאָזט זיך אויס אַ בּוידים. שלוחים לויפן פון איין אַמבּאַסאַדע צו דער צווייטער, עוויווא אַף איטאַליען, מען שפּירט זיך אָפּגענאַרט אין דער האָפענונג, די דעמאָנסטראַציע גייט צו דער פראַנצויזישער אַמבּאַסאַדע, וואו דער יונגער אַטאַשע וויים צו זאָגן דעם עולם ניט מער ווי „סימפּאַטיע", מען גייט צום ענגלענדער, לאָזט ער זיך ניט ריידן, רוסישע טעלעגראַמעס צו פאַרשיידענע בעלגראַדער טוער ווערן ניט אָפּגעטראָגן צו די אַדרעסאַטן, נאָר עפּנטלעך אויסגעהאנגען אַף דער פּאָסט: אַלע זיינען אופמונטערנדיק. ווידער מאַניפעסטאַציעס צום שלאָס: „נידער מיט עסטרייך! אַ קלאָג צו די פּחדנים!" דער קרוינפּרינץ פאַר־לירט די פירונג, נאָר דער קלוגער פּאַשיטש לאָזט זיך ניט פאַר־טומלען, וואָרום דער צאַר שווייגט. דיפּלאָמאַטיש לאָזט ער זיך אָפּן ביידע וועגן, פון איין זייט נעמט ער אָן דעם אולטימאַטום, פון דער אנדער זייט לאָזט ער מאָביליזירן אין גאנצן לאַנד.

1 אזייגער. קעניג פּעטער זיצט דער ערשטער פאַר אַ פּאַפּיר, וואָס אין גיבן באַדאַרף אזעלכער ליגן פאַר א טוץ רע־גירערס. ער רופט אויפסניי צו געוועזער זיין פאָלק, וואָס האָט קוים אָפּגעאָטעמט.

דורך א מאָרד איז ער געקומען אפן טראָן, מיט עלף יאָר צוריק; דער רוסישער אַמבּאַסאַדאָר האָט געזען דורכן פענסטער, ווי מען האָט אומגעבּראַכט דעם לעצטן אָבּרענאָוויטש. צולעצט איז די מחלוקת צווישן די צוויי הייזער געוואָן אויס, אָבער ווי באַנקאָס גייסט באַווייזט ער זיך אַלע מאָל פאַרן אַלטן אין שעהן פון קריזיס. ענגלאנד האָט ניט געוואָלט ריידן. דאָס איז דאָך

דער זעלביקער סער עדוואַרד גריי, וואָס האָט דערמאָנט אָפּגערופן זיין אַמבאַסאַדאָר, ווייל ער האָט געוואוסט אַז קעניג פּעטער האָט געוואוסט מכּח דעם מאָרד פון זיין שונא. דערנאָך האָבן אַ סך זאַכן זיך אויסגעגלייכט, אָבער דער אַלטער האָט געפילט, אַז מען האָט אים נאָך אַלץ פיינט. דער צאַר איז גרויס! די טאָכטער, אמת, האָט ער ניט געגעבן, אָבער ער איז מעכטיק און האָט פיינט עסטרייך.

ער חתמעט אונטער דעם באַפעל פון מאָביליזאַציע. עס ווערט צונויפגעשטעלט אַ הויף=צוק, עס ווערט אַריינגעטראָגן אהין דאָס גאָלד פון באַנק, דאָקומענטן, דריי אַזייגער פאָרט אָפּ די קעניגלעכע פאַמיליע, די רעגירונג פון דער הויפּט=שטאָט, וואָס ליגט בײַם גרענעץ פון עסטרייך, וויַיט אין לאַנד אַריין. די פעסטונג, דער וואָקזאַל, די שטאָט אין באַוועגונג, דער גאַרניזאָן, די אַמוניציע ווערט אַרויסגעפירט, אַלץ קיין דרום, אין דער ריכטונג פון ניש.

מיט איין מאָל באַווייזט זיך אַ בילד, וואָס איז מסוגל קלאָר צו מאַכן גאָר די שרעקנס פון דער מלחמה מער ווי דאָס אָפּנאַרערישע בילד פון סאָלדאַטן מיט מוזיק און פאָנעס: דאָס זיינען די ערשטע סאַניטאַרע קאָלאָנעס — אַ שווייגעדיקע וואָרעניש.

בינתים האָט דער עסטרייכער צונויפגעפּאַקט זיינע זאַכן און איז געשטאַנען אָנגעגרייט צום פאָרן, ווייל ער האָט באַשטימט געהאָפט, אַז סערביען וועט אָפּוואַרפן. קורץ פאַר 6 אַזייגער קומט צו אים אַריבער פּאַשיטש צו פוס, בכדי איבערצוגעבן דעם סערבישן ענטפער.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט קיסר ווילהעלם אָנגעשריבן נעבן אָט דעם דאָקומענט פון פאַרהאַסטן קעניג=מערדער: „גלענצנדער אויפטו פאַר א צייט פון 48 שעה... דערמיט ווערט בטל יעדער גרונט פאַר אַ מלחמה, און גיזל האָט רואיק געמעגט בלייבן אין בעלגראַד. אַף אַזאַ ענטפער וואָלט איך קיין מאָל ניט באַפוילן קיין מאָביליזאַציע“.

אַזוי פאַרשטאַנדיק האָט רעאַגירט דער דייטשער קיסר. ווען אָבער האָט געהאַט באַפוילן צו ברענגען אַהיים אַ קריג־צושטאַנד טויט אָדער לעבעדיק. גיזל האָט גאָר קיין צייט ניט געהאַט גע־נוי איבערצולייענען דעם לאַנגען דאָקומענט: ער לויפט אים דורך מיט די אויגן, באַרואיקט זיך בײַ די עטלעכע אָבערס און אויבס און שיקט אַפּ אַזוי האַסטיק דעם פון פריער צוגעגרייטן ענטפער אין מיניסטעריום, אַז דער קוריער איז אָנגעקומען באַלד נאָך פּאַ־שימשן: די באַציאונגען זײַנען איבערגעריסן. אױף לייענען דעם דאָקומענט און ענטפערן האָט מען באַדאַרפט האָבן ווייניקסטנס אַ שעה צייט. נאָר גיזל האָט באַוויזן אַ קונץ: 35 מינוטן נאָכן באַקומען די סערבישע נאָטע האָט דער קוריער־צוג שוין געטראָגן אים מיט זײַנע מענטשן איבער דער אײַזנבאַן־בריק קיין זעמלין, אױף דער טעריטאָריע פון דער מאָנאַרכיע. א שעה צייט איז ער געווען דער וויכטיקסטער מענטש אין אייראָפּע.

## פינפטער קאַפּיטל.

## די אויפגערעגטע.

פון ים אַוועק יאָגט דער אָפענער אויטאָ דורך דער ליכטי־קער זומער־נאַכט אין שטאָט אַריין. אין גרויסן בויגן רינגלט ער אַרום דעם האַפן, כּדי צו קומען אין שטאָט. אין גרויסן בויגן נעמט אַרום דער געדאַנק פונם מענטשן אין יום־טובדיקן פראַק דעם האַפן און די צוויי שיפן, וואו עס איז אקאָרשט פאָרגעקומען די האַרציקע געזעגעניש. ער זעט, ווי די קיסרלעכע שיף שיסט אַרויף אין לײַכטקוילן איר געזעגן־גרוס אין דער לופט, און ווי דער פרעמדער קרייצער ענטפערט, פאַרקערעווענדיק פּאַוואָליע קיין מערב, צום פינישן אויסגוס.

מיר זײַנען איצט פאַר די טויערן פון פעטערבורג, און דאָס איז דעם צאַרס אויסערן־מיניסטער, וואס האָט זיך אָקאָרשט גע־האַט געזעגנט מיטן פּרעזידענט פון פראַנקרייך נאָך פיר טעג גלענצנדע פייערונגען און ערנסטע שמועסן. די בילדער פון די דאָזיקע טעג פליען האַסטיק פאַרבײַ. ווי די הײַזער אין די

גאסן, וואו ער פאָרט, ער קאָן זיי ניט איינהאַלטן. סאַזאָנאָוו טראַכט:

— מערקווירדיק קאַלט איז געווען דאָס פּובליקום. צי האָבן די פּראַווינצן געשפּירט, אַז דער בייפאַל איז געווען א געדונגענער? צי זיי האָבן באַמערקט, אַז די אַרבעטער האָבן געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער און געוואונקען מיט רויטע טיכלעך? איך גיי אין געווענט, אַז זייערע קעשענעס זיינען געווען פול מיט שטיינער. וואָס האָט מען געקאָנט טאָן? האָט מען געזאָלט די פּראָווינצן מכבד זיין מיט א שחיטה? זיין מאַיעסטעט האָט זיך גוט געהאַלטן, קיין מענטש האָט ניט באַמערקט, וויפיל דער גאַסט מיט זיינע פּרעטענזיעס איז אים געפאַלן אַף די נערוון. זיין אויפפיר איז געווען מער פון א מאָנאַרך, איידער פון א פּרעזידענט. די מעשה באַם אופנעם פון דיפּלאָמאַטן=קאָרפּוס איז שוין געוועזן צו טאַקטלויז. דער גוטער פּואַנקאַרע האָט דאָך געמוזט פילן אַז ער איז דאָ אַ גאַסט און האָט בעצם ניט קיין רעכט צו מוסרן אַ פרעמדן אַמבאַסאַדאָר: „פאַרגעסט ניט, עקסעלענץ, אַז סערביען האָט גוטע פריינט אין דער וועלט, וואָס ווילן זי ניט פאַרלאָזן!“ נו יאָ, אָבער מען זאָגט דאָך דאָס ניט, דערצו נאָך דעם אונגאַר אין פּנים אריין, וואָס קלערט זיך מיט ביטול: איר זייט אַ פאַרמיי=פירער, און איך האָב צוויי און צוואַנציק דורות!

דער צונטער=רויטער קאָנוואי האָט אים שטאַרק אימפּאָנירט. צי האָט ער באַמערקט די איראָניע, ווי אַזוי ער מיט זיין סאָציאַליסטישן מיניסטער איז אריינגעפאָרן אין דער פּעטראָ=פּאַוולאָווסקער פעסטונג, ארומגערינגלט פון אונזערע קאָזאַקן? „דער עולם“ מיינט פּאַעלאָג, „פרעגט זיך נאָר, צי ווערן די דאָזיקע צוויי רעוואָלוציאָנערן אָפּגעפירט אין פעסטונג“. אין אַזעלכע מאָמענטן ברענגט מיך דער פּאַראַדאָקס פון אונזער בונד צום לאַכן.

סאַזאָנאָווס אויטאָ איז אָנגעקומען ביזן גלייכן שאָסיי, ער זעט דעם פּייסאַזש צעפּליסן אין שיין פון דער פּעטערבורגער ווייסער נאַכט, א סעקונדע שפּירט ער די שיינקייט פון דער

שטאַט, אָבער שוין אַרבעט זיין מוח קלאָר, עס פליען פאַרביי זיינע אופטוען און פלענער פון די לעצטע יאָרן, ווידער קומען זיינע פלענער צו אַ קריזיס, ווי דאָס איז געווען פאַר צוויי יאָרן, בשעת ער האָט אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן פון אַ באַלקאַן־בונד. דערמאָלט האָט ער אַוועקגעשטעלט דעם צאַר פאַר אַ בורר פון באַלקאַן.

— האָט ניט אויסגעוויזן, אַז אַלץ איז פאַרטיק? טראַכט סאַזאָנאָוו ווייטער. איטאַליען האָט טריפּאָלי; איצטער איז געקומען אונזער צייט צו נעמען אַ חלק פון דער טערקישער ירושה: דעם קאַליפס קאָפּ אף אַ גאָלדענער שיסל! דער באָספאָר און די דאַרדאַנעלן זיינען געלעגן גרייט — שטרעק אויס די האַנט און נעם. און אויב מען האט דער קיסרין אויסגעמאָלט דאָס בילד, ווי אַזוי אין דער א׳א סאַפיא וועט ווידער קלינגען דאָס קירכן־ליד, האָט דער צאַר זיך אָפּגעווענדט פון באַראָן פרעדעריקס און אַנדערע בעלי־חלומות און באַוויליקט נייע שיפן פאַרן שוואַרצן ים. נאָר דער פאַרשאָלטענער קאַיאָ האָט אויפגערייצט די פאַריזער באַנקירן און צו נישט געמאַכט איזוואָלסקיס אַרבעט.

— פּאַשיטש וועט איצט אויך ניט שלאָפן. אַז ער איז דאָ געווען דאָס לעצטע מאָל, איז ער אַ ביסל צו פיל צוגעשטאַנען. „באַ דער זייט פון סערבישן קרוינפּרינץ וואָלט די טאָכטער פון אייער מאַיעסטעט געוואָרן צאַרין פון דער דרום־סלאַווישער אימפּעריע“. באַלקאַנישע פּראַזעס. דעם דאָזיקן פּויער האָט זיך פאַרגלוסט צו פאַרשדכנען דעם צאַרס אַ טאָכטער.

— נאָר פאָרט האָט דער סערבישער באַזוך געבראַכט נוצן, טראַכט סאַזאָנאָוו ווייטער. דערמאָלט האָט אונזער גענעראַל־שטאַב געקאָנט אָנווייזן אַף דעם באַטייט פון אַ סערבישן אָנפאַל אַף עסטרייך: „דערמאָלט וואָלט עסטרייך געווען געצוואונגען אָפּצוטיילן פיר ביז פינף קאָרפּוסן קעגן סערביען. פאַר איטלעכן רוסישן האַרץ האָבן די ים־דורכגוסן אַזאַ גוואַלדיקן באַטייט, אַז מיר מוזן זיך אַריינמישן באַ אַן אומבייט. פאַרשטייט זיך, דער קאַמף פאַר קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז מעגלעך נאָר בעת אַן אייראָפּעיִשן קריג“.

סאַזאָנאָווס אויטאָ פאָרט ־אַריין אין פאָרשטאָט, ער הערט שיסן.

— נאך אלץ? טראַכט ער אומצופרידן. 83.000 שטרייקערס, אף וויבאָרגער זייט אפילו פּרוּוון צו מאַכן באַריקאַדעס. אין דער זעלביקער שעה ווען אונזער גוואַרדיע שפּילט אין קראַסנאָיע סעלאָ פאַרן פראַנצויז זיין רעוואָלוציאָנערן מאַרש!

— פאַרוואס לאָזט דאָס מאַקלאַקאָוו באַלד שיסן אין די מענטשן? וועט דאָס קיין מאָל ניט נעמען קיין סוף? פאַרשאָלטענע אינדוסטריע. אין דאָרף איז אלץ פיין און שטיל, עס האָט געקאָנט נאָך הונדערטער יאָרן בלייבן אזוי. אַז זשאָרעס וועט געוואָר ווערן די צאָל פון די נעכטיקע הרוגים, צעבונטעוועט ער קעגן אונז א האַלבן פאַרלאַמענט.

דער אויטאָ דערנענטערט זיך צום ברעג נעווא. עס איז כמעט האַלבע נאַכט, אָבער נאָך אלץ שפּילט מוזיק אין די רעסטאָראַן־סעדער. נאָך דעם הייסן טאָג וויל די שטאָט א ביסל זיך אָפּקילן. דעם מיניסטערס געדאַנקען גייען אריבער פון פראַנצויזישן פאַרלאַמענט צו די פּאַריזער באַנקירן. ער טראַכט וועגן די לעצטע דריטהאַלבן מיליאַרדן, וואָס פראַנקרייך האָט געגעבן בפירוש מיטן תנאי צו בויען נייע סטראַטעגישע אייזנבאַנען אין פּוילן. ווי גוט די גאָלדענע קייט פון די פיל מיליאַרדן פאַרבינדט ביידע פעלקער. דעמאָלט פאַלט אים איין דער אַרטיקל, וואָס דורך אים האָט סוכאָמלינאָוו מיט עטלעכע וואָכן צוריק אַריינגעבראַכט אומרו אין אייראָפּע: „רוסלאַנד איז גרייט, פראַנקרייך מוז אויך זיין גרייט", און ער האָט געצעהט די פראַנצויזן איינצופירן א דינסטצייט פון דריי יאָר, ווארום צו זיינע צוויי מיליאָן סאָלדאַטן מוז מען האָבן דריי פערטל מיליאָן פראַנצויזישע, אַנדערש טאָר מען ניט ריזיקירן. גוט, וואָס מיט פּואַנקאַרע איז מען געווען זיכער; שוין אין זיין ערשטן מאַניפעסט האָט ער געשריבן: „פראַנקרייך מוז זיין גרויס און שטאַרק צוליב די אינטערעסן פון דער ציוויליזאַציע און שלום. קודם כל איז נויטיק ענערגיע". קאָן מען דען קוניקער פאַרשווייגן דעם רעוואַנש־געדאַנק?

דער מיניסטער איז געוואָרן אומרואיק. דעפּעשן פון ווין און בעלגראד האָבן געגעבן אָנצוהערן, אַז עס גענענט די שעה פון אַנטשיידונג. אים זאָגט אויך עפּעס דאָס הארץ. דער דאָזיקער רעאַליסט איז ניט פריי פון מיסטישע שטריכן, און ווי ער באַקלערט אַזוי פּלענער און פאָרגעפילן, רופט ער אויס צום שאָפער: „פאָר אין מיניסטעריום!" דער נאַכט-שווייצער איז נשתומם, די דינערם לויפן, די טירן קלאַפּן, נאָר אין שיפריר-ביורא באַוואונדערט מען דעם שעפס חוש הריח, ווארום מען האַלט גראד אין אָפּשיפרירן אַ לאַנגע דעפּעשע פון בעלגראד און אין צוואַנציק מינוט וועט זי זיין פארטיק.

— וויוויאַני האָט, הייסט דאָס, געהאַט רעכט. מען האָט אים באַדאַרפט פאַרכאַפּן, בערכטהאלד האָט אויסגערעכנט די שעה ווען אונזערע פראַנצויזן וועלן אָפּפאָרן.

סאַזאָנאָוו צאַמט איין זיין אומגעדולד דורך אונטערחתמען פּאַפּירן. אַרום האַלבער נאַכט ברייננט מען צו אים דעם אָפּשיפרירטן ווינער אולטימאַטום.

*

מיט א געשריי האָט דעם אנדערן פרימארגן אייראפּע זיך אופגעכאַפּט פון איר זומער-שלאָף. קאַבינעטן און מיסיעס, שטאַבן און באַנקירן פון אלע הויפּט-שטעט זיינען געקומען אין באַוועגונג, האָבן איבערגעריסן דעם אורלאָפּ אַרויסגערופן זייערע מענטשן אהיים, אומרואיק, נייגעריק, דערשראָקן.

דאָ אין פּעטערבורג זיינען דער רוב פון די מעכטיקע אין קאַבינעט און אין גענעראַל-שטאַב געווען פריילעך אופגעלייגט, זיי האָבן דאָך שוין פון לאַנג געגאַרט נאָך מלחמה. „דאָס צוקונפט לאַנד פון סערביען ליגט אין געביט פון איצטיקן עסטרייך-אונגארן... די צייט אַרבעט פאַר סערביען און פאַר דער מפּלה פון אירע שונאים, וואָס ווייזן אַרויס דייטלעכע סמנים פון צעפוילונג",

— אַזוי איז געשטאַנען ניט אין א צייטונג-ארטיקל, נאָר אין א אָפיציעלער דעפּעשע, וואָס סאַזאָנאָוו האָט אָפּגעשיקט נאָכן ערשטן באַלקאַנישן קריג צו דער בעלגראדער רעגירונג, בכדי איר איינ-

צוגעבֿן מוט. איִן האַרבֿסט פֿון יאר 13 האָט דער פראנצויז געשריבֿן פֿון פּעטערבורג אהיים: „זינט דעם אָנהייבֿ פֿונם באלקאן־קריזיס זוכט רוסלאַנד כסדר צו דערנידעריקן עסטרייך אַפֿן באַלקאן, בכדי זיך אָפּצורעכענען פאר 1908, וואָס דעמאלט האָט ערנטאַל דערנידעריקט רוסלאַנד“. און אין יאַנוואר 1914 האָבֿן דער קריגס־מיניסטער און דער שעף פֿון גענעראל־שטאַבֿ דערקלערט, אַז „רוסלאַנד איז פֿולקום גרייט צו א קאַמף מיט דייטשלאַנד, שוין אָפּגערעדט פֿון אַ קאמף מיט עסטרייך.“

היינט אַרום האַלבֿן טאָג זיינען געזעסן אין פּעטערבורג דריי גרויסע מלוכות בּאַ איין טיש. דער פלינקער פראנצויז האָט אינדערפרי איינגעלאַדן דורכן טעלעפאן דעם אויסערן־מיניסטער און אים צוגעזאָגט אַ זעלטענעם געריכט, וואס קיינער וואָלט אים ניט געקאָנט אָנבאָטן: דעם ענגלישן אמבאסאַדאָר. סער דזשאָרדזש ביוקענען, קאָנסערוואטיוו, גוט געשטימט, אויבֿ ניט פאר פראנקרייך איז דאָך פאר רוסלאַנד און קעגן דייטשלאַנד, האָט אף דעם פרישטיק קעגן אייגענעם ווילן געמוזט זיין איינגעהאַלטן. פּאַלעאָלאָג, דער בעל־הבית, איז געווען בויגעוודיק, באַריידעוודיק, אויפֿגעמונטערט דורך זיין פּרעזידענט פּואַנקאַרע און געוויס דער אויפֿגערעגטסטער בּאַם דאָזיקן היסטאָרישן טיש. שוין מיט דריי וואכן צוריק האָט ער נביאות געזאָגט אין א בריוו צו בריאַנען: „איך שפּיר מיר גייען אַנטקעגן א שטורעם; וואו און ווען ער וועט אויסברעכן, קאָן איך ניט זאָגן“.

סאַזאָנאָוו אָבֿער האט איִן יענעם טאָג נאך קיין קריג ניט געוואלט: סערביען איז מאָראליש געווען הינטערשטעליק אַנטקעגן עסטרייך, רוסלאנד גופא איז נאָך אויך ניט געווען פאַרטיק — דאָס האט דער מיניסטער געוואוסט, ניט געקוקט אף דער באַריימעריי פֿון די מיליטער־לייט. דעריבער האָט ער געקלערט וועגן א טיילווייזער מאבֿיליזאציע, בכדי צו דריקן אַף עסטרייך, און דייטשלאַנד זאל זיך ניט אריינמישן; נאך די ערשטע נצחונות פֿון עסטרייך וואלט מען געקאנט ראַטעווען סערביען; עס וואלט געווען א דיפלאמאַטישער ניצחון, די מיטל־איראָפּייאישע מלוכות אָפּגעשטופּט, ערנטאַלס ניצחון פֿון 1908 צו נישט

געמאַכט. טאָמער מאַבליזירט אָבער דײטשלאַנד אויך? דעמאָלט איז גילטיק דער בונד מיט פראַנקרײך, דעמאָלט עפענען זיך אויף ברײטע פּערספּעקטיװן, אויב מען קען נאָר אַף געװיס רעכענען אַף ענגלאַנד, דעמאָלט קען מען געװינען דאָס העכסטע, די דאַרדאַנעלן!

הײנט אינדערפרי האָט אים דאָס קלאָר געמאַכט זײן פּאַריזער אַמבאַסאַדאָר, װאָס איז געװען געקומען צוזאַמען מיט פּואַנקאַרע, אָבער נאָך ניט אָפּגעפאָרן. דאָס איז געװען איזװאָלסקיס חלום.

ניט איבער דעם גלײכן טעם, נאָר מיט דער גלײכער היץ זוכן איצט בײדע, דער פראַנצויז און דער רוס, אַרויסצוקריגן אַ װאָרט פון ענגלענדער: האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אונז, קלערט דער פראַנצויז, דעמאָלט געװינען מיר געװיס די מלחמה! האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט אָפן פאַר אונז, קלערט דער רוס, דעמאָלט איז אָדער דער דרײבונד שרעקט זיך איבער, אָדער מיר זיגן! דער דאָזיקער פראַנצויז קלערט װעגן מלחמה, דער דאָזיקער רוס פילט װי דער סערב און װיל האַלטן אָפן צװײ װעגן, און דער שלום־װעג איז פאַר אים הײנט דער בעסערער.

באַם טיש זײנען אַלע דרײ מסכים אין צװײ פּונקטן: װין איז משוגע און בערלין שפּילט פון הינטן. פּאַלעאָלאָגס באַריכט גיט איבער די הויפּט־פּונקטן פונם דאָזיקן שמועס:

דער פראַנצויז: „װאָס עס איז נויטיק, װעלן מיר טאָן, נאָך נעכטן האָבן דער צאַר און אונזער פּרעזידענט צוגעזאָגט אײנער דעם אַנדערן: מיר װעלן טאָן פעסט און אַנטשלאָסן.“

דער רוס: „און אויב די דאָזיקע פּאָליטיק פירט צו אַ קריג?“

דער פראַנצויז: „זי װעט אונז פירן צו קריג נאָר דעמאָלט, אויב די גערמאַנישע מלוכות האָבן לכתחילה באַשלאָסן אָנצוּװענדן כח“.

דער ענגלענדער: „איך מיין מיר וועלן בלייבן נייטראל. איך האָב מורא, אַז פראנקרייך און רוסלאַנד וועלן צעריבן ווער פונם דרייבונד".

פויזע. דער בעל־הבית פון הויז און דער בעל־הבית פון לאַנד שווייגן צעמישט. דעמאָלט זאָגט סאַזאָנאָוו אַנטשלאָסן: „בא די איצ־טיקע תנאים וואָלט ענגלאַנדס נייטראליטעט געווען גלייך צו אַ זעלבסטמאָרד!"

„זעט איר דען ניט," העלפט אונטער פּאַלעאָלאָג, „אַז ענגלאַנד קאָן דאָ שפּילן אַ באַשטימענדיקע ראָלע. ערשט מיט פיר טעג צוריק האָט דער צאַר געזאָגט צו מיר: „אויב דייטש־לאַנד איז ניט אין גאַנצן אַראָפּ פון זינען, וועט זי ניט דערוועגן זיך אָנצופאלן אף די פאראייניקטע רוסלאַנד, פראנקרייך און ענג־לאַנד."

סער דזשארדזש בוקענען איז די מעשה שטאַרק פריקרע; ער זאָגט: „איך האָב מורא, אז אונזער עפנטלעכע מיינונג איז נאָך וויט דערפון צו פארשטיין, וואס דער נאַציאָנאַלער אינטערעס פאַרלאַנגט. אין סערביען זיינען מיר ניט פאראינטערעסירט דירעקט, און דער מענטש פון גאַס וועט קיין מאָל ניט מסכים זיי צו א קריג פון וועגן סערביען".

אַזוי האָבן די דריי מלוכות דעם ערשטן טאָג פארנומען זייערע פּאָזיציעס.

*

די זיצונג פונם מיניסטאָרן־ראט געדויערט פינף שעה. זי איז געוואָרן אַריבערגעטראָגן אף מאָרגן צו דער זיצונג פון מלוכה־ראַט. היינט איז דערוויל באַשלאָסן געוואָרן אַז ווין באַ־דאַרף אָפּלייגן דעם אולטימאַטום, בכדי די גרויסע מלוכות זאלן קאָנען שטודירן דעם באַשולדיקונגס־מאַטעריאל קעגן סערביען, און דעם קריגס־מיניסטער איז געגעבן געוואָרן רשות פּאָרצולייגן מאָ־ביליזאַציע קעגן עסטרייך, „אויב דאָס וועט זיין נויטיק". אַן עפנט־לעכע דערקלערונג האָט געזאָגט, אַז רוסלאַנד קאָן ניט בלייבן גלייכגילטיק. אינדערפרי איז געקומען צום אויסערן־מיניסטער דער

עסטרײַכישער אמבאַסאַדאָר, פארנאַכט דער דײַטשער, זײַ זײַנען געווען פארשײַדענע מענטשן, און האָבן אײנער דעם אנדערן ניט געקאָנט לײַדן.

דער עסטרײַכישער אַמבאַסאַדאָר גראף סאפּארי איז אַ פּײַנער קאַוואַלער פון אונגאַרן. ער לײַענט פאָר אָפיציעל די נאָטע צו סערביען, אָבער סאַזאָנאָוו פאַלט אים אַרײַן כסדר אין די רײד: ער וויל מאַכן דעם אָנשטעל פון נערוויז מער ווי ער איז, בכדי דער אונגאַר זאָל טעלעגראפירן קײן ווין מכח דער „רוסישער אופרעגונג".

„איר ווילט האָבן פון פאַשיטשן פארזיכערונגען? ער וועט אײַך געבן פינף און צוואַנציק מאָל, אויב איר ווילט. אָבער אײַערע פאָדערונגען טרײַבן אַרויס די סערבן פון זײַער אײגענער שטוב! איר וועט דאָך וועלן שטענדיק זיך אַרײַנמישן! וואָסער לעבן גרײט איר דאָ פאר אײראָפּע!"

דער אונגאַר לײַענט ווײַטער.

סאַזאָנאָוו: „וואָס האָט זיך דער ווינער קאַבינעט אַזוי מטריח געווען, וויבאַלד ער האָט דאָך שוין געשטעלט אַן אולטימאַטום? עס איז אַ טעות, ווען אײַער מאָנאַרכיע מײנט, אַז די ציוויליזירטע וועלט פילט איר מיט!"

„עס וואָלט געווען טרויעריק, אויב די מאנאַרכיע וואָלט אין דער דאָזיקער פראַגע וואו עס איז אײַנגעשטעלט אין קאָן דאָס הײליקסטע וואָס זי האָט, און וואָס עס איז אויך הײליק פאר רוסלאַנד, ניט געפונען קײן מיטגעפיל!"

„די מאָנאַרכישע אידײ האָט מיט דער זאַך ניט צו טאָן. איר ווילט קריג און האָט אָפּגעבראָכן די בריקן הינטער זיך!"

מיר זײַנען די פרידלעכסטע נאַציע אין דער וועלט. מיר מוזן אָבער באַשיצן אונזער לאַנד קעגן רעוואָלוציע און אונזער דינאַסטיע פון באָמבעס!"

„פרידלעך? איר צינדט דאָך אָן אַ שרפה אין גאַנץ אײראָפּע!"

אָנדערטהאַלבן שעה גערעדט דער דאָזיקער וכוח.

אינאָווגט דערקלערט דער דייטשער אמבאַסאַדאָר, גראַף פּורטאַלעס, פּייערלעך, אַז דייטשלאַנד אונטערשטיצט עסטרייך אָן תנאים. סאַזאָנאָוו זאָגט:

„עסטרייך האָט פאָרגעלייגט דורכצוקוקן דאָקומענטן. נאָכ־דעם ווי זי האָט שוין אָפּגעשיקט אן אולטימאַטום. האלט איר דאס פאַר ריכטיק?"

„איך באַדויער, עקסעלענץ, וואָס איך קאָן מיט אייך ניט מסכים זיין. עסטרייך־אונגאַרן קאָן ניט אָננעמען קיין אריינמישונג אין איר פאַרהעלטעניש צו סערביען. אויך מיר קאָנען ניט אָננע־מען קיין פאָדערונג, וואָס זאָל גיין קעגן דער ווערדע פון פאַר־בינדעטן לאַנד".

„מיר ווילן ניט לאָזן סערביען אליין אין קאַמף קעגן עסטרייך".

„איר האָט עסטרייך ניט ליב געגוג, פאַרוואָס ווילט איר פאַרביטערן די לעצטע יאָרן פון א בכבודיקן מאָנאַרך?"

סאַזאָנאָוו קוקט אָן דעם דייטש מיט שנאה, דערנאָך זאָגט ער קאַלט: „אמת, מיר האָבן עסטרייך ניט ליב. און פאַרוואָס זאָלן מיר זי ליב האָבן? זי האָט אונז שטענדיק נאָר געשאַדט. און אייב איר בכבודער מאָנאַרך טראָגט נאָך היינט די קרוין אפן קאָפּ, האָט ער דאָס צו פאַרדאַנקען אונז. דערמאָנט זיך נאָר, ווי אַזוי ער האָט אונז ארויסגעוויזן זיין דאַנק אין די יאָרן 55, 77 און 1908! אונז אופצוואַרפן, אַז מיר האָבן עסטרייך ניט ליב!"

דער מיניסטער איז צעהיצט, דער אמבאַסאַדאָר גייט אוועק. באַלד נאָכדעם דערציילט סאַזאַנאָוו די מעשה דעם פראַנצויז און ענדיקט: „דער שמועס האָט זיך געענדיקט זייער אופגערעגט".

*

דער קרוינראַט איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַפּן צווייטן טאָג אין לאַגער פון קראַסנאָיע סעלאָ, און דאָס איז געווען א צרה! די גאַנצע געגנט אַרום האָט געגלאַנצט פון מיליטער אָן א שיעור. אומעטום פול מיט שטאַב־אָפיצערן, דער אמתער קריגס־

לאַגער. דער צאַר איז געווען ארומגערינגלט נאָר פון גענעראלן, שעפּן און גרויספירשטן: עס איז כּמעט געהאַנגען ווי א סטראַשונעק איבער אים. נאָך פרישטיק איז אָנגעקומען דער ענטפער פון ווין, אַז עסטרייך קאָן בשום אופן ניט פארלייגערן דעם אולטימאַטום: די שטימונג, וואָס איז פריער געווען ערנסט און איינגעהאַלטן, איז איצט געוואָרן אן אופגערייצטע. דאָס אלץ צוזאַמען מיטן טאָן פון דער נאָטע, מיט דער אופרודערנדיקער השפּעה וואָס פּואַנקאַרע האָט איבערגעלאָזט, האָט קענטיק באַרעכטיקט דעם נאַטירלעכן ווילן פון די אָפיצערן צום קריג.

צו וואַרימעם איז געזעסן באַם צאַרס טיש דער אַדיוטאַנט פון דייטשן קיסר, גענעראַל פאָן כעליוס, אַ הויך קולטיווירטער מענטש, וואָס האָט פאַרשטאַנען זיך ניט צו מאַכן הערנדיק און זעענדיק די שנאה ארום. דער גובערנאַטאָר פון פּעטערבורג כאַפּט זיך ארויס מיט אַ וואָרט וועגן מאָביליזאַציע. דער אויבערשטאַלמייסטער ווענדט זיך צו אים העפלעך און זאָגט: „וואָס עס איז באַשלאָסן, טאָר איך אייך ניט זאָגן; איר מעגט אבער משער זיין, אַז עס איז זייער ערנסט", קלאַפּט אָן מיט אים די קעלישקעס און זאָגט ווי צום געזעגענען זיך: „האָפנטלעך זעען מיר זיך אין בעסערע צייטן".

אום זעקס מוט אַ גענעראַל אַ קוק אַפן זייגער און זאָגט צום דייטש, מיט א רמז אַף דעם אולטימאַטום: „איצט הייבן באַלד אָן די הארמאַטן אפן דונאַי צו פייערן. ווארום אזאַ נאָטע קאָן מען אָפּשיקן נאָר דעמאָלט, ווען די האַרמאַטן זיינען אָנגעלאָדן".

אינאָיינט אין דער אָפּער ווערט דעם צאַר אונטערגעטראַגן אַן אָוואַציע, וואָס דער גרויספירשט ניקאָלאַי האָט צוגעגרייט. ער האָט באַשטימט דעם באַשלוס פון קרוין-ראַט. ריזיק, מיט א גראָער שפּיציקער באָרד, דרייסטע בליקן, אַ פריינט פון די פראַנצויזן נאָך פון דער פאַריזער גוטער צייט, אַ מאַן וואָס מען שטעלט אים זיך פאָר באַ פרויען און באַ דינער מיט אַ בייטש אין האַנט, דער מאַן פון א ליידנשאַפטלעכער מאָנטענעגרערין,

וואָס אינטריגירט קעגן דייטשלאַנד שוין זינט יאָרן: שוין לאַנג איז ער געווען דער קאָפּ און די פויסט פון דער רוסישער קריגס־פּאַרטיי קעגן דייטשלאַנד.

נעבן אים איז געזעסן אין הייַנטיקן קרוינראַט סוכאָמלינאָוו, דער קריגס־מיניסטער, מחבר פון דעם אַרטיקל „רוסלאַנד איז פאַרטיק" און פון די מעמאָראַנדומס פון די לעצטע יאָרן וועגן איינגעמען די ים־דורכגוסן. נעבן אים יאַנושקעוויטש, שעף פונם גענעראַל־שטאַב, גלייך געשטימט ווי ער; דערנאָך דער אַלטער גאָרעמיקין, מיניסטער־פּרעזידענט, ווי שטענדיק אהין און אהער סאַזאָנאָוו גופא רעדט נים פאַרן קריג, ער האָפט אייַנצושרעקן דורך דער מאָביליזאַציע. נאָר דער אַלטער פירנעמער גראַף פרע־דעריקס, באַלטישער דייטש, דער אייַנציקער מענטש באַם הויף, וואָס האָט קיין שונא נים, הגם ער ווערט זינט יאָרן באַשאָטן מיט כיבודים, ווייזט אַרויס אין דער דאָזיקער זיצונג זיין פּריינט־שאַפט צו דייטשלאַנד.

מיט פויסטע בליקן פּרעזידירט א בלייכער, שוואַכער מענטש, באַדריקט פון מונדיר און געווער: וואָס איז בכילות צו טאָן דער דאָזיקער צאַר אַנטקעגן די טיגער־בליקן פון דעם גרויספירשט, זיין פעטער, וויבאַלד עס שטייט אים נים ביי א פרידלעכער קאַבינעט, און אפילו נים ראספוטין? האָבן זיי דען נים דעם צאַר אריינגעבלאָזן אין אויער זינט די באַלקאַן־מלחמות, זינט ערנטאל און זינט יאפּאַן, אַז נאָר א גרויסער קריג צוזאַמען מיט פראַנק־רייך קאָן ראַטעווען דעם גלאַנץ און די מאַכט פון טרוין? קוים האָט ער אָנגעוויזן דיערוף, אז עס וועט זיין שווער צו מאָביליזירן בעת די גרויסע שטרייקן, טרעט ארויס קעגן אים מאַקלאַקאָוו און באַווייזט: די אינעווייניקסטע סכנה קען אייַנגעשטילט ווערן נאָר דורך דעם רוף צו א נאַציאָנאַלן קאַמף, קריג, בכדי זיך צו ראַ־טעווען פון דעם אינעווייניקסטן שונא. באַשלוס: נעמען אין אויג צו מאָביליזירן דרייצען קאָרפּוסן קעגן עסטרייך, די אויספירונג אבער איז אפהייַנגיק פונם אנפאַל אף סערביען, דעם טאָג דאַרף באַשטימען דער אויסערן־מיניסטער.

## זעקסטער קאפּיטל.

# אפן ים.

רוישיק גליטשט זיך די „פראנס״ דורך דער נאכט. עס איז די זעלביקע שעה, ווען דער סערבישער און דער רוסישער פּרעמיער זיינען געפאָרן אין זייערע הויפּט־שטעט, באגעגענען די החלטות, וואס דער שרים פון די ווינער קריגס־גראַפן האָט זיי אָנגעבונדן, און ווי די געדאַנקען פון די צוויי מיניסטאָרן האָט זיך געווענדט צום עבר, אזוי ווי זיי וואָלטן אויסגענוצט די פרייע צייט וואָס זיי איז געבליבן צוליב פאַרגלייכנדיקע זכרונות, אזוי איז דאָס אויך געשען מיט די צוויי פירערס אפן שיף, וואָס יאָרן לאַנג האָבן זיי ארויסגעקוקט אף פּלאָנטערנישן אין אייראָפּע.

פּואַנקאַרע האָט געהאַט דערלעבט זיין העכסטן מאָמענט. איז דער דאָזיקער מאָמענט ניט געווען גרעסער ווי יענער, ווען ער האָט זיך צוערשט באוויזן אפן באַלקאָן פון עליזיי־פּאַלאַץ, אָקאָרשט ווי ער איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ פּרעזידענט? האָט ער דאָס געחלומט אין זיינע יונגע יאָרן, אַז ער וועט פאָרן אין איין קאַראָט מיט דער בלייבער צאַרין דורך שורות פון דער גוואַרדיע, בעת דער צאַר רייט בא זיין זייט? איצט האָט דאָס לעבן געפאָדערט די העכסטע שפּאַנונג, כדי צו פאַרענדיקן דאָס, וואָס מען האָט געקאָנט דערגרייכן דורך צענדליקער יאָרן ליידנ־שאַפטלעכער איינגעשפּאַרטקייט. אריינטרייבן זיין פאָלק אין אַ מלחמה, דאָס איז ניט געווען מעגלעך. ער האָט דאָס גוט גע־וואוסט; אָבער ווען דער אַלטער שונא זאָל לייכטזיניק אָנהייבן זיך, אָדער מען זאָל דאָס קאָנען באווייזן, אַז ער הייבט אָן: וואָס פאַר א מזל איז דעמאָלט צו זיין אין יענער שעה דער פירער פון די פראנצויזן! וואָרום ער האָט געהערט צו יענע מעכטיקע, וואָס האָבן אין דער אייגענער נשמה געשפּייזט די פלאַם פון רעוואַנש, וואָס האָט באַם פאָלק געהאַלטן אין אויסגעלאָשן ווערן. קיין חידוש ניט, ער איז אַ לאָטרינגער און איז זיך מודה נאָכן קריג: „אין מיינע שול־יאָרן (באַלד נאָכן קריג פון 1870) האָט מיין גייסט, וואָס איז געווען פאַרפינסטערט פון דער מפּלה.

שטענדיק געשטרעבט אריבערצוגיין דעם גרענעץ, וואָס דער שלום פון פראנקפורט האָט אונז געהאַט איינגעשטעלט. און אַז איך פלעג זיך אַראָפּלאָזן פון מיינע לופטיקע וואָלקנס, האָב איך געזען פאַר מיין דור נאָר איין ציל אין לעבן — צו קריגן צוריק די פאַרלאָרענע פּראָווינצן". די דאָזיקע טיפסטע איבערלעבעניש פון זיינע יונגע יאָרן האָט ער קיין מאָל ניט געקאָנט פאַרגעסן.

פון דעם נקמה־דאָרשטיקן אינגל איז געוואָרן אַ מלוכה־מאַן, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט צו וואַרטן. אין באָסניען קריזיס האָט ער דיימלעך געלאָזט וויסן זיין פאַרבינדעטן, אַז פראנקרייך וועט קיין מאָל ניט לאָזן זיך אַריינציען אין אַ קריג צוליב די רוסישע אינטערעסן אויפן באַלקאַן; אין אויגוסט 1912 האָט ער אפילו געוואָרנט סאַזאָנאָוון: „איר זאָלט ניט רעכענען אויף אונזער מיליטערישער הילף אויפן באַלקאַן, אפילו אויב עסטרייך וועט אָנ־פאַלן אויף אייך". אָבער באַלד דערויף, אין נאָוועמבער 12, האָט ער אַ קערעווע געמאַן און צו דער גרויסער פרייד איזוואָלסקיס, וואָס אים האָט ער אגב ניט געקאָנט ליידן, האָט ער אַרויס־געשטעלט „גאָר אַ נייעם שטאַנדפּונקט": „אויב עסטרייך זאָל פאַרברייטערן איר לאַנד, וועט געשטעלט ווערן אין ספק דער גלייכוואָג אין אייראָפּע און דורך דעם אויך די אייגענע אינטערעסן פון פראנקרייך"; דערביי קאָן פראנקרייך „אַריינגעפּלאָנטערט ווערן אין מיליטערישע אָפּעראַציעס" (דאָס איז די פּחדנותדיקע אַרומ־שרייבונג פונם מסוכנדיקן וואָרט „קריג", וואָס עס האָבן אויס־געקלערט דיפּלאָמאַטן פון אייראָפּע; אַזוי איז מען זיך נוהג צו זאָגן ניבילדונג, ווייל מען וויל ניט אַרויפברענגען אויפן צונג דאָס וואָרט קרעפּס). אין יאַנואַר 1914 האָט פּואַנקאַרע געלאָזט אפילו פאַרזיכערן די רוסן „אין נאָמען פון פראנצויזישן אויסערן־מיניסטער, אַז פראנקרייך וועט גיין אַזוי ווייט, ווי רוסלאַנד וויל". די דאָזיקע קלאָרע בלאַנקאָ־פולמאַכט, וואָס פּאַריז האָט געגעבן פּעטערבורג, נאָכדעם ווי מיט צוויי יאָר צוריק האָט זי זיך אָפּגעזאָגט, איז אמת געווען אויסן איין באַשטימטן פאַל (לימאַן פאָן זאַנדערס אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל), אָבער עס האָט געהאַט די זעלביקע פּסיכאָ־לאָגישע ווירקונג, ווי די הבטחה וואָס קיסר ווילהעלם האָט גע־

געבן אין ווין. אין דעם זעלביקן חודש האָט פּואנקאַרע געזאָגט: „רוסלאנד האָט אַ גוואלדיקע צוקונפט, איר כּח האלט אין אנט־וויקלען זיך... אין צוויי יאָר ארום וועט זיין א מלחמה. גאָר מיין מי וועט זיין געווענדט דערויף, אז מיר זאָלן זיין גרייט".

פּואנקארע שפּאנט ארום איבערן פּאַרדעק, ער דערמאָנט זיך די לעצטע שעה. בשעת דער קיסר האָט אפן שיף געגעסט־פּערט אף זיינע טאָאַסטן, איסגעהערט מיט צושטימונג זיינע ווערטער. צי וועט זייער ווירקונג לאנג האַלטן? פארשטאנען האָט אים דער קיסר גוט, וואָרום זיינע דענישע קרובים האָט ער שפּעטער דערציילט: „בכל אופן וויל הער פּואנקארע ניט שלום צוליב שלום. ער גלויבט אין א גוטן קריג".

מסתמא טראכט דער פּרעזידענט אין דער דאָזיקער שעה נאָך א מאָל איבער די געשעענישן פון דער לעצטער תקופה. זיינען טאקע אוועק ערשט פינף וואָכן, זינט ער האָט מיטן נער־ווייזן וויוויאַני געבילדעט דעם קאַבינעט? וואַלן אין פּאַרלאַמענט אין אַפּריל, דערנאָך די פּאַרשאָלטענע הוספה־וואלן מיטן ניצחון פון די סאָציאַליסטן אין מאי, און צולעצט האָט דער פּרעמיער אריינגעצויגן נאָך עטלעכע געגנער פון דער דריי־יאָריקער דינסט־צייט אין פּארלאמענט. פּאַלעאָלאָג האָט דעם ניצחון געשטעלט אף זיין אייגענעם חשבון: ער זאָל אים האָבן איבערצייגט.

און וואָס קאָן טראכטן וויוויאַני אין די דאָזיקע שעהן אפן באָרט פון „פּראנס"? צי לאַכט ער זיך ניט שטילערהייט אויס פון פּאַלעאָלאָגס געזעלשאַפטלעכער אויפרעגונג, וואָס ער האָט ספּעציעל געלאָזט קומען פון פּאַריז לעמעטר, בכדי אויסצופּוצן מיט בלומען דאָס הויז פון דער אַמבאַסאַדע? דערנאָך האָט אים זיין אַמבאַסאַדאָר, אמת, איבערגעגעבן וויכטיקע צייכנס פון דער שטימונג: אין געצעלט באַם גרויספירשט בעת דער רעווי האָבן ביידע מאָנטענעגרערינס, אַנאַסטאַסיאַ און מיליצאַ, אים אָנגע־פּלוידערט פולע אויערן: „דאָס זיינען היסטאָרישע טעג, ווייסט איר! הייליקע טעג! איך האָב היינט אַ דעפּעשע פון פּאַפּאַ, אַז כּוף חודש האָבן מיר מלחמה! ווייסט איר, אַז ער איז אַ העלד ווי אין דער איליאַדע, מיין פאָטער? זעט איר דאָס פּושקעלע,

וואָס איך שייד זיך נים דערפון! איר מיינט, דאָס איז צוקערקעס. עס איז דערין לאָטרינגער ערד, איך האָב דאָס גענומען אף יענער זייט גרענעץ, אז מיר זיינען געווען פאר צוויי יאָרן אין פראנקרייך, דאָס איז אלץ באדעקט מיט ווילד-גראָז, איך האָב דאָס אָפגעריסן אין לאָטרינגען, אין אַנעקסירטן געביט, א גאנצן הויפן, און דערנאָך געלאָזט ווידער איינזייען די זאָמען! איר וועט זען, פון עסטרייך וועט בלייבן אַ תל, עלזאַס קומט צוריק, אונזערע סאָל-דאַטן טרעפן זיך אין בערלין" — און פלוצים האָט זי אָפגע-האַקט און געזאָגט שטילערהייט: „איך מוז זיך איינהאלטן, דער קיסר קוקט אף מיר".

ביידע פראַנצויזן, דורכגעטריבענער איידער זייערע קאָלעגן אין בערלין, אָבער להלוטין נים וויניקער פון זיי גרייט צו: מלחמה, מער געבונדן דורך דער מאשינעריע פון דער רעפּובליק, אָבער געניט אין אלע קונצן, ווי אזוי מען נאַרט אָפּ אַ המון: אזוי טראכטן זיי ארום די שטיקנדיקע היץ פון די פאַרגאַנגענע יום-טוב-טעג, באַקלערן די ווערטער פון היסטערישע גרויס-פירשטינס, ווי אזוי זיי וועלן שפּעטער פארצייכנט ווערן אין די מעמואַרן; זייער שטימונג איז גלייך צו דער שטימונג פון א צוקוקער, וואָס מאָלט זיך אויס אין דער פויזע, ווי עס וועט אויסזען דער ווייטערדיקער אקט. און וואָלט וועלן, ער זאָל אויסזען דוקא אזוי און נים אנדערש.

מיט אמאָל שפּרינגט ארוף א מאַטראָס איבער די טרעפּ און דערלאנגט א לאנגע ראַדיאָ-טעלעגראמע: דאָס איז דער אולטימאַטום פון ווין צו סערביען, וואָס מען האָט נאָכגעשיקט דורך ראַדיאָ. מען אָטעמט אָפּ פרייער. פּואנקארע הייסט פאָרן גלייך אהיים. וויוויאַני הייבט אָן נאָך בא-נאכט צו שיקן אינ-סטרוקציעס קיין פּאריז. מיטן פולן דאמף! אהיים!

*

דעם צווייטן טאָג בא זון-אונטערגאַנג, אף דער הייך פון מאַלמיי, שטייען צוויי מלוכה-שעפן אף די בריקן פון זייערע שיפן, קוקן אויס, חשבונען, הייסן זייערע אָפיצערן קוקן, חשבונען און

ווידער קוקן. ביידע האָבן געקאָנט גרינג אויסהשבונען, אז די סכנה וואָס היינגט איבער אייראָפּע רופט אהיים אויך דעם צווייטן, אַז זייערע שיפן האָבן זיך געקאָנט באגעגענען. אין דער זעלביקער שעה פירט די „פראַנס" איר פּרעזידענט איבערן באַלטישן ים קיין האַוור, די „האָהענצאָלערן" דעם קיסר קיין קיל. בּא ביידן קלאַפּן די הערצער אין קריגערישער אופרעגונג, ביידע האָבן געוואוסט, אז אין דער לופט ארום ציטערן עלעקטרישע כוואַליעס, אויבן אין די קאַבינעס האָבן זייערע ראַדיאָ־אָפיצערן געהערט פרעמדע ראַדיאָס, אָבער אלץ איז געווען שיפרירט. פונדעסטוועגן האָט מען נאָך אפן באָרט פון די פיינטלעכע שיפן געפּרואווט פאנאנ־דערצושיפרירן; דערנאָך האָט מען אופגעהערט.

די בעלי־בתים פון ביידע שיפן האָבן אין יענע טעג באַ־קלערט די וועלט. אין דעם פראַנצויז האָבן די געפילן זיך גע־ראנגלט: ער האָט געוואָלט רעוואנש, דאָס דערציילט ער אליין, בּכן האָט ער באַדאַרפט זיין צופרידן מיט אן אופגעצוואונגענעם קריג; פון דער אנדער זייט האָט ער, ווי אַ לאָטרינגער, באַ־דאַרפט מורא האָבן, זיין היים זאָל ניט פארוויסט ווערן, היות ווי ער האָט ניט געקאָנט אָנפאַלן, האָט ער באַדאַרפט ווינשן, די דייטשן זאָלן זייערע פלענער אָפּלייגן ביז **1917**. וואָס דער קיסר האָט געפילט, איז געווען נעדרונגען באַ זיין קווייינקלענדיקער נאַ־טור פון שטימונגען און אומשטאַנדן: די גאַנצע צייט ארומגע־רינגלט נאָר מיט מיליטער־לייט, אין דער לופט פון אן „אדמי־ראַל פון אַטלאַנטישן אָקעאַן", אָן דער געלעגנהייט צו הערן די התראה פון אַן ערנסטן פּאָליטיקער, אין נאָך א קלענערן קאָנ־טאַקט מיט אַלע קלאַסן פון פאָלק, ווי אין דער היים, דערצו טאַקע מיט אן אמת דערצערינט איבער דעם מאָרד פון אַ גוטן פריינט, האָט ער געמוזט טראַכטן דאָס, וואָס עס באַווייזן די נאָטיצן, וואָס ער האָט געמאַכט אין יענעם חודש יולי אף די בּרעגעס פון די דעפּעשן, וואָס מען האָט אים איבערגעשיקט:

באַריכט פון ווין, וואו דער אַמבּאַסאַדאָר דערציילט, אַז בערכטהאָלד קליגט זיך ארויסצוגעפינען פּאָדערונגען, וואָס סערביען זאָל ניט קאָנען אָננעמען. נאָטיץ פונם קיסר: „אָפּטרעטן פון

סאַנדזשאק! דעמאָלט איז באַלד פאַראַן דער ויצעקו! דעם סאַנד־זשאק מוז עסטרייך ניט אנדערש באַלד קריגן צוריק, בכדי.. ניט צו דערלאָזן סערביען צוצוקומען צום ים".

טיסאַ וויל זיך באַגיין איידל און פּאָרזיכטיק, דאָס שטערט בערכטהאָלדן, דעם קיסרס נאָטיץ: „אנטקעגן מערדער, נאָך דעם, וואָס געשען! משוגעת!"...

באַריכט פון לאָנדאָן, אַז די רעגירונג ריכט זיך, אַז בערלין וועט אָפּגילטן אָפּצוהאַלטן ווין פון צו שטעלן פאָדערונגען וואָס קאָנען ניט ווערן נאָכגעגעבן. דעם קיסרס נאָטיץ: „ווי קום איך דערצו? דאָס האָט גאָר ניט צו מיר! וואָס הייסט „ניט קאָנען נאָכגעבן"? די פאַרשוינען האָבן געטריבן אַגיטאַציע מיט מאָרד און מוזן אָפּקומען דערפאַר!" מען האָפט, אַז אין ווין וועט מען ניט באַשטיין דוקא אַף פאָדערונגען, וואָס ציען צו קריג. דעם קיסרס נאָטיץ: „דאָס איז אַ ניט געהערטע בריטישע חוצפה. איך בין ניט באַרופן אַף גרייס שטייגער צו לערנען זיין מאַיעסטעט דעם קיסר, ווי אַזוי ער באַדאַרף אָפּהיטן זיין כבוד".

יאַגאָוס הבטחה, אַז מען וועט אין לאָנדאָן דערקלערן, אַז אַף די דאָזיקע אינעווייניקסטע פראַגן קאָנען מיר קיין ווירקונג ניט האָבן. דעם קיסרס נאָטיץ: „דאָס זאָל מען דעם גריי זאָגן ערנסט און דייטלעך! בכדי ער זאָל זען, אַז איך פאַרשטיי ניט קיין קאַטאָוועס.. סערביען איז אַ רויבער־באַנדע, וואָס מען מוז איר אָפּצאָלן פאַר איר פאַרברעך!.. עכט בריטישער אופן צו דיי־קען און באַפעלערישער שטייגער פון אויבן אַראָפּ. און איך שטופּ דאָס אָפּ".

באַריכט פון לאָנדאָן איבער גרייס ערשטער אידיי פון אַ קאָנפערענץ, דעם קיסרס נאָטיץ: „איך האַלט ניט מיט; נאָר אַז עסטרייך וועט מיך בפירוש בעטן, וואָס עס לאָזט זיך ניט גלויבן. אין פראַגן פון כבוד און פון לעבן פרעגט מען ניט קיין עצות בא אַנדערע".

באַריכט פון פעטערבורג איבער סאַזאָנאָווס סטראַשונעק, אַז אויב עסטרייך וועט איינשלינגען סערביען, דעמאָלט וועט ער פירן קריג. דעם קיסרס נאָטיץ: „אַנו, זאָל ער!"

באריכט פון רוים מיט א וואָרעניש איבער דער האלטונג פון איטאליען, דעם קיסרס נאָטיץ: „דאָס איז לויטער באָלבעריי, און עס וועט שוין רעכט ווערן פון זיך".

בעטמאן מעלדעט, אז ער מיינט, אז דייטשלאנד באדארף דערוויל זיך האלטן רואיק. דעם קיסרס נאָטיץ: „רו איז דער ערשטער חוב פון א בירגער! נאָר רו, תמיד רק רו!!! א רואיקע סאָביליזאציע איז אויך עפּעס נייס".

און אָט דער דאָזיקער שטימונג איז דער קיסר אָנגעקומען אין פּאָטסדאם.

## זיבעטער קאפּיטל.

## די קווינקלענדיקע.

ענגלאַנד איז געווען אופגערעגט. וואָס איז דאָס פאַר א קריגס־דיבוק אריין אין אָט דער רואיקער נאַציע, וואָס האָט גע־זלעבט פּאציפיסטיש פון קלוגשאַפט, נייטראַל לויט דער לאַגע, פּאָר־זיכטיק ווי אַ ראַסע! זינט וואָכן רעדט מען און מען שרייבט פון פּרייוויליקע, האַרמאַטן, אמוניציע, איידער אפילו אפן קאָנטינענט זיינען אָט די נעמען און בילדער געוואָרן פּאָפּולער. וואָס איז געשען אזוינס, וואָס האָט געקאָנט אופרודערן די אינזלען?

איינער פון זיי, אירלאַנד, האָט זיך ארופגעוואָרפן אפן צווייטן, און אַז דער ליבעראלער קאבינעט האָט אים געוואָלט באַרואיקן דורך פרייהייטן, האָט איינע פון זיינע פּראָווינצן מורד געווען און ניט געוואָלט לאָזן דורכפירן די פרייהייטן. די פּראָטעסטאַנטן פון אולסטער האָבן פּראָטעסטירט, מיט זייערע דרומדיקע ברידער האָבן זיי ניט געוואָלט לעבן בשותפות. און זייער ווילן האָבן זיי געוואָלט דורכפירן מיט באַריקאַדעס און ביקסן; ערשט אז זייערע ברידער פון דרום זיינען געוואָרן אַקטיוו, האָט מען פאַרבאָטן אריינצופירן קיין אירלאַנד געווער און אמוניציע און ארום די ברעגעס געזוכט האַרמאַטן און מינעס. איבער דעם אופשטאַנד אין אולסטער האָט די רעגירונג שוין געוואָלט מבטל זיין דעם האָם־רול, אָבער זי האָט מורא געהאט פאר אומרוען אין דרום, וואָס

זשע טוט מען? טראכטן דער קעניג און די מיניסטאָרן. זאָלן מיר באווייזן דער וועלט אַ בילד פון א בריטישן בירגער־קריג?

ווי זיי זיינען זיך אזוי מיישב, איז דורכגעפלויגן א נייע אומרואיקע בשורה דורך שטעט און גאסן: אין דעם סאָלדאַטן־לאַגער קאָרעג, וואו עס ווערן זינט לאַנגע צייטן אויסגעבילדעט זעלנער, איז געוואָרן אן אופשטאנד קעגן קריגס־מיניסטעריום, הויכע אָפיצערן האָבן געוואָלט אַראָפּוואַרפן א רעגירונג, וואָס איז געווען צו מילד אַנטקעגן אירלאַנד. זינט מענטשן גדיינקען, האָט אין ענגלאנד רעגירט פארשטאנד און צאָל, אויך פאנטאזיע און אווענטיורע, אָבער קיין מאָל ניט די שווערד. איצט האָט עס א בליץ געטאָן אפן אומרואיקן אינזל, אויך אין דער היים, עס האָט אויסגעדוכט, אז דער פּאַרלאַמענט, וואָס פון אים שטאמט די רע־גירונג, שטייט אין סכנה מצד עטלעכע אָפיצערן, מצד געדונגענע זעלנערס. מען האָט ניט געטרויט די אייגענע אויגן און אויערן. אַסקוויט האָט געראַטעוועט זיך און דעם קאַבינעט, דורך דעם וואָס ער איז פּלוצים אליין געוואָרן קריגס־מיניסטער.

אין אָט דעם טומל זיינען די שאָסן פון סאַראַיעוואָ פאר־הילכט געוואָרן. וואָס געהער זיך אָן צו אונז סערביען? האָט גע־זאָגט דער ענגלענדער פון גאס, האָט איבערגעדרייט זיין בלאַט צייטונג און געזוכט די נייס פון בעלפאַסט און קאָרעג. נאָר ווינ־ציק מענטשן האָבן געוואוסט, וואָס פאַר א מלחמות עס האָבן זיך דערווייל אָפּגעטאָן. אין דעם קאבינעט, וואָסערע מלחמות אין דער נשמה פון די פירערס. בעצם איז דער קאבינעט באשטאנען פון פינף מענטשן; צוויי אנדערע זיינען געווען חשוב דורך זייער אָפּאָזיציע. פון די איבעריקע זיינען דריי געווען באַלאַסט אין מלובה־שיף און צוויי זעגלערס.

אַסקוויט, מיט א קאָפּ פון אַ דיקנס און מיט א כאראקטער פון א רוימער, קוקט מיט פּיקחותדיקע אויגן אין דער וועלט אריין, און אז ער רעדט, פורימט דער געגאָלטער מויל שאַרף די קאַלטע, געשטעלטע געדאנקען, וואָס ער באטיילט זיי מיטן אייגנע־האַלטענעם זשעסט פון אַן ענגלענדער. שטענדיק פעסט בא זיך, ניט צו גיך, אַ רעאַליסט, אָבער מיט א געוויסער מורא פאר

האסטיקע באשלוסן, זעט ער אויס מער ווי א פירער פון הויז, איידער פון קאבינעט. ער איז פאר א „בכבודיקן שלום״ און קוקט זיך צוערשט צו צום קאָנפליקט פון דער ווייטנס. אפן אַלגעמיינעם שלום־קאָנגרעס פאר זעקס יאָרן האָט ער געזאָגט: „די גוואלדיקע באוואָפענונגען ווערן געמאַכט ניט צוליב צירוגג אָדער צוליב ווילונג, נייערט בכדי אויסגענוצט צו ווערן אין גע־העריקן מאָמענט, אפשר בא א צופעליקן אויסבראָך פון טעמפע־ראמענט״.

לאָרד האָלדיין איז מער פאַרקלערט: אַ הומאַניסט, מיטן קאָפּ פון אַן אַלטן קארדינאַל פון טינטאָרעטאָ, א שווייגער. פאר דייטשלאַנד האָט ער אַ שוואַכקייט: דערפאַר קען ער אויך בעסער די שוואַכע זייטן פון דייטשלאנד. נאָכדעם ווי ער האָט שטודירט ליטעראַטור און פעדאגאָגיק אין דייטשלאנד, אויסגעארבעט א פלאן פון טעכניקום אין לאָנדאָן לויטן בערלינער מוסטער, האָט אים קעניג עדואַרד אָנגעטרויט דאָס קריגס־מיניסטעריום, בכדי ער זאָל פארגרעסערן די קליינע ענגלישע אַרמיי, איבערבויען דעם גענעראַל־שטאַב לויטן דייטשן שטייגער. — אַזוי האָט אים דער גורל אויסגעקליבן צו שמידן די כלי־זיין קעגן דעם לאנד, וואָס ער האָט ליב. נאָר ער איז געווען פעסט בא זיך צו באנוצן כלי זיין נאָר על פי נויט און מיט א פארקלעמטן הארץ. איז ער פאר צוויי יאָרן געקומען צוריק פון בערלין, וואו ער האָט פאָר־געלייגט אַן אָפּמאַך וועגן באגרענעצן דעם פלאָט, אָבער ער האָט גאָרנישט געפועלט, ווייל טירפּיץ האָט סאַבאָטירט. די דאָזי־קע פארהאנדלונגען זיינען אים באזונדערס שווער געוואָרן איבער די חלוקי דעות צווישן קיסר, קאַנצלער און אויבער־אַדמיראל, און געקומען צוריק איז ער אנטוישט מער אין די מענטשן, איידער אין די פאָרערונגען. ער האָט אָנגעבאָטן א הסכם, געפונען האָט ער חשד. צי האָט ער ניט געמוזט אָנהייבן זאָרגן, וואָס מער מען איז אריין אין יולי?

נאָך בלאסער איז געוואָרן זיין גוטער פריינט סער עדוארד גריי. וואָס זינט אכט יאָר האָט ער, אלס אויסערן־מיניסטער, אָפּגעהאלטן פון מלחמה ניט נאָר ענגלאנד, נייערט אויך דעם

קאָנטינענט, אין אָט דעם סאמע אויסטערלישסטן ציווישן די פינף כאַראקטאָרן האָבן זיך צונויפגעמישט די נאַציאָנאלע דאגות פון אן ענגלענדער, וואָס האָט בא איטלעכן קריג געזען א סכנה פאַר זיין לאנד, וואָס איז געווען אף פיר פינפטל אָנגעוויזן אפן אריינפיר פון ברויט, מיט די גערַאנקען פון אן איראָפּייער און די וואונטשן פון אַ קריסט, און דאָס אַלץ האָט אים געבראכט צו א פּאַציפיסטישער האַלטונג, ווי קיין איין מלוכה־מאַן אין איראָפּע האָט זיך ניט געטאָרט ערלויבן און וואָס זיין אייגענע פּאָליטיק האָט קעגן אַלע גוטע כוונות שטענדיק געשטיצט פון איר אָפּטרעטן.

ער האָט זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט, אין דער געזעלשאפט כמעט ניט צו טרעפן, דורך שרעקלעכע אומגליקן האָט ער גע־האַט אָנגעוואָרן זיין פרוי און זיין ברודער א ליבהאָבער פון פויגלען און פון פיש־פאנג, האָט מער ליב געהאַט צו דעקלאמירן סענטימענטאלע פּאָעזיע איידער צו האלטן פּאַרלאַמענטאַרישע רעדעס. ער פּאָרט ווינציק ארום, רעדט קיין פרעמדע שפּראך ניט, האָדעוועט קיניגלעך אין דאָרף. האָט ליב קינדער. שווייגט א סך. רעדט ער אָבער אין אונטער־הויז, ווערט אלצדינג שטיל, וואָרום ער רעדט אין א מערקווערדיק שיינעם סטיל, אָן צו אַכטן אף דער גאלעריע, און זאָגט ארויס מאָדערנע אידייען אין דעם פּאָרם פון אן אַלט־ענגלישן לאָרד.

פונדעסטוועגן איז ער ניט געווען שטארק גענוג, כדי אין דער אַנארכיע פון איראָפּע זיך ארויסצומאכן פון דער נעץ פון די בונדן, און ער איז אוועק צו וויט פון ברעג, אזוי אז א ניט־געוויינטלעכער ווינט האָט דאָך געקאָנט דערגרייכן זיין שיף. וואָרום אויך אים פארכאפּט דער חשד פון אלעמען קעגן אלעמען, און נאָכדעם ווי אין בערלין האָט מען אָפּגעוואָרפן האָלדיינס פלענער, און די סכנה פון דייטשן פלאָט איז אלץ מער געוואקסן, איז ער אַוועק אזוי וויט, אז ער האָט פון קעניג עדוואַרדס אַלטע אָפּריידן מיט פראנקרייך געמאכט איין אָפּמאך, וואָס לויט אים האָט ענגלאנד בא געוויסע תנאים, ווען א דריטער וועט אָנפאלן,

באַדאַרפט נעמען אף זיך דעם שוץ פון דעם פראנצויזישן צפון־ברעג. דער איינציקער דאָקומענט, וואָס אין דעם האָט ער פאר־בונדן זיין פאָטערלאנד צוליב קריג, איז געווען א בריוו צום אמבאסאדאָר קאַמבאָן, וואָס אין אים האָט ער צוגעזאָגט, אז אויב פראנקרייך וועט שטיין אין גרויסער סכנה, וועט מען זיך צוזא־מען מיישב זיין, צי מען זאָל בשותפות ארויסטרעטן.

אָבער שוין מיט דעם דאָזיקן אנטשיידנדיקן בריוו, וואָס איז געווען געשריבן אָן דעם וויסן פון קאַבינעט, און נאָר עטלעכע מיניסטאָרן האָבן פון אים געוואוסט, האָט ער אוועקגעגעבן מער פון דער פרייהייט פון ענגלאנד, וויפיל עס איז געווען אין אים געשריבן. ער אליין האָט געגלויבט אין „פרייער האנט"; אין דער אמתן האָט ער ענגלאנד געבונדן מאָראַליש. צי האָבן ניט די אָפיציעלע באַראַטונגען, און נאָך מער די פריוואטע פארברידע־רונגען פון גענעראלן פון שטאב און פון פלאָט, געשאפן א לופט, וואָס האָט געמוזט פּאַוואָליע פארשטיקן דעם פרייען אָטעם פון אויסערן־מיניסטער? א גרויסער ענגלישער היסטאָריקער, גוטש, רעדט מכח „פאקטישע התחיבותן" אפילו דאָרט, וואו קיין פאָר־מאלע זיינען ניט געווען. ללאָיד־דזשאָרדזש רעדט מכח א „התחייבות פון כבוד וועגן", טשערטשיל אפילו מכח א „לאגע, ווען מיר האָבן געהאַט נאָר די התחייבותן, אָבער ניט דעם נוצן פון א פארבינדעמן... מיר זיינען מאָראַליש געווען מחויב צו קומען פראנקרייך צו הילף".

אז דאָס קעניגלעכע פּאָר־פּאָלק האָט אין אפריל 1914 באזוכט פאריז און גריי האָט זיך געשפירט נאָענט צו די קאָנ־טינענט אינטערעסן, האָט ער אויסגעמיטן צו פארבינדן זיך מער, ער האָט אָבער ניט געקאָנט שטערן דעם פלאָט אין יוני זיך צונויפצורעדן מיט די רוסן אין דעם זין, אז ענגלאנד — נאָך אַלץ אין פאל פון א פארטיידיקונגס־מלחמה — באדארף „פעסט־האַלטן אין צפון־ים" א טייל פון דייטשן פלאָט. ער האָט ניט געקאָנט שטערן, אז בעת ער האָט גערעדט און געחלומט וועגן שלום און הסכם, זאָלן די לייט פון גענעראל־שטאב, און בראש פון זיי סער הענרי ווילסאָן, איינשטעלן זייערע מענטשן אף

מלחמה און ספּעציעל קעגן דײַטשלאַנד. ער האָט ניט געקאָנט שטערן, אַז עס זאָלן אויסגעאַרבעט װערן ביז אין די לעצטע פּרטים די פּלענער, װי אַזױ אַרױסצוזעצן אַפּן ברעג זעקס דיװי־זיעס, און אַז עס זאָל שטענדיק װאַקסן די גוטפרײַנטשאַפט צװישן די גענעראַל־ און אַדמיראַל־שטאַבן. דער רוסישער אַמבאַסאַדאָר האָט זומער 1914 געקאָנט שרײַבן אַהײם: „איך בין מסופּק, צי עס לאָזט זיך געפינען אַ שטאַרקערע גאַראַנטיע פאַר בשותּפישע מיליטערישע אָפּעראַציעס אין פאַל פון אַ קריג, װי דער גײַסט פון דער דאָזיקער אַנטאַנטע, װי ער װײַזט זיך איצט אַרױס, פאַרשטאַרקט דורך די מיליטערישע אָפּריידן". בכן איז פאַר גריי און פאַר זײַן רעגירונג געבליבן דער אײנציקער אױסװעג „ניט צו קוקן די פאַקטן אין די אױגן אַרײַן", צו מאַכן זיך ניט הױסנדיק און, װי זײַנע קאָנסערװאַטיװע געגנער האָבן געטענעט, װײַטער „צו זיצן ניט אַנטשלאָסן און צו פּרוּװן זײַן גוטפרײַנט מיט אַלע צדדים".

אַזױ איז דאָס געשען, אַז װען מען האָט אים אין פרי־יאָר 1914 אָנגעפרעגט אין אונטערהױז, צי עס זײַנען פאַראַן אָפּמאַכן מיט רוסלאַנד, האָט ער דאָס אָפּגעלײקנט. שפּעטער האָט ער זיך אַזױ פאַרטײדיקט: „פּאָליטישע התחייבותן טאָר מען ניט האַלטן בסוד; צוגרײטונגען פון אַרמײ און פלאָט צוליב מעגלעכע מלחמות זײַנען נױטװענדיק, מען מוז זײ אָבער האַלטן בסוד. אין אונזער פאַל האָט מען געזאָרגט דערפאַר, אַז די דאָזיקע הכנות זאָלן ניט אַרײַננעמען אין זיך קײן פּאָליטישע התחייבותן". אַז דאָס איז געװען דער פאָרמאַלער אמת, באַװײַזט פון דאָסניי, װי אַלע לענדער פון אײראָפּע זײַנען געװען ניט געשיצט, װי אַלע מיניסטאָרן האָבן זיך געשראָקן און געסטאַרעט זיך אױסצו־באַהאַלטן זיך הינטער די האַרמאַטן, װאָרום אַהין האָט זײ געשפּאַרט די אַלגעמײנע אַנאַרכיע פון אײראָפּע.

דאָס דאָזיקע פאָלק פון סוחרים, װאָס האָט קײן מאָל ניט געטאָרט װינטשן זיך, אַז דער גרעסטער קונה זײַנער זאָל אומקו־מען, האָט געמוזט, ניט געקוקט אױף דער אַלץ װאַקסנדיקער קאָנ־קורענץ, סטאַרען זיך אײַנצושטעלן צװישן זיך און צװישן דײַטש־

לאנד אַ פּארהעלטעניש ווי פּארצייטן צווישן ספּאַרטאַ און אַטען: „מיר וועלן קיין מאָל ניט צולאָזן דעם חורבן פון אטען", אזוי האָט ספּאַרטאַ אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג פון טעבען, „וואָרום גריכנלאנד אָן אַטען איז א מענטש נאָר מיט איין אויג". מען האָט דעם קיסר און זיין אימפּעריע אפן אינזל ניט געליבט; אָבער וועגן א געפּלאנטן אָנפאל האָט קיינער ניט גערעדט און אפילו ניט געטראכט.

פונדעסטוועגן האָט גריי געוואוסט, ווי גרינג עס איז בא דעם ליגנערישן און נאאיוון שטאַנד פון דעם אינטערנאציאָנאלן רעכט, אז עס זאָל קאָנען באַשולדיקן דעם אַנדערן אין צוגרייטן אן אָנפאל גראָד דער, וואָס האָט דעם אָנפאל געמאכט אָדער געוואָלט מאכן.

ללאָיד דזשאָרדזש איז געווען אין קאַבינעט א קעלט, דאָס הייסט א שטיקל דיכטער, דערצו נאָך, ווי א זון פון אן אָרימען וועבער, אַ קענער פון פאָלק; אין אים האָט זיך פאַראייניקט איבערגעשפּיצטקייט און פאָלקסטימלעכקייט, באריידעוודיקייט און ענערגיע אין אזא מאָס, אז ער האָט בהדרגה געמוזט ווערן דער פירער. ער איז געווען אין גאנצן געשטעלט אף לעבנס־געניטשאפט, פונקט ווי אַסקוויט אף דער טעאָריע פון רעכט, אזוי דעמאגאָגיש און בייפאל־זוכעריש, ווי גריי איז אויסגערעכנט, רודף־שלומדיק און איינזאם. צום בעסטן האָט ער געקאָנט טראכטן מיט די אויגן און האָט זיך געזוכט ידיעות מכח געזעץ־פּראָיעקטן איבער דעם פלאָט אָדער קוילן־גרובן אפן אָרט גופא, אפן ים אָדער אין די גרובן, בא די דייטשן האָט ער שטודירט סאָציאלע פראגן, אָבער די בעסטע זייטן פון דאָזיקן פאָלק זיינען אים געבליבן פרעמד, ווייל ער האָט ניט געהאט קיין טעם פאר קונסט און וויסנשאַפט, און ער האָט פונקט אזוי ווינציק געקאָנט ליידן די דייטשן ווי די פראנצויזן. פונדעסטוועגן האָט ער געזען קלאָר און האָט שוין מיט זעקס יאָר צוריק געפּרעגט זיינע לאנדסלייט: „קענט איר דען ניט פארשטיין, אז דייטשלאנד מעג זיין אומרו־איק? וואָלט איר אליין ניט באוואָפנט זיך און געבויט, אויב אייער לאנד וואָלט געווען אזוי איינגעשפּארט צווישן שונאים אין פאַל

פון אן אייראָפּייאישן קריג?״ אלע מאָל האָט ער געהאלטן פאר ניט קלוג דאָס כסדרדיקע סטארען זיך איבערצוזאָגן אײנע די אנדערע אין באוואָפּענען זיך. צווישן די מיטגלידער פון קאבינעט איז ער געווען צום ווינציקסטן וועלט־מאן און אויך צום ווינציקסטן טיפּי־שער ענגלענדער.

דער לעצטער איז געווען ביידעס, טשערטשיל, אן אור־אייניקל פון הערצאָג פון מאַלבאָראָ, האלב־אמעריקאַנער לויטן בלוט און קענער פון דער וועלט, איז געווים געווען נוטה צו שטאַרקן דאָס לאַנד, וואָס האָט אים געהאָלפן צו ווערן גרויס. ניט טיף ווי גריי אָדער רואיק ווי אַסקוויט, ניט גרונטיק ווי האָלדיין און ניט קיין פאָלקס־מענטש ווי ללאָיד דזשאָרדזש, האָט ער זיך אַ פּאָר צענדליק יאָר אַרומגעדרייט ווי אַ האַלבער אוואַנ־טיוריסט, אויסגעפּרוואווט כלערליי געביטן: ליטעראַטור און קונסט און וויסנשאַפט און טעכניק און קריג; אויסגעזוכט א וועלט, גע־שריבן ביכער איבער אַרמיי־פארוואלטונג און איבער פרייען האנדל, צוגלייך שטענדיק איבער זיך אליין, שטענדיק פאַנטאַסטיש, שטענ־דיק שאַרף־אויגיק, גיכפיסיק. אין אופבוי פון ענגלישן פלאָט האָט ער א סך אופגעטאָן, ווי א מענטש א דרייסטער איז דער קריג אים געווען נאָענט; ער און ענווער פּאַשאַ זיינען דעמאָלט געווען די איינציקע מיניסטאָרן אין אייראָפּע, וואָס האָבן געקעמפט ווי סאָלדאַטן אפן פראנט.

צווישן די פינף קאַבינעטן אין אייראָפּע, וואָס האָבן געהאַט די דעה, האָט דער ענגלישער, וואָס די דערמאָנטע פינף האבן אין אים געהאַט די באַשטימענדיקע דעה, ווינציקער פון אלע געוואָלט מלחמה, צום לייכטסטן זיך אַנטקעגן געשטעלט און דאָך זי ניט פאַרהאַלטן. הגם גראד דער דאָזיקער קאַבינעט וואלט זי געקאָנט פאַרהאַלטן

*

זינט אָנדערטהאַלבן יאָר איז אין לאָנדאָן געזעסן א נייער אַמבאַסאַדאָר, וואָס איז אין לאָנדאָן געווען באַליבט, אין בערלין פארהאַסט. פירשט ליכנאָווסקי, וואָס אים איז דאָס לאַנד פון זיין

מיסיע געווען כמעט אזוי ליב ווי זיין פאָטערלאנד. האָט שמענ־
דיק געקעמפט קעגן די רעזולטאַטן פון דעם דייטשן פלאָטן־בוי,
וואָס איז געווען געווענדט קעגן ענגלאַנד, און קעגן דער פריינט־
שאַפט פון דייטשלאנד מיט עסטרייך. דאָס, וואָס ער האָט ענג־
לאנד מער ליב געהאַט ווי עסטרייך, איז געווען א פעלער נאָר
דערפאַר, ווייל ער איז נים דערגאנגען ביז צום שפיץ. וואָס פון
אים האָט מען געקאָנט איבערבויען בכלל די דייטשע פאָליטיק.
אומאָפהייניגיקער ווי זיינע קאָלעגן דורך ראנג, פארמעגן און דורך
פריינטשאַפט צום קיסר, וואָס האָט אים געדוצט און געבעטן בא
אים פריוואטע באַריכטן. האָט דער פירשט געפּרואווט צו פירן
צענטראל־פאָליטיק פון דער פעריפעריע אויס, האָט דורך דעם
פארמערט זיינע שונאים אין מיניסטעריום און געמאַכט שווערער
זיינע גוטע פריינט צו ווירקן פאר אים.

ליכנאָווסקי האָט דער ערשטער אריינגעטראגן אין דעם
ענין דעם טאָן פון אן אייראפּייער, ער שרייבט תיכף קיין בער־
לין, אז עס וועט „שווער אנקומען אַרויסצושטעלן די גאַנצע סער־
בישע נאַציע ווי א פאלק פון רוצחים און מערדער... די עסט־
רייכישע פאָליטיק דאַרף מען באַטראכטן ווי אן אוואנטיוריסטישע,
ווייל זי קאן נים ראַדיקאַל פארענטפערן דעם פראבלעם און נים
האַבן אויף די גרויס־סערבישע באַוועגונג.“ כסדר ווארנט ער נאך
מאַרט פאַרן אולטימאַטום קעגן שטיצן די באַלקאנישע אוואנטיו־
רע: „וואָס איז שייך דער לאקאליזירונג פונם קריג.... וועט איר
דאָך מודה זיין, אַז דאָס געהער אַריין אין געביט פון די פרומע
וואונשן. דערפאַר האַלט איך, אַז מען מוז אָנווענדן אַלץ, אַז די
עסטרייכישע פאָדערונגען זאָלן אַזוי פאָרמולירט ווערן, אַז בא א
געוויסן דרוק מצד פעטערבורג און לאנדאָן זאָל מען זיי אין
בעלגראד קאָנען אָננעמען, און נים אַז זיי זאָלן פירן צו א קריג“...
די דאָזיקע התראות, וואָס צו זיי זיינען אין דער אַנדער וואך
צוגעקומען נאָך, גיבן דעם פירשט ליכנאָווסקי אַ בכבודיקן אָרט
אין דער געשיכטע צווישן די דריי דייטשע דיפּלאָמאַטן, וואָס
האָבן ריכטיק געזען.

יאַגאָוו. וואָס האָט שוין אויך לאַנג ניט געגלויבט אין עסטרייך, הגם ער האָט געפירט די אַלטע פּאָליטיק, האָט גע־טענעט: ווין איז אָפּגעשוואַכט דורך די קריזיסן אפן באַלקאַן, דעריבער מוזן מיר זי שטיצן. „מען וועט אין פּעטערבורג זיך א ביסל בייזערן, אָבער אין עצם איז רוסלאַנד איצט ניט גרייט צו מלחמה. פראנקרייך און ענגלאַנד וועלן אויך ניט וועלן קריג... דערווייל ווערט אונזער גרופּע אלץ שוואכער... קאָן מען ניט דערגרייכן די לאָקאַליזירונג, און רוסלאַנד פאַלט אָן אַף עסטרייך, קאָנען מיר דעמאָלט ניט לאָזן עסטרייך פאַלן א קרבן... איך וויל ניט קיין פּאַרהיט־קריג, אָבער ווען דער קאַמף זאָל אויסברעכן, טאָרן מיר ניט זיך אַרויסמאַכן".

זינט דעם אָנהייב פון דעם קריזיס ווערט דערציילט מכח אלע איראָפּייאישע דיפּלאָמאַטן, אַז זיי האָבן זיך געהאַלטן שטייף, בפרט ווערט געריטמט בערכטהאָלדס „זייער גוטע שטימונג". מכח ליכנאָווסקין אָבער מעלדן אַלע פרעמדע דיפּלאָמאַטן שוין זינט אָנהייב יולי, אַז ער האָט „אויסגעזען שטאַרק פאַרדאגעט" — דאָס איז געוויס א שבח פאַר אים. דאָס, וואָס ער האָט זיך גוט געקאָנט צונויפריידן מיט גריי, ניט געקוקט אַף זייער גאָר פאַר־שיידענעם לעבנס־פיר, איז פאַרביידן א גוטער סימן. צוזאַמען האָבן זיי אקאָרשט געהאַט פאַרענטפערט צוויי האַרבע פּראָבלעמען, וואָס מען האָט מכח דעם פאַרהאַנדלט יאָרן לאַנג: וועגן פּאָדער־אַזיען און פּאָרטוגעזיש אַפריקע, זיי האָבן בכן געקאָנט זיין אָפּע־נער קעגן אַנאַנד, ווי א וואָסער עס איז אַנדער פּאָר דיפּלאָמאַטן. אַף א דירעקטער פראגע גיט גריי דעם אמבאַסאדאָר א דירעקטן ענטפער: קיין פאָרמאלע אפמאַכן האָט ענגלאַנד מיט קיינעם ניט; נאָר די באַציאונגען מיט פראנקרייך און רוסלאַנד זיינען „זייער אינטים".

גריי האָט לויט זיין גאַנצן מהות באַדאַרפט זיין געשטימט קעגן סערביען. בלוטיקע פאַרברעכנס און סקאַנדאַלן זיינען געלעגן אַף דער דינאַסטיע. פונדעסטוועגן זיינען זיינע ערשטע ווערטער איבער דעם אולטימאַטום געווען: „די דאָזיקע נאָטע שטייגט אַרי־

בער אלץ. וואָס איך האָב ביז אַהער געזען פון דעם מין... דאָס איז דער שרעקלעכסטער דאָקומענט, וואָס א מלוכה האָט ווען עס איז געשיקט צו אן אומאָפּהיינגיקער מלוכה".

דאָס האָט ער געזאָגט צום אמבאַסאָדאָר פון עסטרייך מענסדאָרף, אַ פארשטאנדיקן עסטרייכישן גראף. דער דאָזיקער און דער דייטשער און דער רוסישער אַמבאסאדאָר זיינען קרובים און מוזן באַלד, געטריבן פון זייער מיסיע, ווערן שונאים; פּונקט אַזוי ווי די דריי מושלים נוצן אויס די קרובישאַפט, בכדי צו צע־רייסן די ברידערשאַפט פון די פעלקער. און איצט טוט גריי אין מיטן אלע דיפּלאָמאַטישע קונצן דער ערשטער אין אייראפּע דאָס נאַטירלעכע: ער רעדט מיט ליכנאָווסקין מכח די שרעקנס פון א קריג צווישן די פיר: „ווער עס וועט אויך בלייבן זיגער פון אזא קריג, איינס איז זיכער: אַלע וועלן זיין אויסגעמאַטערט און בדלות, אינדוסטריע און האַנדל וועלן חרוב ווערן, קאַפּיטאַל־קראפט צעניכטעט; די ארבעטסלאָזיקייט וועט ארויסרופן רעוואָלוציאנערע באַוועגונגען".

אין די דאָזיקע צוויי ערשטע טעג, באַאומרואיקט באַזונ־דערס דורך די ידיעות פון דער פעטסקיים אין פעטערבורג, רעדט גריי געווענדט צו דריי זייטן: צום סערב דורך זיין פאָרטרעטער: „מיין עצה איז, אָנצונעמען ווי ווייט מעגלעך, אָבער אויך אָנ־פרעגן די מיינונג פון אַנדערע מיסיעס". צום עסטרייכער: „איצט גייט עס דערין, צו פּרואוון, וואָס עס לאָזט זיך נאָך טאָן, בכדי אָפּצווענדן די סכנה". צום דייטש: „איך בין מודה, אַז עסטרייך מעג פאַרלאַנגען באַפרידיקונג און אויך די באַשטראָפונג פון אלע פערזאָנען, וואָס שטייען אין פארבינדונג מיטן מאָרד... איך... בין זיכער, אַז נאָך דער עסטרייכישער מאָביליזאַציע וועט קומען די רוסישע. דעמאָלט, דוכט מיר, איז געקומען דער מאָמענט, אַז מיר זאָלן מיט אייך און מיט פראנקרייך און איטאליען זוכן צו פארמיטלען צווישן עסטרייך און רוסלאַנד. אָן אייער מיטהילף וועט קיין שום פארמיטלונג גאָרנישט ניט פועלן".

אַ טיפּישער ביישפּיל פון אינטערנאַציאָנאלער פארמיטלונג; אַ באַווייז, אַז דער דאָזיקער ענגלענדער האָט געשטעלט דעם

שלום פון אייראָפּע העכער פאַר דער סיסטעם פון די בונדן און גלייכוואָג.

ביידע אַמבּאַסאַדאָרן טעלעגראַפירן צו זייערע מיניסטעריומס, אָבער ליכנאָווסקי שרייבט צו די ממש נביאישע ווערטער: „גרייס פאַרשלאַג איז די איינציקע מעגלעכקייט אויסצומיידן אַ וועלט־קריג, וואָס באַ אים שטעלן מיר איין אין קאָן אַלץ און קאָנען גאָר־נישט ניט געווינען... אויב פראַנקרייך ווערט אַריינגעצויגן, קאָן ענגלאַנד ניט בלייבן גלייכגילטיק".

צוגלייך ווענדט זיך גריי קיין פּעטערבורג: „דאָ, מיין איך, וועט די עפנטלעכע מיינונג ניט האַלטן פאַר גוט, אויב מיר וועלן אָנהייבן קריג צוליב דעם סערבישן סכסוך. זאָל אָבער דער קריג אויסברעכן, קאָנען מיר... ווערן אַריינגעצויגן, און איך מי זיך ניט צו דערלאָזן צו קריג... די איינציקע מעגלעכקייט פון שלום איז, אַז די איבעריקע פיר גרויסע מלוכות זאָלן אַלע צו־זאַמען ווענדן זיך צו עסטרייך און רוסלאַנד מיט דער פאָדערונג, זיי זאָלן ניט אַריבערטרעטן די גרענעצן. אויב דייטשלאַנד וועט דערויף מסכים זיין, בין איך זיכער, אַז פראַנקרייך און מיר וועלן אַרויסטרעטן אין דעם זין".

אַזוי האָט דער דייטשער אַמבּאַסאַדאָר געמעלדעט אין זיין מיניסטעריום פאַר אַ השערה דאָס, וואָס דער ענגלישער מיניס־טער האָט געגעבן צו וויסן זיינע אַמבּאַסאַדאָרן, אויך דעם בער־לינער, ווי אַ מעגלעכקייט: אין פאַל פון אַ קריג וועט ענגלאַנד מסתמא ניט קאָנען בלייבן נייטראַל.

דאָ הייבט זיך אָן דער טראַגישער פּלאָנטער. זינט יענעם טאָג לאָזט גרייען נים רוען די פראַגע: — צי זאָל איך זאָגן אָפן פאַר גאָר דער וועלט, פאַר דייטשלאַנד דאָס, וואָס איך האָב געלאָזט וויסן בסוד מיינע אַמבּאַסאַדאָרן, אַז ענגלאַנד וועט אין פאַל פון קריג זיך מאָביליזירן, כדי דייטשלאַנד זאָל מורא קריגן און גיין צוריק? פּאַריז און פּעטערבורג וואַרטן אויף אונזער אויס־לייזנדיק וואָרט. געבן אַ וואָרט טאָר איך ניט, וואָרום נאָר דער פּאַרלאַמענט קאָן באַשליסן די לעבנס־פראַגע: בינד איך היינט

מיין לאַנד דורך א יאָ, קאָן מאָרגן דאָס לאנד זיך אָפּטרייסלען פון מיר, וואָרום ניט איך און ניט אַסקוויט ווייסן ניט, וואָס עס וועט זאָגן דער מענטש פון גאַס, די פּרעסע, דער פּאַרלאַ-מענט, ווען עס וועט האלטן אַזוי ווייט. אַלץ וועט זיין געווענדט דעמאָלט פון די אומשטאַנדן, ווער עס וועט אויסזען דער באַעוולטער.

— און פונדעסטוועגן האָב איך באַדאַרפט סטראָשען! טראכט ער ווייטער. אין בערלין און אין ווין טרייבן די מילי-טער-לייט צו מלחמה, און די גוואלדיקע דייטשע אַרמיי, וואָס איז בעסער צוגעגרייט, איידער אירע שונאים, קאָן האָפן אף א נצחון איבער דעם צווייבונד, אבער ניט איבערן דרייבונד.

דעם הויפט-פונקט פון די דאָזיקע אינעווייניקסטע מלחמות האָט גריי שפּעטער געשילדערט מיט די ווערטער: „א סכנה האָט פאר מיר געשוועבט, אַזוי מאומדיק, אז אימלעך וואָרט האָט באַדאַרפט זיין אויסגערעכנט... זי צו פארהיטן: נעמלעך אז פראנקרייך און רוסלאַנד זאָלן זיך ניט אַריינוואַרפן אין א קריג מיט דייטשלאַנד מיט דעם חשבון, אז מיר וועלן זיי אונטערשטיצן; אָבער די דאָזיקע אונטערשטיצונג וועט זיך ניט לאזן פארווירק-לעכן, און דערנאָך, אז עס וועט שוין זיין צו שפּעט, וועט מען אף אונז ארופוואַרפן די אחריות, אז מיר זאָלן האָבן זיי אריינגענארט אין דעם געפערלעכן קריג".

אזוי ווי אין דער אלטער טראגעדיע ווערט דאָ קלאָר די פאַריאושטע לאַגע פון א מענטשן, וואָס זוכט מיט אלע כחות פון הארץ און גייסט אויסצומיידן דאָס פאלשע, וואָס די צעשטערנדיקע רעזולטאַטן פון דעם זעט ער דייטלעך פאראויס; ער איז אָבער, אַלץ איינס וואָס ער טוט, דורכן גורל געצוואונ-גען צו טאָן דאָס פאַלשע, און דאָס מחמת א שוואכקייט, וועל מיט יאָרן צוריק האָט ער צוגעזאגט מיט האלבע ווערטער. קליין איז די שולד, ריין איז דער ווילן, גרויס דער פלאנטער, עכט דאָס שטרעבן, טראגיש דער סוף: פונקט ווי אין דער טראגעדיע פון עסכילאס.

## אכטער קאַפּיטל.

## די וואַרטנדיקע.

אין עקספּרעס-צוג זיצט א מענטש, דריי טעג און דריי נעכט איינער אַליין, טראַכט, פיבערט: איזוואָלסקיס מוח איז דער געפּייניקטסטער מוח יענע טעג אין אייראָפּע, זיין האַרץ איז דאָס ליידנשאַפטלעכסטע. ווי א סימבאָל שטורעמט ער גראַד איצט פון פּעטערבורג קיין פּאַריז, דורך דייטשלאַנד: ווי דער קוריער פון שרעק, אַזוי לאַנג געוואונטשן דעם מאָמענט, אַזוי געשפּירט — און דאָך צו פרי! ווייל זיין גאַנצער מהות האָט געלעכצט נאָכן דאָזיקן קריג, האָט ער שטענדיק געוואָרנט פאַר א צו פריען אויס-בראָך, פאַר האַרטוויגס אינטריגעס אין בעלגראַד. ניט פאַר 1917, און נאָר באַ גינסטיקע תּנאים. די צייט האָט באַדאַרפט עסטרייך קרישלדיק מאַכן: דעמאָלט וואָלט געקומען איזוואָלסקיס גרויסע שעה! נאָר היינט? צי וועט מען אין פּאַריז האָבן צו פיל מוט, צי צו ווייניק? אָפּגעגאַרט אפשר אויף א פּאָר יאָר, אויף א פּאָר שעה געוויס! וואָלט די דעפּעשע אָנגעקומען פון בעלגראַד קיין פּעטערבורג מיט צוויי שעה פריער, וואָלט ער באַלד מיטגעפאָרן מיט דער „פראַנס“, קיינער וואָלט אים ניט פאַרהאַלטן דאָ, וואו זיינע תלמידים און אפילו זיינע שונאים האָבן אים גוט גע-קאָנט פאַרבייטן; באַ דער זייט פונם פּרעזידענט וואָלט ער פאַר-בראַכט אָט די וויכטיקסטע טעג פון לעבן, אַזעלכע רייכע שעהן, וואָס קערן זיך קיין מאָל ניט אום. ווען ער וואָלט מיט ביידע פּירערס פון פראַנקרייך געקאָנט אויסחשבונען יעדער גאַנג ווי אויפן שאַך-ברעט, יעדער בשותּפותדיקן שריט אויספּרובירן, באַשליסן!

נאָך אויפן וואַרשעווער וואָקזאַל האָט פּאַלעאָלאָג געשוואָרן, אַז דאָס איז דער ריכטיקער מאָמענט: „דאָס מאָל איז מלחמה“. האָט ער געזאָגט שטילערהייט. אָבער ער האָט דאָך ניט געהאַט דעם פאַרזענלעכן מאָטיוו: נקמה! דאָס איז געווען דער רוף פון דער נשמה, וואָס האָט זינט פינף יאָר כסדר געקלונגען אין קאָפּ פון רוסישן מלוכה-מאַן.

ער זעט אוים ווי א פּאַשאַ. מען מאלט זיך אים אוים ווי אַ בעל-הבית פון לייב-שקלאפן; האַרטער קאָפּ, ברוטאלע געמבע, גראבע ליפּן, וואָס קאָנען זיך אריינזויגן אין רויב: אלץ דערמאנט אָן דער לעגענדע פון דעם פינסטערן רוסלאנד מיט בייטש, בראנפן, ווייבער. איבער דעם אבער איז געוואָרפן א פאַרלאַנג, א פּאַרלאַנג נאָך נקמה.

עס זיינען איצט פאַרביי זעקס יאָר, איז ער געזעסן אין בוכלאַו' א מערישן שלאָס, ווי א גאַסט אין הויכן לענשטול באם קאמין פון גראף בערכטהאָלד, ליכט האָבן געברענט, קאַווע איז געווען סערווירט, די דינערס ניט צו זען, טירן צוגעמאַכט: דע-מאָלט האָט ער זיך געלאָזט אָפּנאַרן פון גראף ערנטאַל. האָט ניט גאָרטשאַקאָווס שאָטן דורכגעשוועבט דורכן צימער? מיט דריי-סיק יאָר צוריק האָט יענער געהאַט אָפּגעשלאָסן א געהיימען אָפּ-מאַכן מיט עסטרייך: ווען זי וועט אמאל די צוויי טערקישע פּראָ-ווינצן באָסניען און הערצעגאווינע. וואָס זי האָט איבערגענומען צו פארוואלטן, צונעמען פאר זיך, זאָל רוסלאַנד שווייגן; דאָס נעמ-לעבע וועט עסטרייך שווייגן, ווען רוסלאַנד וועט רעווידירן דעם אָפּמאך מכח די ים-דורכגוסן. דעמאָלט איז געווען דער מאָמענט, מקיים צו זיין דעם אלטן אָפּרייד, וואָס די וואָס האָבן אים אפּ-געשלאָסן פוילן שוין לאַנג אין דער ערד.

און דאָך האָט ער זיך געלאָזט בא אָט דעם קאמין אפּ-נאַרן פון עסטרייכער. האט זיך ניט געקאָנט אויסבאהאלטן פאר די אָנפראגעס אין דומע — און האָט געמוזט גיין.

נקמה פאר בוכלאו! דאָס איז פון דעמאָלט אָן זיין געדאנק. זיין שונאס א תלמיד, וואָס שוין אין פּעטערבורג האָט ער אים ניט געקאָנט אַריבערטראָגן, דער בעל-הבית פון הויז בא יענער באַגעגעניש, גראף בערכטהאלד איז דערווייל געוואָרן עסטרייכי-שער אויסערן-מיניסטער, צו צעקלאַפּן אים, צו מאַכן אוים עסט-רייך, ווען די רעכטע שעה וועט קומען — דאָס ווערט איצט דער באַוועגער פון אַלע זיינע מעשים. און ער אינטריגירט מיט די סערבן, גיט אונטער חשק טיטאָני צו גיין אויף טריפאלי, רייצט אוף דעם באלקאַן צו מלחמה קעגן סטאַמבול, ד.ה. קעגן עסט-

רייך, און ווידער אמאל רומעניען; ווערט אַמבאַסאדאר אין פאריז, כדי איינצוזעטצען מיט פראנקרייך, מיט קאיאָ קאָן מען גארנישט אויספירן, דעם פּחדן און דעם פריינט פון די דייטשן. אָבער דער־נאָך קומט פּואַנקארע, דער לעבּלעכער הער לואי גייט אוועק פון פּעטערבורג, אלע פאקטנס ווערן באַזעצט מיט אָנהייגער פון צאר, פּואנקאַרע ווערט פרעזידענט, זיין השפּעה וואקסט כסדר, אָנשטאט צו פאלן, ער איז שטאַרק געפעלן דעם צאר אין פאריז, און אז איזוואלסקי האָט אים באוויזן זיין נייעם אופּטו, דער פאר־באָרגענעם סערביש־בולגארישן אָפּמאך קעגן די טערקן, רופט פּו־אַנקאַרע אויס, נאָך איידער ער האָט געענדיקט לייענען דעם דאָ־קומענט: „דאָס איז דער אינסטרומענט פון קריג!" דערנאָך זאָגט ער צום רוס; „אויב דער צוזאמענשטויס זאָל ארויסרופן אַן אריינ־מישונג פון דייטשלאַנד,... דעמאָלט וועלן מיר אויך א מינוט נישט זאמען צו טאָן אונזער התחייבות קעגן רוסלאַנד". נאַטירלעך האָט ער באַטאָנט, אז פריער מוז דייטשלאַנד אָנפאלן.

זינט אַגאַדיר און זינט דעם שמועס פון ביידע פארבינדעטע האָט זיך אין פראַנקרייך ווידער אופגעכאַפּט דער געדאַנק פון רעוואנש, דער באַזוך פון ענגלישן קעניג האָט אים אינגאַנצן גע־שטאַרקט. שטענדיק זיינען געווען די וואָס פירן צו א מלחמה נאָר א פּאָר טוץ, נאָר עטלעכע הונדערט מענטשן, — דאָ פּונקט ווי אין אלע איבעריקע עקן פון אייראָפּע, — אבער זיי־ערע שטימען זיינען געווען הויך, זייער לאַגע מעכטיק, זייערע רייך־מיטלען גלענצנד. אַזוי האָט דער רוסישער גראף בענקענ־דאָרף געשריבן אין פעברואר 1913 קיין פּעטערבורג: „אויב איך באַקלער קאַמבאָנס שמועסן מיט מיר... דערצו נאָך פּואנקאַרעס האַלטונג, קומט מיר ארוף דער געדאַנק, וואָס איז גלייך צו אַן איבערצייגונג, אז פון אַלע גרויסע מלוכות איז פראנקרייך די איינציקע, וואס, אויב נישט צו זאָגן, אַז זי וויל מלחמה, וואָלט זי זיך דאָך נישט שטאַרק מצער געווען, ווען זי זאָל אויסברעכן".

פּואַנקאַרע פלעגט אַמאָל קומען צום באַזוך צום דייטשן אמבאסא־דאָר, וואָס קיין פראנצויזישער פּרעזידענט האָט דאָס פריער נישט געטאָן, אָבער זיין לאָטרינגער האַרץ האָט אַזוי הויך געקלאַפּט,

אַז אפילו הער פאָן שײן האָט עס דערהערט. מיט אים זײנען די פראַנצויזן געווען אָפנהאַרציק, באַרטו האָט צו אים געזאָגט: „גיט אונז אַוועק צוריק עלזאַס־לאָטרינגען, דעמאָלט זײנען מיר מיט אײך די בעסטע פרײַנט אין דער וועלט". אינם דאָזיקן יאָר האָבן זײ זיך געריכט אױף מלחמה: דער גובערנאַטאָר פון פאַריז, גענעראַל מישעל, האָט געפאָדערט אין בּיודזשעט־קאָמיסיע אױסערגעװײנטלעכע צוגרײטן פון מעל פאַר דער הויפּט־שטאָט, וואָרום „דאָס איז אַן אויסערגעווײנטלעך יאָר, מיר ווײסן ניט, צי מיר װעלן אין מערץ אדער אַפּריל ניט מאָביליזירן".

אין מאַי האָט דער בעלגישער אַמבּאַסאַדאָר פאַרצײכנט, אַז פראַנקרײַך איז בלי ספק געוואָרן שאָוויניסטישער; „זײ זאָגן, אַז איצט זײנען זײ זיכער אין ניצחון"; צוגלײַך האָט אים געזאָגט אַן אַלטער דיפּלאָמאַט: „קומט עס איצט צו אַ שווערן סיכסוך, מוזן די פירער פון בײדע מלוכות קומען צו אַ הסכם אין דרײַ טעג, מאָמער נײן, וועט זײַן קריג!"

זינט צוויי טעג האָט דער אולטימאַטום צו סערביען גע־האַלטן דעם מיניסטעריום און די פּרעסע אין גרימצאָרן, באַזונ־דערס פון וועגן טערמין. קײנער גלויבט ניט דער פאַרזיכערונג פון דײַטשלאַנד, אַז זי ווײס גאָרנישט. מען האַלט, אַז זי ווײסט דאָס זוין דעם וועג. די פראַנצויזישע רענטע פאַלט נידעריקער, ווי ווען עס איז זינט 1870. מען מוז שליסן די בערזע, אַלע מײנען, אַז דײַטשלאַנד וויל מלחמה. אין מיניסטעריום זיצט דער אַלטער ביענוועני־מאַרטען, וואָס פאַרטרעט בײדע פּרעזידענטן, וואָס שווימען אױפן שיף, און שיקט כסדר עלעקטרישע פונקען איבערן ים. נאָר עס פעלט טאַלענט און גלאַנץ פון פּערזענלעכן שטוּעס. צועקשט פאַרהאַנדלט ער איבער גרײַס נעכטיקן פאַר־שלאָג מכּח אַ קאָנפערענץ. ער זאָגט צום דײַטשן אַמבּאַסאַדאָר:

„אײַער וועגדונג צו אונז, צוזאַמען אופצוהאַלטן דעם שלום, האָט דאָ זײער גוט געווירקט".

„דײַטשלאַנד איז אײנס מיט פראַנקרײַך אין דעם הײסן פאַרלאַנג נאָך שלום", זאָגט הער פאָן שײן. „דער פּונקט פון ווירקונג ליגט אין פּעטערבורג".

„איך פּערזענלעך בּין גערן גרייט צו ווירקן אין פּעטער־בּורג אַף צו בּאַרואיקן, נאָכדעם ווי עסטרייך־אונגאַרן וועט פאַר־זיכערן, אַז זי איז ניט אויסן קיין אַנעקסיע".

„בּשותּפותדיקע אַרויסטרעטונגען פון די גרויסע מלוכות אין ווין זיינען קעגן אונזער מיינונג. מען זאָל עסטרייך־אונגאַרן און סערבּיען לאָזן אליין".

הערט מען ווי זיי ליגן? שמעקט מען די פאַרדומפּענע לופט פון די קאַבּינעטן? מיט רעכט שטעלט דער קיסר אינם זעלביקן טאָג אַוועק אונטערן בּאַריכט פון פּאַריז — ער, אמת, מיינט דערמיט צו טרעפן נאָר דעם פראַנצויז, — די אנמער־קונג: „נאַרישער פּלפּול!"

## ניינטער קאַפּיטל.

## די פּראָטעסטירנדיקע.

וואו איז געבּליבּן דער שכל? צי איז ער אוועקגעפלויגן פון איראָפּע, נאָכדעם ווי ער האָט זיך עטלעכע מאָל בּאַוויזן מיט רחמים־בּעטנדיקע בּליקן הינטער די שטולן פון די דיפּלאָמאַטן? האָבּן אפשר די בּשתיקהדיקע הכנות אים אַריינגעטריבּן אין יאוש? אָט דער טעמפּער קלאַפּ פון געפּיטערטע טאָפּלטע טירן, אָט דער גליטשנדיקער הענט־דרוק פון די דיפּלאָמאַטן, דאָס שאָרש־קען פון די שיפריר־בּיכער, דאָס בּימבּלען פון די טעלעפאָנען, דאָס וויקלען די קאַרטעס פון גענעראַל־שטאַבּ, דער פאַלשער שמייכל פון אָט די אַלע האַרן און קעניגן? צי האָבּן אים דע־רעסן אָט די אַלע געשטאַלטן, וואָס גראָבּן זיך אין דער פינסטער, וואָס אַרבּעטן הינטער געשלאָסענע טירן פון אלטע פּאַלאַצן אַרום די טייוול־מאַשינעס, זיי זאָלן פּלאַצן פּינקטלעך צו דער בּאַשטימ־טער שעה און בּאַגראָבּן דעם ערד־טייל מיט א גוואַלדיקן טראַסק? פאַריאושט האָט דער שכל פאַרלאָזן די קאַבּינעטן און איז אַרויס אַפן גאַס.

עס רוישט דורך די שטעט. ער האָט זיך אַריינגעמישט צווישן די מיליאָנען, ווייל די צוואַנציק צי דרייסיק האַרן פון

אייראָפּע האָבן זיך פון אים אָפּגעקערט, ער איז געקומען צווישן די וואָס אָן נאָמען, ווייל די מיט די גרויסע נעמען האָבן אין אים געפּעלשט. איצט רייצט ער די שקלאַפן צום פּראָטעסט. יענע זיינען גרייט, מען באַדאַרף זיי ניט איינצורעדן. פאַרשטיקט און פאַרשוויצט ברומען זיי; הינטער זייערע שרויבשטעק און דרייביינק, קעסלען און דאַמף=האַמערס, מאַטאָרן און וואַלצן הערן זיי, וואָס עס דערציילט זיי די צייטונג וועגן קומענדיקן שטורעם.

אָבער אינאָווענט טרעטן זיי אַרויס פון זייער פאַרגליווערטער גראַקייט, פון דער שטיקנדיקער איינגעשאַפּט פון זייערע פאַרשטעט אין די גלענצנדע קוואַרטאַלן פונם געלט אַריין. עטלעכע גוטע פריינט צוזאַמען, אַנדערע מיט זייערע פרויען, און איידער זיי זיינען דאָס תופס, אָן דאָס צו וועלן, טרעפן זיך צונויף טויזנטער ענלעכע מענטשן בײַ די באַלעבאַטע ראָגן גאַסן, וואו די קאַפּייען לאָזן אַריין דעם לאַרעם פון שטאָט און לאָזן אַרויס דעם לאַרעם פון די מוזיק=קאַפּעליעס. דאָרט טרעפן זיך צונויף די איינגעמאַטערטע און אויפגערעגטע, זיי קענען זיך ניט און קענען דאָך איינע די אַנדערע, זייער מלבוש, זייער אָנבליק, זייער קאָליר פאַרבינדט זיי אין עקבערנדיקע געדאַנקען.

זיינען דאָרט פאַראַן עטלעכע יונגעלייט, וואָס פייפן און רופן: קומט מיט! איך ווייס, וואו דאָס מיניסטעריום ליגט! מאַרש פאַראויס! און מיט איין מאָל בילדן זיך קאָלאָנעס. זיי שטעלן זיך אויס צו פינף, צו אַכט, וואָרום אַזוי זיינען זיי געוואוינט, פון מיליטער, פון דער דעמאָנסטראַציע, די מיידלעך נעמען זיך אונטער די הענט, די פרויען לאָזן אַראָפּ די הענט און שפּאַנען נעבן זייערע מאַנען. ביז בלישטשען אַריבער קנעפּ און אויגן פון באַוואָפנטע פּאָליציסטן, נאָר זיי לאָזן זיי דורך. איצט פאַרלאָזן זייערע ווייכע לענשטולן מיניסטאָרן און אַמבאַסאַדאָרן, שטאַטססעקרעטאַרן, גענעראַלן, לאָרדן, גראַפן און גרויספירשטן, זיי גייען צו צו די אָפענע פענסטער: וואָרום די גאַס רוישט.

צי קלינגט דאָס ניט ווי אַ מאַרש, איידער מיר האָבן באַפוילן צו מאַרשירן? וואָס איז דאָס פאַר אַ געזעמל, איידער דער

קיסר אָדער דער פּרעזידענט האָבן אונטערגעשריבן דעם דעקרעט? ווילט איר איבער גוואלד?

„שלום! שלום! נידער דעם קריג!"

— אך אזוי! די סאציס! א שמייכל גליטשט זיך איבער דער געמבע פון דעם ווינער קריגס-גראף. דערשראקן קוקט אראפּ דער בערלינער קאנצלער, מיט שנאה פינקלט דאָס אויג פונם גרויספּירשט, שטום פאָרשט דער לאָנדאָנער פּרעמיער נאָך צאָל, טאָן און תנועה פון דער מאַסע, און דער פראנצויז, וואָס שפּאַמט פון איר, בייסט די ליפּן.

„שלום! שלום! מיר ווילן ניט קיין מלחמה!" רוישט עס אין טויזנט קולות פון בראנדענבורגער טויער אריבער, ארום דעם ראג פון דער ברייטער ווילהעלמשטראסע, און צוזאמען מיטן ריה פון איבערגעזומערטע לינדן שטייגט ארויף צו די פענסטער פונם נידעריק לאַנגען מיניסטעריום עפּעס ווי דאמף פון די פארשוויצטע קליידער פון די טויזנטער.

„שלום! שלום! נידער דעם קריג!" רוישט עס אין דער זעלביקער שעה פון ווינער בורג-רינג אריבער און פון די שטאָפּ-לען פונם גוט פארשלאָסענעם פּארלאמענט דרינגען די קולות צום אויסערן-מיניסטעריום ארויף.

„נידער די מלחמה! לעבן זאל דער שלום!" רוישט עס אין דער אייגענער שעה פון ביידע זייטן פון דער סענע-בריק ארויף צום מיניסטעריום אַפן קיי ד' אָרסיי, און צו די טונקעלע פענסטער פונם פרעזידענטן-פּאלאַץ הילכן אַריבער די טריט, און עס קלינגען די שטורמישע אקאָרדן פון דער מאַרסעליעזע און פאָדערן פאלקס-פרייהייט.

„שלום! שלום! ניט קיין מלחמה!" רוישט עס אין דער גלייכער שעה פון טראפאלגער-סקווער אין לאָנדאָן, און די טרע-גער פונם שלום-געדאַנק פאָדערן פון די שטאַפּלען פון גרעסטן קריגס-דיינקמאל שלום פאר דער וועלט.

נאָר אין פּעטערבּורג איז אין יענער שעה דאָס רוישן פאַרשטומט: גיך האָט מען די דעמאָנסטראַנטן צעטריבן מיט נאַגאַיקעס און שאַבּלעס, מיט פּערדישע פּאַדקאָוועס און רעוואָלווערס, פאַנאַנדערגעטריבן, צעטראָטן, צעשאָסן. די פּאַטריאָטן, יאָ, יענע הערט מען און מען זעט זיי גערן אין מאַסן: אין דער שפּיץ אין אויטאָ, אין אים א גענעראַל, דערנאָך סטודענטן און אָפיצערן, מיט געזאַנג און מיט פאָנעס, אזוי גייט מען דורך די הויפּט־גאַסן.

פאַרבאָרגן הינטער א שלייער האָבּן די דיפּלאָמאַטן פון די גרויסע מלוכות געאַרבּעט צוצוגרייטן דעם קריג. יענע אָבער, וואָס זיי האָבּן זיי אינם שטילשווייגן פון זייערע קאַבּינעטן פאַרמשפּט צום טויט, וואָס די אומבאַגרענעצטע פאָדערונג פון דער מלוכה האָט זיי שטענדיק געצוואונגען צו מאַרשירן, ווי נאָר די פייקלערס האָבּן געפייקלט, האָבּן זיך אופגעכאַפּט און זיינען אין פלוק געווען אַנטשלאָסן זיך צו פאַרטיידיקן: אָנמעכטיק האָבּן די שלום־פאַראיינען פון דער וועלט אופגעהויבּן זייערע שטימען פון אידעאַליסטן, אָנמעכטיק האָט דער וואַטיקאַן געמאַכט עטלעכע איינגע־האַלטענע שריט.

ווייל דער גורל פון אייראָפּע איז געוואָרן געפורימט כמעט אין גאַנצן פון איין קלאַס, איז א צווייטער קלאַס געווען בּארופן אים א קער צו טאָן. ווייל די מעכטיקע האָבּן זיך קיין מאָל ניט געקאָנט צונויפריידן אף א בּוררים־געריכט, האָבּן מיט א האַלבן יאָרהונדערט צוריק די שוואַכע זיך פאַראייניקט און געפּרואווט ראַטעווען פאַר דער מענטשהייט דאָס, וואָס זיי האָבּן געשטרעבּט צו דערגרייכן פאַר זייער קלאַס. ווייל פילאָזאָפן און לערער פון רעכט האָבּן גערופן צו די פעלקער זייערע מאָראַלישע געדאַנקען וועגן שלום נאָר אזוי ווי פון א חלל אָן לופט, דערפאַר האָט די געשיכטע בּאַדאַרפט האָבּן דעם הייליקן ענטוזיאַזם פון די אָרימסטע און געדריקטסטע צום רוף קעגן קריג. ווייל פאַר זיי האָט גאָרנישט ניט בּאַדאַרפט צוקומען פונם קאַמף און כּבוד־יאָגעניש פון די נאַציעס, דערפאַר האָט גראָד פאַר זייער האַלבּ־

פארשטארטן בליק זיך אנטפלעקט דער פאלשער פאַטאָס פון די פאָנעס און רעדעס, פון די נצחונות און העלדן־לידער, און מיט אַ תנועה פון נאכטוואנדלער האָבן זיי אריבערגעטאפט צו די שאָרסטקע, ביינערדיקע פינגער פון זייערע פיינטלעכע ברידער.

„ווייל דער קריג פאלט מיט גאָר זיין שווערקייט אפן ארבעטער־קלאס און נעמט בא זיי אוועק ניט נאָר דאָס ברויט, נייערט אויך דאָס בלוט, ווייל דער באוואָפנטער שלום פאַראַליזירט די פראָדוקטיווע כחות..., ווערט באשלאָסן צוצושטיין אין גאנצן צום שלום־קאָנגרעס אין זשענעווע, בכדי וואָס גיכער צו קומען צו אנטוואָפענונג און צו א פאראייניקונג פון די פרייע מלוכות פון איראָפּע". דאָס איז געווען דער ערשטער באשלוס פון די אַרבעטער קעגן מלחמה, וואָס עס האָט אָנגענומען דער קאָנ־גרעס אין לאָזאַן, דורך דער מחלוקת פון די סעקטעס, דורך די זיך בייטנדיקע פראָגראמעס איז אָט דער געדאנק געבליבן, אלע עטלעכע יאָר פון דאָס ניי פראָקלאמירט, און האָט פאר זיך איינגענומען די מיליאָנען. א שלום פון פערציק יאָר האָט די דאָזיקע גייסטער ניט איינגעשלעפערט: איצט איז געקומען דער מאָמענט צו לאָזן ארויסדונערן דעם גרויסן ניין!

ווי א סיגנאַל האָט גראף בערכטהאָלדס אולטימאטום ארייג־געהילכט אין קרייז פון זייערע פירערס, און בעת די דיפלאָמאַטן האָבן שיפרירט טויזנט דעפעשעס, אבי זיך נאָר ניט צונויפצורייידן, האָבן די ארבעטער פון זייערע לענדער ניט באדארפט האָבן דעם טעלעגראף, בכדי ישוין דעם ערשטן פרימאָרגן, אין איין און דער זעלביקער שעה אין אלע צענטרען פון דער וועלט צו דיקטירן זייערע פירערס איין און דעם זעלביקן געדאנק, ווי דעם אויסדרוק פונם געפיל פון די מאסן.

די וויכטיקסטע זאַצן פון די מאַניפעסטן:

בערלין. אופרוף פון סאָציאל־דעמאָקראטישן פארטיי־פאָר־שטאנד: „קיין איין טראָפּן בלוט פון א דייטשן סאָלדאט טאָר ניט געבראכט ווערן א קרבן פאר דעם מאכט־גלוסט פון די עסטרייכישע גוואלד־הארן!... דער וועלט־קריג שטייט פאַר דער

טיר! די הערשנדיקע קלאסן, וואָס אין שלום ווערגן זיי אייך, פאַראַכטן אייך, נוצן אייך אויס, ווילן אייך איצט באַנוצן פאַר האַרמאַטן־פלייש. אומעטום מוז אַריינקלינגען אין די אויערן פון די מאַכט־האָבער: מיר ווילן ניט קיין קריג! לעבן זאָל די אינטער־נאַציאָנאַלע פאַרברידערונג פון די פעלקער!״

דער „פאָרווערטס״ פון 25 יולי: „זיי ווילן קריג, די גע־וויסנלויזע עלעמענטן, וואָס האָבן דעם איינפלוס אין ווינער הויף און גיבן דעם טאָן. זיי ווילן קריג — פון דעם ווילדן געשריי פון דער שוואַרץ־געלער העץ־פּרעסע קלינגט דאָס שוין אַרויס זינט וואָכן. זיי ווילן קריג — דער עסטרייכישער אולטימאַטום צו סערביען מאַכט דאָס קלאָר און באַשיימפּערלעך פאַר גאָר דער וועלט...

„ווייל דאָס בלוט פון פראַנץ פערדינאַנד און פון זיין פרוי איז געפלאָסן אונטער די שאָסן פון א צעדרייטן פאַנאַטיקער, זאָל פליסן דאָס בלוט פון טויזנטער אַרבעטער און פויערים. אן אומזיניקער פאַרברעך זאָל אַריבערגעיאָגט ווערן פון א נאָך א סך מער אומזיניקערן.

„וואָרום דער דאָזיקער אולטימאַטום איז אין זיין פאָרם און אין זיינע פאָדערונגען אַזוי אומפאַרשעמט, אַז א סערבישע רע־גירונג, וואָס זאָל הכנעהדיק צוריקטרעטן פאַר אָט דער נאָטע, קאָן רעכענען, אַז דאָס פאָלק וועט זי אין איינע עטלעכע שעה צעטרייבן.

„עס איז געווען א זינד פון דער שאָוויניסטישער פּרעסע פון דייטשלאַנד, וואָס זי האָט אָנגעטריבן מיט אַלע כּחות די קריגס־גלוסטן פונם טייערן פאַרבינדעטן, און אָן ספק האָט הער פאָן בעטמאַן־האָלוועג צוגעזאָגט דעם הער בערכטהאָלד אים צו שטיצן. אָבער אין בערלין שפּילט מען פּונקט אַזאַ געפערלעכע שפּיל, ווי אין ווין״.

„לייפּציגער פאָלקסצייטונג״ פון 24 יולי: „אין עסטרייך זיינען די שאָוויניסטישע קרייזן גאָר באַזונדערס באַנקראָט, זייער נאַציאָנאַלער געפיל באַדאַרף פאַרדעקן זייער עקאָנאָמישן חורבן

און דער רויב פון דער מלחמה בּאַדאַרף אָנפילן זייערע קאַסעס״.

ווין. „אַרבּעטער-צייטונג״: „אין איטלעכן פּונקט פון דער דאָזיקער נאָטע דעם גראף בּערכטהאָלדס שימערירט אַרויס ווי בּלוט, דאָס בּלוט, וואָס זאָל פאַרגאָסן ווערן פאַר אַ זאַך, וואָס עס איז געווען די פולע מעגלעכקייט זי צו רעגולירן מיט א בּכבודיקן שלום... אין נאָמען פון די, וואָס ליידן און קומען אָפּ, וואַרפן מיר אַרויף די אַחריות פאַרן אומגליק אויף יענע, וואָס האָבּן געמאַכט דעם דאָזיקן שריט, וואָס פירט אונז אין א שרעקלעכן תהום אַריין״.

בּודאַפּעשט: „בּאַם שוועל פון קריג מעלדן מיר אין נאָמען פון אונגאַרישן פּראָלעטאַריאַט, אַז אונזער פאָלק וויל קיין קריג ניט, און אַז עס האַלט יענע, וואָס האָבּן דעם אומגליק אַרויס-גערופן, פאַר פאַרבּרעכער, וואָס געהערן צום שאַנד-סלופּ פון דער געשיכטע״.

פּאַריז: ערוועס און נאָך עלף אַנדערע פּאַריזער צייטונגען, זעקס פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און נאָך אַנדערע געזעלשאַפטן גיבּן אַרויס צוזאַמען דעם פּאַראָל פון גענעראַל-שטרייק, אויך די פּראָווינץ שטייט צו צו דער רעזאָלוציע, וואָס זייער קאָנגרעס האָט אָקאָרשט געהאַט אָנגענומען: „צווישן אַלע מיטלען צו שטערן די מלחמה און צו צווינגען די רעגירונגען זיך צו ווענדן צו בּוררים, האַלטן מיר פאַרן בּעסטן דעם גענעראַל-שטרייק אין אַלע בּאַטייליקטע לענדער״.

„הומאַניטע״: „די עסטרייכישע נאָטע איז מוראַדיק האַרט. זי איז קענטיק אויסגערעכנט מיטן מיין צו דערנידעריקן דאָס סערבּישע פאָלק אָדער דאָס צו צעשטעטערן. די תנאים, וואָס עסטרייך וויל אַרופלייגן אויף די סערבּן, זיינען אַזעלכע, אַז מען מוז זיך פרעגן, צי וויל ניט די קלעריקאַלע און מיליטאַריסטישע רעאַקציע אין עסטרייך א מלחמה און מאַכט אַזוי. אַז מען זאָל זי ניט קאָנען אויסמיידן. דאָס וואָלט געווען דער שרעקלעכסטער פאַרבּרעך״.

אזוי און ענלעך רופן איינער צום אנדערן די פירערס פון פערטן שטאַנד היינט און מאָרגן פון לאָנדאָן, רוים און בוקא־רעשט, בערן און שטאָקהאָלם, און דער קאַבל ברייננט צו טראָגן דעם זעלביקן באַשלוס פון ניי־זעלאַנד און קאַליפאָרניען, אויך דעמאָקראַטישע בלעטער וואָרענען:

פעטערבורג. „ריעטש": דער עסטרייכיש־אונגאַרישער אולטי־מאַטום איז אַ קווייטונג אויף די באַרימערישע דעפּעשן פון פאַריזער „מאַטען". די איינציקע מעגלעכקייט פאַר דעם דריי־הסכּם, נישט אַריינגעצויגן צו ווערן אין דעם קאָנפליקט, איז, אַז די סערבישע פראַגע זאָל בלייבן איזאָלירט און מען זאָל אויסמיידן אופצומונטערן סערביען".

זיי פאַרקלאָגן עסטרייך אפילו פאַר בערלין, און מיט רעכט:

„פון די פעלקער און די רעגירונגען, וואָס זיינען פון וועגן זייערע בונד־פאַרהעלטעניסן אַריינגעצויגן געוואָרן אין אָט דער שרעקלעכער לאַגע, וויל קיין איינס און קיין איינע נישט קיין קריג. דאָס דייטשע פאָלק איז אַבסאָלוט פרידלעך, וויל מיטן גאַנצן כּח פון דער נשמה, אַז דאָס אומגליק זאָל אויסן בלייבן, און מיר זיינען איבערצייגט, אַז אין איטאַליען, אין פראַנקרייך און אין ענגלאַנד הערשט דער זעלביקער פאַרלאַנג נאָך שלום. אויך די דייטשע רעגירונג גלויבט נישט נאָך קריג, פונקט אזוי ווי איט־לעכע אַנדערע פון די באַטייליקטע רעגירונגען. נאָך קיין מאָל איז נישט אויסגעבראָכן אַזאַ קריג, וואָס די יעניקע, וואָס באַדאַרפן אים אויסקעמפן, זאָלן אים אזוי ווייניק ווינשן, און דאָך האָט זיך די וועלט־קאַטאַסטראָפע אָנגערוקט, קעגן וואונש פון די נאַציעס און זייערע פירערס. צי האָט דאָס אַנדערש נישט געקאָנט זיין, צי האָט דאָס אַלץ געמוזט קומען אזוי, דאָס קאָן מען איצט נישט פאַנאַנדערקלייבן, — די עפנטלעכע מיינונג פון דייטשלאַנד איז, ווי מיר האָבן שוין עטלעכע מאָל געזאָגט, אוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר אָפּגעטאָנע פאַקטן... אייראָפּע וואַרט אויפן פירשט אָדער מלוכה־מאַן, וואָס זאָל זיך צונויפריידן מיט עסטרייך און

ארויסטרעטן מיט א פראַקטישן פאָרשלאַג אויסצוגלייכן די שטרייטנ־דיקע פעלקער" (טעאָדאָר וואָלף אין „בערלינער טאַגעבלאַט").

דער בערלינער דאָקטאָר אַרטור בערנשטיין, א מענטש וואָס האָט נים געהערט צום „צעך" דיפּלאָמאַטן, וואָס די „פאַך־לייט" וואָלטן זיך מיט אים געוויס ניט גערעכנט, האָט דעם 30 יולי אָנגעשריבן פאַר דער „בערלינער מאָרגנפּאָסט" אַן אַרטיקל, וואָס קלינגט ממש ווי א נבואה. דער דאָזיקער אַרטיקל, מיטן טיטל „די לעצטע התראה", איז שוין געווען אויסגעזעצט, נאָר ער האָט ניט געקאָנט ווערן אָפּגעדרוקט, וואָרום נאָך אין יענעם פאַרנאַכט איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער צושטאַנד פון קריגס־סכנה, און אַ צייטונג מיט אַזאַ אַרטיקל וואָלט ניט געקאָנט דערשיינען. ערשט אין 5 יאָר אַרום, בעת עס האָט אויסגעפּעלט בלוי, און מען האָט צענומען אַלטן זאַך, האָט מען ווידער געפונען די פאַר־שמויכטע קאָלאָנקעס און אָפּגעראַמעוועט דעם דאָזיקן גרויסאַרטיקן דאָקומענט פון פאַרגעסן ווערן. דאָרט איז געשטאַנען גע־שריבן:

„עס איז מער קיין ספק ניטאָ: די ניקאָלאַיעווימשעס פון דער זייט און פון יענער זייט ווילן מלחמה... די מיליטער־לייט האָט פאַרשמעקט רוב, און היות ווי די אחריותדיקע פּאָליטיקער אין דייטשלאַנד טאָרן קיין וואָרט ניט רייִרן, ווען די מיליטער־לייט שמועסן, וועלן בעטמאַן און יאַגאָוו צושאָקלען מיטן קאָפּ, קענן בעטמאַן האָט מען זיך נאָך באַזונדערס פאַרזיכערט; שפּאַרט ער זיך לאַנג איין, וועט מען אים טרעפן אין זיינע סאַמע פרי־וואַטע ענינים. דאָס איז שמוציק, אָבער איצט „נאַציאָנאַלע נויט־ווענדיקייט"... אין עטלעכע טעג אַרום וועט שוין קיינער מער ניט טאָרן זאָגן, און א פשיטא שוין שרייבן דעם אמת.

„דעריבער נאָך אין לעצטן אויגנבליק: די מלחמה־העצער האָבן אַ טעות אין חשבון. ערשטנס: ניטאָ קיין דרייבונד. איטאַ־ליען קומט ניט מיט, לכל הפחות ניט מיט אונז; אויב זי טרעט אַרויס, שטעלט זי זיך אַפּי צד פון דער אַנטאַנטע. צווייטנס: ענגלאַנד בלייבט ניט נייטראַל, נייערט זי העלפט פראַנקרייך... ענגלאַנד וועט אויך ניט רואיק צוקוקן, ווי דייטשע מיליטער־טיילן

ווען מאַרשירן דורך בעלגיען, וואָס דאָס איז, ווי עס איז אַלע־מען באַקאַנט, זינט 1907 דער אָנגענומענער סטראַטעגישער פּלאַן. קעמפט אָבער ענגלאַנד קעגן אונז, דעמאָלט טרעט קעגן אונז ארוים די גאַנצע ענגלישע וועלט, בפרט אַמעריקע, מסתמא אָבער בכלל די גאַנצע וועלט. וואָרום ענגלאנד אַכט מען אומע־טום, אויך ווען מען האָט זי ניט ליב; פון אונז קאָנען מיר, צום באדויערן, דאָס ניט זאָגן. דריטנס: יאַפּאַן פאַלט ניט אָן אף רוס־לאַנד, גיכער אָבער אף אונז... פערטנס: די סקאַנדינאַווישע מלוכות (אונזערע „גערמאנישע" ברידער) ווילן אונז פארקויפן אלצדינג, וואָס זיי ווילן אליין ניט דאַרפן האָבן, אָבער חוץ דעם זיינען זיי ניט אף אונזער צד. פינפטנס: עסטרייך־אונגארן קאָן מיליטעריש קוים באַשטיין אַנטקעגן די סערבן און רומענער, עקאָנאָמיש קאָן זי זיך גראָד דורכהונגערן אַ 3 ביז 5 יאָר, אונז קאָן זי גאָר נישט געבן. זעקסטנס: א רעוואָלוציע אין רוסלאַנד קומט העכסטנס ערשט דעמאָלט, ווען די רוסן ווילן זיין צעקלאַפּט...

„אונזערע אַמבאַסאַדאָרן ווייסן די לאַגע גאַנץ גענוי, אויך הער פאָן בעטמאַן מוז זי וויסן. עס קאָן ניט געמאָלט זיין, אַז ער זאָל לאָזן ארייגפירן די אימפעריע דורך מענטשן, וואָס פילן קיין אחריות ניט, אין אַ קריג, וואָס קאָן געדויערן פון 3 ביז 5 יאָר, דערפאר, ווייל מחמת מורא פאר די סטראַשונקעס פון די אַלדייטשע און מיליטאריסטן וואַרפט ער פון זיך אראָפּ די אחריות. צי מיר וועלן בלייבן די זיגער באם סוף פון דער דאָ־זיקער שרעקלעכסטער פון אלע מלחמות, וואָס די וועלט האָט געזען, — דאָס שטייט אין ספק, אָבער אַפילו ווען מיר געווינען די מלחמה, ווען מיר גאָרנישט ניט געווינען... געלט צו באצאָלן פאר די היזקות פון דער מלחמה, וועט מען צום סוף פון דער שחיטה אין ערגעץ ניט געפינען... דייטשלאנד פירט די מלחמה צוליב א גאָרנישט, פונקט ווי זי איז אריין אין מלחמה איבער א גאָרנישט. — א מיליאָן הרוגים, צוויי מיליאָן קיילקעס און 50 מיליאַרד חובות — דאָס וועט זיין דער באַלאַנס פונם דאָ־זיקן „פרישן, פריילעכן קריג". וויטער גאָרנישט".

פאַרקערט, דער „בערלינער לאָקאַלאַנצייגער" — צו ציטירן נאָר איין בײַשפּיל פון הונדערט מלחמה־העצערס — האָט געשריבן: „דער אַלגעמיינער איינדרוק פון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער נאָטע לאָזט זיך פאָרמולירן אין די ווערטער: שאַרף, אָבער גערעכט. עס וועלן זיך געפינען אפשר מענטשן, וואָס וועלן האלטן די פאָדערונגען פון דער ווינער נאָטע פאַר צו שאַרף; קענען זיי באדארף מען נאָר אָנווייזן אַף די פאַקטן, וואָס האָבן די דונאַי־מאָנאַרכיע געצוואונגען צו טאָן דעם דאָזיקן שריט. אויב עס זאָל ניט געשטעלט ווערן אין ספק דער גלויבן אין ווייטערדיקן באַשטאַנד פונם מאָנארכישן גערדאַנק אין אייראָפּע, מוז אויך דאָרט עקסיסטירן א געפיל פון גערעכטיקייט און מלוכהשער און מאָנארכישער אחדות, פון וואַנען מען רעכנט אין סערביען אף הילף. סערביען וועט אָננעמען די עסטרייכישע פאָדערונגען, אָדער זי וועט אונטערגיין".

די ווינער „רייכספּאָסט" האָט סאַבאָטירט אפילו גרייס אקציע און האָט געשריבן, קענטיק לויט בערכטהאָלדס אָנווייז, מיט די ריזן־אותיות פון אַן עקסטראַ־בלאַט: „די אופגעהויבענע שװערד פון עסטרייך־אונגארן קאָן אַפילו דורך די פאָרשלאָגן צו פאַרמיטלען מצד ענגלאנד ניט מער אָפּגעהאלטן ווערן".

*

וואָס מער די סכּנה שטייגט, ווערט דער ווידערשטאַנד פון די פראָטעסטירנדיקע אין די לעצטע יולי־טעג אַלץ שטאַרקער. אָבער דאָ שאַטירן זיך אָפּ די פאָלקס־כאַראַקטאָרן, און זייער בילד איז גלייך צו אַ רויטן פּאָכער, וואָס איז צונויפגעשטעלט פון אַלע שאַטירונגען פון אָראַנזש ביז לילאַ.

פון רוסלאַנד קומט כּמעט קיין קול ניט אַרויס: די אייזערנע פינגער פון די קאָזאַקן פאַרקוועטשן די העלזער, וואָס ווילן שרייען. ערשט באַם אָנהייב פון דער מלחמה, אַז די דומע האָט זיך געעפנט, לאָזט זיך פון דאָרט הערן אַ שטים.

אויב דאָ זיינען די אינטערנאַציאָנאַליסטן שטיל, ווייל די מאַכטהאָבער האָבן קענטיק באַשטימט מלחמה צו האַלטן, שווייגן זיי נאָך אין ענגלאַנד, וואָס האַלט זיך פאַר נייטראַל. די לאָנדאָנער בלעטער מאַכן ניט קיין טומל. קיין גרויסן באַטרעף האָבן ניט די קליינע מאַניפעסטאַציעס אין וועסטענד, וואו עטלעכע יונגע לייט מישן אויס זייערע פאָנעס מיט די פאָנעס פון די לאָנדאָנער פראַנצויזן. ערנסט גלויבט נאָך קיינער ניט אין מלחמה, ניט די גאַס און ניט די בערזע, ניט דער אַרבעטער און ניט דער אונטערנעמער. דער פלוג-בלאַט פון די סאָציאַליסטן קלייבט אויס פון אַלע מאָטיוון קעגן מלחמה דעם פּאָפּולערסטן:

„פאַר וואָס זאָלן מיר העלפן רוסלאַנד צו באַהערשן דעם קאָנטינענט? פופציק מיליאָן פונט האָבן מיר אויסגעגעבן אין דער קרימער מלחמה פאַרן דאָזיקן רוסלאַנד, וואָס איז אַ סכנה פאַר אונזער אינדישער אימפּעריע. נאָך אין די לעצטע וואָכן האָט מען אין די גאַסן פון יענער הויפּטשטאָט געשאָסן פרידלעכע בירגער. וואָס איז די גרעסערע סכנה פאַר אונז: 65 מיליאָן פון אונזער בלוט, פאַרנומען אין האַנדל און פרידלעכער אינדוסטריע, אָדער 170 מיליאָן רוסן, שקלאַפן פון אַ פאַרדאָרבענער אויטאָקראַטיע!?"

די גאַס פון ענגלאַנד וועט די שפּעטסטע אָנהייבן צו פּראָטעסטירן, נאָר די שפּעטסטע — ניין, קיין מאָל וועט זי ניט אופהערן.

אין בערלין האָבן שוין דעם צווייטן טאָג זיך געבילדעט פּראָצעסיעס פון יונגע בחורים, וואָס זיינען געגאַנגען אונטער די לינדן מיט פאָנעס און לידער, האָבן געשריען „נידער סערביען!" און זיינען געווען גליקלעך, ווען דער פּאָליציסט האָט זיי צום ערשטן מאָל געלאָזט פאַרבייגיין און שרייען, ווער עס האָט זיי געזען, אָט די אינגלעך און אוואַנטיוריסטן מיט זייער פוסטער לעבנס-קראַפט, וואָס האָט געזוכט אַן אַרויסגאַנג, האָט באַלד אָן זיי פאַרגעסן, ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען אין איינער פון די 27 פאַרזאַמלונגען, וואו צענדליקער טויזנטער אַרבעטער האָבן

פאַרשטיקט, שטורמיש און בייז געשטימט פאַר דער דאָזיקער רעזאָלוציע:

„עסטרייך האָט מיט איר ברוטאַלן אולטימאַטום דערקלערט קריג סערביען... העלדנמוטיק האָט דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט באַוויזן פאַר דעם בלוט־דאָרשטיקן צאַריזם דעם דרויענדיקן מני־תקיל... פלאַמיק האָט דער פראַנצויזישער און דער דייטשער אַרבעטער פּראָטעסטירט קעגן פאַרברעכן פון די מלחמה־העצער. עס איז, בכן, ניט אמת, אַז די גרויסע מאַסן פון די דאָזיקע לענדער געפינען זיך אין קריגערישער שטימונג". און דורך 32 אינדוסטריע־שטעט פון דייטשלאַנד האָט אין זעלביקן אָוונט אָפּ־געהילכט דער זעלביקער רוף.

אָבער נאָר אין געשלאָסענער פאַרזאַמלונג איז געווען ער־לויבט דער פּראָטעסט. נאָר אונטער א דאַך, בכדי גאָטס אויער זאָל אים אזוי גרינג ניט פאַרנעמען. אונטערן פרייען הימל האָט מען געמעגט שרייען נאָר הוראַ און זינגען דעם „זיגער־קראַנץ" פאַרן קיסר, ארויסוויזן די שנאה קעגן די ברידער פון יענער זייט פּאָליטישן גרענעץ.

פונדעסטוועגן האָבן עטלעכע הונדערט מענטשן זיך איינגע־שטעלט; זיי זיינען געקומען פון פרידריכשטראַסע ארוף צו אונטער די לינדן, זינגענדיק די אַרבעטער־ליד. פון דער אַנדער זייט, דורכן בראַנדנבורגער טויער, קומען אַריין די יונגע בחורים און לויבן דייטשלאַנד איבער אַלץ אין דער וועלט. פּאָליציי־רייטערס, צוזאַמענשטויס, מהומה, אָפּגעראַמט די טראָטואַרן, דער המון גע־טריבן פון די פערד, באַם ראָג ווילהעלמשטראַסע נייע מאַניפע־סטאַציעס, באַ שאַדאָוושטראַסע נייע צוזאַמענשטויסן, דער מיטל־סטער וועג אונטער די לינדן ציטערט פון די פּאָדקעוועס פון די רייטערס, וואָס קלייבן זיך אַלץ געדיכטער. ווער עס שטעלט זיך אַנטקעגן, ווערט אַרעסטירט. מיט די פּאָדקעוועס פון די פערד, מיט קלעפּ צופוס שטופּן זיי צוריק די אַרבעטער, וואָס ווערן אַלץ מער אופגערעגט, כדי די אַמבאַסאַדאָרן ארום זאָלן ניט זען פון די באַלקאָנעס און ניט טעלעגראַפירן אַהיים, אַז עס איז פאַראַן עמיצער אין דייטשלאַנד, וואָס וויל ניט קיין מלחמה.

אזוי ווערט דער המון ארופגעטריבן אונטער די לינדן ארוף. און בעת די אַרבעטער טרעטן צוריק זינגענדיק קיין צפון, שפּאַנען די אַנדערע צום שלאָס. דאָרט לאָזט זיך דער קיסר באַשיצן פאר זיין פאָלק: דער שלאָס איז ארומגערינגלט פון סאָלדאטן. די שטים פון ליבע, די לידער פון די אונטערטאַנען קאָנען צום מושל ניט דערלאַנגען.

נאָך צוויי טעג האָט דער „פאָרווערטס" די מעגלעכקייט ארויסצושרייען דעם אמת: „אף דער מאָביליזאַציע פון די מאַכט־האָבערס איז פאַראַן נאָר איין ענטפער: די מאָביליזאציע פון פאָלק!" צולעצט: „דער דייטשער קיסר, ווי דער פארבינדעטער פון עסטרייך, טראָגט אין די פאַלבן פון זיין טאָגע שלום אָדער מלחמה, אף אים פאַלט די אחריות... צום באדויערן ארבעט דאָ די קאַמאַרילאַ פון די מלחמה־טרייבערס מיט דער גרעסטער אומפארשעמטקייט, בכדי צו שטערן אַלע אַקציעס פון דער רעגי־רונג און דורכצופירן די שרעקלעכע זאַך — דעם חורבן פון אייראָפּע!"

אָבער דער קיסר, וואָס האָט דאָס ניט געלייענט, און האָט נאָך קיין מאָל קיין סאָציאַליסט ניט געזען אין די אויגן אַז ער האָט געהערט וועגן די מאַניפעסטאַציעס, האָט ער פאר־צייכנט אפן ראנד פון באַריכט: „דאָס טאָר ניט דערלאָזן ווערן. אויב דאָס זאָל זיך איבערחזרן, וועל איך פראָקלאמירן באלעגע־רונגס־צושטאנד און אריינזעצן די פירערס מיט זייער גאנצער בנופיה".

קאָלאָמבוסעס איי!

*

סאַראַ ווינק פון אויבן! האָבן זיך ניט גראָד אין די דאָזיקע טעג צונויפגעקליבן די פירערס פון אלע עקן און קאנטן אין בריסל, וואו עס איז זייער צענטער? אינדערפרי האָבן זיי זיך צונויפגערעדט, אַז זיי וועלן זען צו דריקן צום שטאַרקסטן אף זייערע רעגירונגען, און באַשטימט שוין אפן 9 אווגוסט דעם קאָנ־גרעס, וואָס דאַרף אָפּגעהאַלטן ווערן אין פּאַריז, כדי צו ווייזן

פאַר גאָר דער וועלט, אַז זיי זיינען איינציק. אָבער אין אָוונט שפּאַרט די היץ אין א ריזיקן צירקוס, אַכט טויזנט ברייסלעכע אַרבעטער האָבן זיך צונויפגעקליבן, אויף דער טריבונע באַווייזן זיך די פירערס: אָט דער דאָ, דער פאָרזיצער, איז וואַנדערוועלדע, זייער לאַנדסמאַן, אים קענען אַלע: ער איז געוואָרן עטוואָס בלאַס און פאַרזיכטיק, דאָס נעמלעכע מרעלסטרא נעבן אים. נאָר אָט באַווייזט זיך קייר האַרדיס אַנטשלאָסענער קאָפּ פון אַן אידעאַליסט, ער ברענגט די שלום=וואונטשן פון ענגלאַנד. און נעבן אים רובאַנאָוויטש, וואָס איז אָקאָרשט געווען איינער פון די פירערס פון די שווערע שטרייקן אין פּעטערבורג. האַזע, דער פירער פון די דייטשן, זייער קלוג, אפשר מער ליידנדיק ווי ליידנשאַפטלעך: אויף אים, דעם פירער פון דער שטאַרקסטער פּאַרטיי אין דער וועלט, זיינען געווענדט אַלע בליקן. ער באַרימט זיך דערמיט, וואָס עס איז נעכטן פאַרנאַכט געשען אין בערלין, און אַז דער שלום=רוף פון זיינע ברידער איז די בעסטע ערבות קעגן אַלע טירפּיצעס און בערכטהאָלדס.

אָבער אָט! ווער גייט דאָס אַרויף נאָך אים אויף דער טריבונע? אַ געפּאַקטער מענטש מיט אַ לייבן=קאָפּ, בלאַנד און ביינערדיק. אָבער הערט נאָר אָקאָרשט זיין שטים, ווען עס האָט זיך איינגעשטעלט דאָס רוישן פון די טוינטער! וואָרום ווייל זיי האָבן אים ליב, לאָזן זיי אים ניט ריידן, מינוטן לאַנג. דאָס איז זייער פירער, ער איז היינט דער געוויסן פון איראָפּע. ער שטאַמט פון לאַנד פון דער רעוואָלוציע און פרייהייט, פאַר דער פרייהייט קעמפט ער אין מיטן דעם פּלאָנטער פון דורכגעטריבענע פאַרטייען, די רעוואָלוציע פּראָקלאַמירט ער אונטערן הימל פון אימלעכן לאַנד. דאָס איז דער ניט=געקרוינטער קעניג פון די מיליאָנען פון ביידע וועלטן, גבור פון ברידערלעכקייט און זינגער פון מענטשן=ליבע. דאָס איז דער טריבון. דאָס איז זשאָרעס.

דער וואָס שטייט דאָרט, ניט גרויס געוואַקסן, נאָר יאָדערדיק, א מענטש אין מיטן די פופציקער, איז דאָס א מאָדערנער נביא? איז ער א מענטשן=פריינט? פאַנאַטיש זעט ער ניט אויס, טראַגיש איז ער ניט אַרומגעהויכט; אים פילט אָן, קענטיק, לעבנס=

פּרײַד און דער װאונש, צו פאַרשאַפן זי אַ סך ברידער. אַן אָרי=
מער אינגל, װאָס גוטע לײַט האָבן אים געשטיצט בעתן שטודיום,
איז ער שוין צו 25 יאָר געװען דעפּוטאַט און פּראָפעסאָר פון
פילאָסאָפיע; ער האָט אָנגעקליבן אַ געװאַלדיקן סכום װיסן, בכדי
צו דערװײַזן זיך און די מענטשן, דאָס װאָס זײַן האַרץ האָט
שוין לכתחילה געװאוסט. אָבער צום שטאַרקסטן האָט אַריבערגע=
שטראַמט צו די אַנדערע זײַן מענטשן=פרײַד — דער גרונט=
שטריך פון דאָזיקן קינדישן ליב — באַם רײדן, צו אײנעם, צו
דרײַ צי צו טויזנט. פּונקט װי ער האָט ליב פראַנקרײַך, װאו ער
איז אויסגעװאַקסן אין דער שײנער געגנט לאַנגעדאָק, אַזוי שטאַרק
און אַזוי נאַטירלעך האָט ער ליב אײראָפּע און קאָן נישט תּופס
זײַן, פאַרװאָס אירע טײלן קריגן זיך אַרום. ער איז געװאָרן סאָ=
ציאַליסט, בכדי צו מאַכן שלום, נישט צוליב קאַמף, מחמת יושר,
נישט פון שנאה, און אַזוי קלינגען זײַנע רײד.

װאָס װעט ער דאָס זאָגן אין אָט דער שעה פון גורל?

„אונזער ראָלע איז גרינגער פאַר דער ראָלע פון אונזערע
דײַטשע חברים. מיר באַדאַרפן נישט מיט געװאַלד אַרויסרײַסן בײַ
אונזער לאַנד דעם שלום, דאָס לאַנד אַלײן װיל שלום. איך, װאָס
איך האָב קײן מאָל נישט מורא געהאַט צו נעמען אויף מײַן קאָפּ
די שנאה פון די שאָװיניסטן, װײַל איך װיל דערנענטערן צו
אַנאַנד פראַנקרײַך מיט דײַטשלאַנד, האָב הײַנט דאָס רעכט צו
זאָגן עדות פאַר מײַן לאַנד. פײַערלעך דערקלער איך, אַז די רע=
גירונג פון פראַנקרײַך װיל אין דעם מאָמענט שלום. די הפלאדי=
קע רעגירונג פון ענגלאַנד גרײַט צו דעם אויסגלײַך און עצהט
רוסלאַנד צו קלוגשאַפט און געדולד. װען דאָס זאָל זיך נישט אײַנ=
געבן און רוסלאַנד װעט פאָרט מאָרגן מאַרשירן, דעמאָלט דער=
קלערט דער פראַנצויזישער אַרבעטער: מיר װײסן נישט פון פאַר=
באָרגענעם אָפּמאַך, נײַערט נאָר דעם אָפענעם... דעם אָפּמאַך מיט
דער מענטשהײַט און מיט דער קולטור...

„אַן אַ צאָל מאָל האָט מען אינדערהײם אונז געװיזן פאַר
אַ מוסטער, זיך אָפּצולערנען, אויף די בראַװע דײַטשע סאָציאַליסטן.
נעכטן איז די פאַלשע אויסדרוקטעניש צעריסן געװאָרן, אין טויזנ=

מער האָבן אונזערע בערלינער חברים מאַניפעסטירט. נאָך קיין מאָל האָט די דייטשע אַרבעטערשאַפט אַזוי גוט ניט צוגעדינט דער מענטשהייט. פראַנצויזישע סאָציאַליסטן זיינען געווען צווישן זיי און האָבן גערופן אין דער דעמאָנסטראַציע אונטער די לינדן: נידער דעם קריג!... אויב עס וועט די אַבסאָלוטע האַרן דורך מעכאַנישן צוואַנג און דער שכרות פון די ערשטע קאַמפן אָפּגילטן אָנצופייערן די מאַסן, ביז טויט און עלנט וועלן פון אומעטום ארויסשטשירען זייערע ציין, און דער טיפוס וועט פארענדיקן דאָס, וואָס די קוילן האָבן איבערגעלאָזט, דעמאָלט וועלן אלע חיילות זיך ווענדן צו זייערע מושלים און פרעגן: צוליב וואָס זיינען אָט די הויפנס פון הרוגים! דעמאלט וועט די אָפּגעבונדענע רעוואָלוציע צו זיי זאָגן: אוועק, און בעט רחמים בא גאָט און מענטשן! קאָנען מיר אָבער דעם שטורעם איינשטילן, דעמאלט וועלן די פעלקער רופן: מיר ווילן דעם טויט־שאָטן פארשטעלן דעם וועג, ער זאָל ניט ארויסקריכן אַלע זעקס הדשים פון קבר, בכדי צו שרעקן די וועלט!...

„איך דאַנק די דייטשע חברים אין נאָמען פון די פראַנצויזישע און איך זאָג צו: מיר וועלן זיי ווייטער ברידערלעך שטיצן אין אַנטשלאָסענעם קאַמף קעגן דעם צעשטער־אימפעט פון די מלחמה־טרייבערס, געטריי ביז צום טויט!“

דער צירקוס טרייסלט זיך פון גוואלדרופן. אכט טויזנט מענטשן זיינען אופגעשטאַנען פון זייערע ערטער, זייערע קערפערס ווילן זיך אויסציען, ווארום זייערע נשמות האָבן זיך דערהויבן. דאָס איז דער אמת! אַזוי פילן זיי אלע! צי האָט קיינער ניט געהערט דאָס ווארט צום סוף פון דער רעדע? טויט!

קיין מאָל וועט שוין זשאַן זשאָרעס מער ניט אופהויבן זיין לייב־שטים צו דער מאסע.

*

פאריז האָט א נייע סענסאציע. זינט מען האָט זיך ארומגעקריגט פאר אָדער קעגן דרייפוס, זינט צוואנציק יאָר האָט פא־

ריז זיך ניט אריינגעטאָן מיט אזאַ ברען אין א געשעעניש, ווי אין דעם פּראצעס פון דער פרוי פון קאַיאָ, דעם געוועזענעם פּרעמיער, וואָס האָט געהאַט דערשאָסן דעם רעדאַקטאָר פון „פיגארא" פאר זיינע פאליטישע אנפאלן אַף איר מאַן, און אויך פאר נאָך עפּעס.

אין דער צייט ווען גאנץ איראָפּע האָט געקרעכצט אונ־טער דעם דרוק פונם אולטימאַטום, האָבן די פּאריזער פיבערדיק געוואַרט אף די רעדעס פון די אָנקלאָגערס און פארטיידיקערס, און די בלעטער האָבן פאר די דעפּעשן פון ווין און פון בעל־גראד געבראכט מעגלעך מעשיות און בילדער פון דער פירנעמער־מערדערין. ניט אלע האָבן געוואוסט, אַז די פאליטישע רעזולטאטן פון די מאַרדן פון קאַלמעט און פון ערצהערצאָג קרייצן זיך סוף כל סוף, און אַז די באַפרייאונג פון מאַדאַם קאַיאָ איז צוגלייך אַן אומשולד־דערקלערונג פאר דער שלום־ליבע פון פראנקרייך, וואָס איז געזעסן אפן באשולדיקונג־באַנק.

די עפנטלעכע מיינונג איז געווען איינגעמידט, דערצו האָט מען נאָך געוואָלט זיך באַפרייען פון דער ענין, בכדי צו ווענדן זיך צו דער נייער, גרעסערער געשעעניש, ווארום שוין זיינען די ברידער פון די בערלינער שרייערס געגאַנגען אויך דורך די בול־וואַרן פון פאריז.

די סאָציאַליסטן האָבן צונויפגערופן זייערע מענטשן:

„זינט שבת שטראָמט א היפּנאָטיזירטער המון דורך די גרוי־סע בולוואַרן און שרייט: אַף בערלין, לעבן זאָל דער קריג!...

אויב מען זאָל היינט פאַרנאַכט די דאָזיקע משוגעים ניט צווינגען צו שווייגן, דעמאָלט איז מאָרגן אלצדינג אויס. דעריבער קומט אַלע היינט ניין אינאָוונט צום הויז פון „מאטען" און רופט: ני־דער די מלחמה!"

דעם צווייטן טאָג: אַן אופרוף צוצוגרייטן א גענעראַל־שטרייק אין פאריז. דאָס איז א היסטאָרישער טאָג: היינט אינ־דערפרי האָט זיך צום ערשטן מאָל דערהערט די שטים פון א סאָציאַליסט, וואָס קווייקלט זיך צווישן פאַטערלאנד און מענטש־הייט. מיט זיבן יאָר צוריק אין שטוטגאַרט האָט ער געקוואָלן:

„דער פראנצויזישער גענעראל־שטאב איז דורך אונז מאָראליש אנטוואפנט; ער ווייס, אַז אַ קריג באַטייט אַן אופשטאַנד פונם פראלעטאריאט". דאָס איז ערווע, און דאָס וואָס ער זאָגט איצט אַרוים אין צוויי גרויסע ארטיקלען פון זיין צייטונג באַצייכנט דעם אָנהייב פון א קריזיס פונם אינטערנאציאָנאַל, וואָס אין עטלעכע טעג ארום האָט זיין באַנקראָט באַשטימט דעם גורל פון אייראפּע. וואָס באַוועגט אים היינט? איז דאָס דער קווייַנקלענדיקער געפיל פון א פּראָבלעמאטישער נשמה? אָדער ער גלויבט, אַז דייטש־לאַנד וועט אנפאלן?

„ווי! אונזער שיינער חלום וועגן אַן אינטערנאַציאָנאַלן גע־נעראל־שטרייק קעגן מלחמה, וואו איז ער אהינגעקומען? מיר האָבן געחלומט צו פירן די פעלקער קעגן זייערע רעגירונגען, בכדי זיי צו צווינגען צו קומען צו בוררים אין זייערע קאָנפליקטן. אָבער אונזערע פליגלען זיינען צעבראכן געווארן אונטער דעם שטוּפּ פון דערווירקלעכקייט און מיר זיינען אראפּגעפאלן אויף דער ערד, אימלעכער אויף זיין היים־ערד, מיטן איינציקן געדאנק זי צו פארטיידיקן קעגן א ברוטאַלער אינוואזיע, אזוי ווי אונזערע עלטערן האָבן דאָס געטאָן!... וואָלט דאָס געווען א מלחמה צו פארטיידיקן אַ קליין אונטערדריקט פאָלק! נאָר עס גייט וועגן פרעסטיזש פון צאַר, וועגן כבוד פון דער רוסישער רעגירונג! ראבלע, וואלטער, וויקטאָר הוגאָ וואָלטן בא די דאָזיקע ווערטער אין זייערע קברים ארויספלאצן מיט געלעכטער. ניקאָלאיס כבוד קאָן דאָס ניט פארטראגן, ווען מען פארטשעפּעט סערביען! גאָר אזוי איידל האָט ער זיך ניט אויסגעפּיינט, אונזער העך פאר־בינדעטער, בעת ער האָט דערווארגן פינלאַנד, געדריקט פּוילן און אידן!...

אונזער גרופּע אין פּארלאַמענט מיינט, אַז די אריינמישונג פון רוסלאַנד קאָן נאָך פארגרעסערן די סכנה, אָן צו גאראנטירן די אָרימע סערביען, דאָס וואָלט געהייסן נאָר שפּילן די שפּיל פון די דייטשע אימפעריאליסטן און פילן, אַז זייער שעה איז געקומען!"

„דאָס פאָטערלאַנד איז אין סכנה!" רופט ער אף מארגן. „דאָס פאָטערלאַנד פון דער רעוואָלוציע איז אין סכנה! דאָ אין פאריז האָבן מיר שוין אויסגעמעקט פונם אינטערנאציאנאל די סטראפע איבער די גענעראלן, און איצט איז דער אינטערנאציאָנאל נישט אַנדערש נאָר די מאַרסעליעזע, וואָס אונזערע עלטער־זיידעס האָבן געזונגען מיט הונדערט יאָר צוריק!"

צי הערט מען דורך אָט דער גלענצנדער סטיליסטיק דאָס צאַפּלעניש פון אומרואיקן געוויסן? „דאָס פאטערלאנד פון דער רעוואָלוציע איז אין סכנה!"

נאָר די מאַסן ווייזן אוים נאָך צו זיין פעסט. אַפן אוונט נאָך די בערלינער דעמאָנסטראציעס איז אָנגעזאָגט א ריזן פאר־זאמלונג פון דער אלגעמיינער קאָנפעדעראציע. די פארזאַמלונג ווערט אין דער לעצטער מינוט פארבאטן, „ווייל די רעדנער ווילן באקלערן מיטלען, ווי אַזוי צו שטערן די מאָביליזאַציע". איז דאָס ווילהעלמס אן עכאָ? צי האָבן די הארן פון דער רעפּובליק געלייענט זיין נאָטיץ? אלע מיטלען קעגן קריג זיינען פארבאטן. ניט בילדן קיין גרופּעס, פאציפיסטן! צעגייט זיך, ברידער! אונזער פרעסטיזש איז אין סכנה!

אף מארגן ברענגט אן אילוסטרירטע ציימונג אין פאריז א בלאַט, וואו אף איין זייט איז אָפּגעמאָלט ווילהעלם, אַף דער צווייטער פּואנקאַרע, ביידע באַגריסט מיט פרייד, בעת זיי קומען צוריק אין זייערע רעזידענצן, פוןביידן האָפן נאָך די פעלקער אז זיי וועלן האַלטן שלום.

## צענטער קאַפּיטל.

## דער איראָפּייאישער קאָנצערט.

ווידער אמאל צוריק אין דער איינגשאפט פון די קאַבינעטן! לאָמיר הערן, וואָס עס פארביטערט אזוי שטארק די פירערס פון די מלוכות! ווען זיך אַנטפּלעקן וואָגיקע פּראָבלעמעס, וואָס קאָ־נען פארענטפערט ווערן נאר איבער גוואלד?

אַפילו דאָס, וואָס זיי באַהאַלטן, איז ניט מער ווי די קעגנזייטיקע מורא פון די גרופּעס איינע פאַר דער אַנדערער, ריזיק אויסגעוואַקסן. אַלץ, וואָס עס זאָגן איינער צום אַנדערן די עטלעכע טוץ מענטשן, וואָס אין זייערע הענט געפינט זיך דער גורל פון אייראָפּע, איז אין ערגעץ ניט טראַגיש, העכסטנס טרויע־ריק, אין ערגעץ ניט געהויבן, מער ניט לעכערלעך. קיינער פון די אָנצאָליקע, וואָס אין פינף יאָר אַרום, נאָכדעם ווי זיי האָבן אָנגעוואָרן זייערע זין און זייערע מאַגנען, האָבן זיי געזוכט אין די שריפטן פון זייערע נאַציעס א טרייסט אין דער נויט פון זייער אומשולדיק פאַטערלאַנד און אין דער טייוולאָנישער פאַרשווערונג פון זיינע שונאים, וואָלט דעם דאָזיקן אינטערנאַציאָנאַלן אמת ניט באַדאַרפט לייענען, — ער וואָלט מיט קללות אַרויספּלאַצן, וואָס דאָס אים טייערסטע לעבן איז אומגעקומען מיט נאָך מיליאָנען פאַר א גאָרנישט; איבער דעם פאַרברעכערישן לייכטזין פון עט־לעכע גראַפן, מחמת דער אומפאַרזיכטיקייט פון דיפּלאָמאַטישע פּאָליטי־קער, מחמת דעם גלוסט נאָך מאַכט פון רוסישע גרויספירשטן, מחמת דער נערוון־שוואַכקייט פון געקרוינטע הארן. זיי זיינען אומגעקומען פאַר מענטשן, וואָס אין שולד און גלוסטיקייט, אין צילן און פּאַרלאַנגען, אין כשרונות און פאַרברעכנס האָבן זיי מיט קיין זאַך ניט דערהויבן זיך איבער דער דורכשניט־מאָס, און נאָר אין איין זאַך זיינען זיי געווען גרויס; אין די טיטלען, וואָס דורך זיי האָבן זיי אָפּגענאַרט מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן און זיי אומגעבראַכט.

*

גראַף בערכטהאָלד האָט געשמייכלט. ער איז געווען גע־ווינט, ווי א קאַוואַלער, צו באַהאַלטן אַלע זיינע געפילן אונטער א מאַסקע פון א שמייכל. אַזוי האָט ער קיינעם ניט געלאָזט מערקן, ווי פּיינלעך עס איז אים געווען דער ענטפער פון בעל־גראַד. דער דורכגעטריבענער פאַשיטש האָט זיך דערקלערט פאַר באַזיגט. דער קעניג פון א פרייען לאַנד האָט זיך מתחייב געווען צו דערקלערן עפנטלעך פאַר א פאַרברעכן די אידעאַלן פון

א ראסע און נאַציע, אָפּצוזאָגן פון זייערע שטעלעס פארמיידיקער פון פאטערלאַנד לויט דער פאָדערונג פון פיינטלעכן שכן. די מלוכה־מענער פון איראפּע האָבן פרייער אָפּגעעטעמט, אז זיי האָבן אף מאָרגן נאָך דער לעצטער סצענע אין בעלגראד געלייענט, אז פּאַשיטש האָט זיך אונטערגעגעבן.

נאָר בערלין האָט דעם אמת נישט געוואוסט. שוין צוויי מאָל האָט ווין זי גרונטיק אָפּגענאַרט. בערכטהאָלד האָט פאַר די בערלינער אויסבאהאלטן, אז די אויספאָרשונג האָט אפיציעל אויס־געפונען „קנאַפּ" מאַטעריאל צו באשולדיקן די סערבישע רעגירונג, און בערלין האָט געגלויבט, אז עס איז פאראַן מאַטעריאל „גענוג", כדי כאָטש צום טייל צו פארענטפערן דעם אולטימאַטום פאַר איראפּע. ווייטער האָט בערכטהאָלד פארזיכערט בערלין, „אז עסטרייך־אונגאַרן... האָט נישט בדעה צו פארגרעסערן איר טערי־טאָריע" אָבער פארשוויגן, אַז דער ווינער קאַבינעט האָט אקארשט קענן טיסאַס התראה, געהאַט באַשלאָסן, „צו פארקלענערן סער־ביען לטובת אַנדערע מלוכות".

איצט האָט אויך נישט די עסטרייכישע רעגירונג און נישט דער אַמבאַסאַדאָר נישט אריבערגעשיקט דעם טעקסט פון דעם סערבישן ענטפער קיין בערלין, און ערשט, אז עס זיינען אריבער פיר און צוואַנציק מייערע שעה, האָט דער סערבישער אמבאסאַ־דאָר אליין אים געבראכט, און מען האָט אים געקאָנט אָפּשיקן צום קיסר קיין פּאָטסדאַם. עס איז געווען 10 אזייגער אינאָוונט, בעת דער דאָזיקער וועלט־היסטאָרישער אַקט איז אָנגעקומען. דער מאָנאַרך האָט אָפּגעלייגט דאָס לייענען.

אף מאָרגן אינדערפרי לייענט ער דעם אקט; איז נשתומם, אָטעמט אָפּ: גאָט האָט אים ווידער אמאָל באפרייט פון דער נויטווענדיקייט צו פירן קריג, באַשיימפערלעך זיין האַנט האָט גע־פירט די סערבישע פען, האָט ער. דער קיסר, נישט באַוויזן, אַז ער שרעקט זיך נישט? ווין האָט געזיגט. בוקאַרעשט איז געוואָרנט, באפיא אויפגעמונטערט. נאָך א זשעסט, און ער ראטעוועט דעם פארבינדעטן!

דער קיכר שרייבט באַם ראַנד: „אויסגעצייכנטער אופּטו פאר אַ טערמין פון נאָר אכט און פערציק שעה! דאָס איז מער ווי מען האָט זיך געמעגט ריכטן! א גרויסער מאראלישער ניצחון פאר עסטרייך; אָבער דערמיט ווערט בטל יעטווידער גרונט פאר א מלחמה, און גיזל האָט געמעגט רואיק בלייבן אין בעלגראַד! דערויף זעענדיק וואלט איך קיינמאָל ניט באַפוילן קיין מאָבּיליזאַציע!" צוגלייך צו יאגאיון: די פאַרהאַנדלונג וואָלט געקאָנט אופּקלערן אויך די לעצטע פונקטן, נאָר מען מוז די עסטרייכער צוליב טאָן, זיי מוזן אריין אין שונאס לאַנד, פאַרנעמען בעלגראַד ווי א משכון. אַף דעם באַזיס וויל ער פאַרמיטלען.

א נערוויִזער מענטש, וואס האָט מורא צו זיין שרעקעוודיק, אַליינהערשער, וואס איז געווינט צו מאַכן האַלט, ווען עס איז אים וואויל געפעלן: אַזוי ווערט די קראנקע נשמה פונם דאָזיקן מענטשן, וואָס וויל שטענדיק נאָר מאכן אן אנשטעל, אַרומגעשלײדערט פון אַן אימפּולס צו סטראַשען צו א נייער אימפּולס נאָכצוגעבן.

אין יענע טעג איז ער דורכאויס פּרידלעך; וואָס פאַלט נאָך פון זיין האַנט אַף די געדולדיקע ווייסע ראַנדן פון די אקטן? אַף אַן ארטיקל, וואָס פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל דורכאויס זען ווי עס ווערט זיך האַלטן רוסלאַנד: „איך האָב ניט געקאָנט משער זיין, אז דער צאַר זאל זיך שטעלן אפן צד פון באַנדיטן און קעניג־מערדערס. אַ גערמאַנער איז צו אַזאַ פּסיכאלאָגיע ניט מסוגל, דאָס איז סלאַוויש אָדער לאַטייניש".

דערוויל האָט גראף בערכטהאָלד געלאָזט פאַרשפּרייטן א גאַנצן כתב קעגן סערביען, וואו עס זיינען אויסגערעכנט געווען אלע אירע חטאים. דער דאָזיקער דאָקומענט איז געשריבן אין א געדרייטן, געצירקלטן לשון מיט א סך ווענדונגען פון א הויפישן סטיל. דער דאָזיקער סטיל דאַרף נאָר באַהאַלטן דעם גלוסט נאָך קריג.

חוץ אלעמען, איז מען פאַרדאגעט, ווער זאָל דאָס „איבערגעבן" די קריגס־דערקלערונג. גיזל האָט דאָך באַדאַרפט תיכף אָפּפאָרן, שיקן דורך פּאסט וואלט געווען אומזיכער, ווייל די

סערבּן וואָלטן געקאָנט אָפּלײקענען, אַז זײ האָבּן זי געקראגן צו דער ריכטיקער צײט, א פּאַרלאַמענטער וואָלט זיך ניט געפּאסט, ווײל די מלחמה האָט זיך נאָך ניט אָנגעהײבּן. סוף כל סוף האט מען געפונען דעם פּשוטסטן און קליגסטן וועג; מען האָט זי טע־לעגראַפירט דעם 28 יולי, 11 אזײגער פאַרמיטאג, אף פראנצוי־זיש, איבּער בוקאַרעשט קײן בּעלגראד:

„היות ווי די קגל. סערבּישע רעגירונג האָט ניט געענטפערט אַף א באפרידיקנדיקן אופן אף דער נאָטע, וואָס דער עסטרײכיש־אונגאַרישער אַמבּאַסאַדאָר אין בּעלגראד האָט איר איבּערגעגעבּן דעם 23־טן יולי 1914, געפינט די ק. און ק. רעגירונג זיך געצוואונגען, צו זאָרגן אלײן פאר דער אפהיטונג פון אירע רעכט און אינטערעסן און צוליב דעם צוועק צו ווענדן זיך צום כוח פון געווער. עסטרײך־אונגאַרן בּאַטראכט זיך פון דעם מאָמענט אָן אין צושטאַנד פון קריג מיט סערבּיען.“

דער עסטרײכיש־אונגאַרישער אויסערן־מיניסטער

גראף בּ ע ר כ ט ה א ל ד“.

פּאַר אָט דער דאָזיקער ערשטער קריגס־דערקלערונג טראָגט ווין אַלײן די אחריות. וואָרום אין דער זעלביקער שעה, בעת עס איז אין בּערלינער מיניסטעריום אָנגעקומען די ידיעה, אַז מען דאַרף זיך ריכטן אף אזא שריט, אָבּער עס איז נאָך מעגלעך אים צו פאַרהאַלטן, האָט מען דאָרט גראָד צונויפגעשטעלט אַ דעפּעשע צו טשירשקי, בכדי לויט דעם קיסרס אָנווײזונגען, „צו פאַרמיטלען שלום“. אין עטלעכע שעה ארום האָט בּערכטהאָלד געלאָזט דערקלערן אין בּערלין, אַז אויך דער לעצטער ענגלישער פאָרשלאָג איז שוין געקומען צו שפּעט פאר די געשעענישן, ד. ה. פּאַר זײנע אײגענע מעשים. בעטמאַן פאַרקערט האָט טעלעגראַ־פירט צו די פיר גרויסע קאַבּינעטן: „דײטשלאנד באמיט זיך

כסדר צו פועלן בא ווין, ז׳ זאָל זיך אָפּן דורכריידן מיט פעטערבורג״.

פון היינט אָן, וויבאַלד דער שלום ליגט אַנידערגעוואָרפן אף דרערד, איז זיין באַזיגער „גראַף בערכטהאָלד אין זייער א גוטער שטימונג און האַלט זיך גרויס מיט די פיל מזל־טובס, וואָס קומען פון אַלע זייטן״. דעם גראַפס שמחה האָט אָבער לאַנג ניט געהאַלטן; צוויי יאָר שפעטער האָט ער געענטפערט אף דער פראַגע, ווי האַלט דאָס מיטן קריג: „לאָזט מיך צו רו דער קריג איז מיר שוין לאַנג דערעסן!״

מיט טראַסק וואַרפט כמעט די גאַנצע עסטרייכישע פרעסע וואָס האָט די לעצטע וואָכן זיך ניט געקאָנט מער דערוואַרטן, איר באַגייסטערונג אריין אין דער מאַשין: סערביען מוז צעטראָטן ווערן.

אין דעם דאָזיקן ערשטן טאָג פון אייראָפּייאישן קריג ווערט אויך גאָט צום ערשטן מאָל מאָביליזירט. וואָרום דער אַלטער קיסר וויים: „דעם גרויסן באַטייט פון מיינע באַשלוסן און איך האָב זיי אָנגענומען מיט ביטחון אף גאָטס גערעכטיקייט״. אין צוויי טעג ארום קומט דער דייטשער גאָט אין אַ טעלעגראַם פון קיסר: „איך פאראייניק מיינע תפלות מיט דיינע, אַז גאָט זאָל אונז ביישטיין״. דער רוסישער גאָט שטעלט זיך דער דריטער, פון אים זאָגט דער צאַר צום דייטשן אַמבאַסאַדאָר. ווייזנדיק צום הימל אַרויף: „דאָ קאָן נאָר איינער העלפן!״ נאָך אָט די דריי אָנרופן קוקט מען אף גאָט פונקט אַזוי ווינציק ווי אף מענטשן: מען שלעפּט אים צו אָפּט אין פעלד אריין.

אין גאָטס נאָמען, הייסט דאָס, הילכן אין אַזאַ נאַכט די ערשטע שאָסן צום הימל אַרויף! נאָר אַ פּאָר שאָסן, אָבער זייער ווידער־קול וויל ניט פארשטומען. אייראָפּע איז געוואָרן אַ לאַנד פון בערג, צו טויזנטער האָבן זיי זיך אופגעהויבן אין דער ערשטער נאכט פון דער מלחמה צווישן די פעלקער, קיינער איז ניט ביכולת אריינצוקוקן אין אַנדערנס טאָל. אַזוי הויך טאָרטשען ארוף פעלזן און גלעטשערס צווישן די מענטשן. וואָס נאָך נעכטן האָבן זיי זיך גרינג צונויפגערעדט, ניט געקוקט אף זייערע פיל

שפּראכן, געבּיטן סחורה און אַרבּעט, געדאַנקען און פרויען. אייראָפּע איז געוואָרן אן אַלפּן־לאַנד, און דערפאַר וועט דאָס אָפּ־נעמען פיר יאָר, ביז די אָנצאָליקע ווידער־קולות פונם ערשטן שאָס וועלן אנטשטומט ווערן.

סאַטיר־שפּיל נאָכן ערשטן סערבּישן שאָס. דעם 27־טן, בעת גראף בּערכטאָלד האָט ניט אַנדערש געוואָלט ארויסקריגן בּאַם קיסר זיין חתימה אונטער דער קריגס־דערקלערונג, האָט ער דערציילט אין זיין שריפטלעכן פאָרטראָג מכּח דעם: „לויט א מעלדונג פונם קאָמאנדיר פון 4 קאָרפּוס האָבּן סערבּישע סאָל־דאַטן פון דאַמפּפערס אפן דונאַי בּא טעמעס־קובּין געכּטן געשאָסן אף אונזערע סאָלדאַטן, אונזערע האָבּן געענטפערט, אזוי אז עס איז געקומען צו א קליינעם געשלעג. אַזוי מעג מען רעכענען, אַז די מלחמה האָט זיך שוין פאַקטיש אָנגעהייבּן". דערפאַר האָט טאקע בּערכטאָלד געהאַט ארייגעשטעלט צום סוף פון דער קריגס־דערקלערונג: „און דאָס נאָך מער דערפאַר, וואָס סערבּיש מיליטער איז שוין בּא טעמעס־קובּין אָנגעפאַלן אף אַן אָפּטיילונג פון ק. און ק. מיליטער". דאָס האָט זיך געלאָזט גלויבּן, און דער אַלטער קיסר האָט געגלויבּט און האָט געחתמעט.

ווי נאָר דער גראף האָט געהאַט די חתימה, האָט ער בּאַלד אויסגעמעקט די מעשה מיט די סערבּישע שאָסן פון דער קריגס־דערקלערונג, און בּאַם קיסר האָט ער זיך דעם 29־טן פאַרענטפערט: „נאָכדעם ווי די ידיעות וועגן א געשלעג בּא טעמעס־קובּין האָבּן ניט געפונען קיין בּאשטעטיקונג... האָבּ איך געשטעלט אף זיך און האָבּ אין דער קריגס־דערקלערונג, וואָס איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין סערבּיען, ארויסגעלאָזן דעם זאַץ איבּערן אָנפאַל". גראַף בּערכטהאָלד האָט, הייסט דאָס, אָפּגענארט ניט נאָר זיין פאַרבּינדעטן, נייערט אויך זיין קיסר, ווייל ער האָט פאַרשוויגן, אַז די מעשה מיטן אָנפאַל איז א ליגן.

*

אין בּערלין האָבּן געפירט די פאַרהאַנדלונגען די אַמבּאַסאַ־דאָרן פון פראנקרייך און ענגלאַנד. זשיל קאַמבּאָן איז דער מענטש,

וואָס ווייס אַלצדינג, וואָס עס טוט זיך אָפּ אין בערלין, א סך, זאַכן פון פּאַריז, און דעם גרעסטן טייל דערפון, וואָס עס גייט צו אין לאָנדאָן, ווייל זיין ברודער, וואָס איז דאָרט אַמבאַסאַדאָר, אינפאָרמירט אים. א וועלט־מאַן, נים קיין שאָוויניסט, א פּאַריזער בירגער, פילט ער זיך זייער גוט אין בערלין און וואָלט זיך געוואונשן נאָך לאנגע יאָרן צו פארברענגען אין דעם שיינעם פּאַלאַץ פון אמבאסאדאָר. בער עדוארד גאָשן, זיין ענגלישער קאָלעגע, אײנגעהאַלטענער, קולטורעלער, ווינשט זיך דאָס נעמלעכע, און א סך זאַכן האָבן זיי ביידע שוין אויסגעגלייכט.

דאָס נעמלעכע זיינען אויך נוטה צו שלום זייערע ווינער קאָלעגן, דער פראַנצויז דימען באַקומט אזוי גוט די האַלב־פראַנצויזישע לופט פון האבסבורגער הויף, ווי דעם ענגלישן אַמבאַסאַדאָר, סער מאָריס דע בונזן, וואָס שטאַמט פון דייטשן, אַן אייניקל פון א פּרייסישן אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן. אַלע פיר, בפרט די צוויי ענגלענדער, האָבן די אויפגאַבע דורכצופירן די ענגלישע פאָרשלאָגן וועגן אַ קאָנפערענץ. די עסטרייכער ווילן פון קיין קאָנפערענץ נים הערן. דעמאָלט לייגט גריי פאָר, עס זאָלן זיך צונויפקומען די פיר אַמבאַסאַדאָרן: — האָב איך זיי אַלעמען בא איין טיש, קלערט ער, וועט שוין קיינער נים אויפשטיין אפילו אף אויסצושיסן פון א רעוואָלווער.

צוערשט האָט דער ענגלענדער דאָס פאָרגעלייגט אין בערלין, דאָרט האָט מען נים געזאָגט ניין. אפן אנדערן טאָג האָט די שטימונג זיך אומגעביטן פון פארמיטאָג ביז נאָכמיטאָג, און יאַגאָוו האָט געזאָגט צו גאָשענען: „דאָס וואָלט באטייט ווי אופשטעלן א מין בוררים־געריכט". אין אָוונט קומט ווידער אמאָל דער פראנצויז. ער סטאַרעט זיך איבערצורײדן דעם דייטשן מיניסטער, וואָס ער איז מיט אים גוטפריינט זינט יאָרן: אומזיסט.

„זייט איר מחויב נאָכצוגיין עסטרייך אומעטום מיט פארבונדענע אויגן? האָט איר היינט אינדערפרי נים באקענט זיך מיטן ענטפער פון סערביען?"

„איך האָב נאָך קיין צייט ניט געהאט דערצו".

„א שאָד. איר וואָלט געזען, אז חוץ עטלעכע קלייניקייטן, גיט סערביען זיך אין גאנצן אונטער. איצט באדארפט איר עצהן ווין, זי זאָל זיך באַגענוגן דערמיט, אָדער וויל דייטשלאנד מלחמה?"

„איך ווייס, אַז איר מיינט אזוי. אָבער דאָס איז לחלוטין ניט ריכטיק".

קאַמבאָן רעדט מכח אהריות, וויל אוועקגיין, דערנאָך ווענדט ער זיך ווידער צום דייטש, אָפן, אָבער פריינטלעכער, ווי עס האָט נעכטן בערטעלאָ גערעדט אין פאריז:

„איך האָב היינט אינדערפרי געהאט דעם איינדרוק, אז די שפאנונג האָט אָפּגעלאָזן. ווירקט איר אין ווין צו פארגיכערן דאָס! עס איז אזוי וויכטיק, ניט צו לאָזן אופקומען אין רוסלאנד א מיינונג, וואָס וואָלט אַלצדינג געקאָנט אוועקטראָגן".

אין דריי מינוט ארום זיצט דער פראנצויז באם ענגלענדער אין דער אמבאסאדע, וואָס געפינט זיך מיט דריי הייזער ווייטער. יענער הערט אים אויס, אָבער ער מאָר דאָך ניט ריידן:

„מכח ענגלאנד בין איך מסכים אין גאנצן מיט אייך, ליבער פריינט: צום אומגליק האָב איך קיין רשות ניט, דאָס צו זאָגן".

*

דער טראגישער פונקט: גריי פאר דער האמלעט-פראגע וואס ער קאן מיט איר ניט פארטיק ווערן. כסדר האָט ער אין יענע טעג געוואָרנט דעם דייטשן אַמבאַסאַדאָר פאר דעם ערשטן עסטרייכישן שאָס. איצט, אין זעלביקן טאָג, כמעט אין דער זעלביקער שעה פון יענעם בערלינער שמועס, קומט אין לאנדאן צו אים דער רוס, בכדי זיך סוף כל סוף אויסצורײדן:

„בערלין און ווין מיינען, אַז ענגלאַנד בלייבט נייטראל... טרעט סוף כל סוף ארויס. און זיי וועלן זיך דערשרעקן און מאַכן שלום".

גריי: „טשערטשיל האָט דאָך ארויסגעגעבן א באפעל צו אונזער פלאָט ניט צו געבן קיין אורלאָפּ פון די מאַנעווערעס. ווען דאָס ניט ווירקן אין בערלין? פונדעסטוועגן באַדאַרפט איר דעם דאָזיקן אָנווייז בשום אופן ניט אויסטייטשן אזוי, אַז מיר זאָגן צו מער ווי א דיפּלאָמאַטישע אַקציע".

מיט א שעה שפּעטער זיצט אפן זעלביקן שטול בא גרייס שרייבטיש דער קרוב פונם רוס, גראף מענסדאָרף פון ווין. צו אים זאָגט גריי:

„דער ערשטער פלאָט, וואס ליגט צופעליק אין פּאָרטלאנד און האָט היינט באדארפט זיך פאנאַנדערגיין, וועט בלייבן פּאר־אייניקט. איר זאָלט דערין ניט זען קיין סטראַשונעק! ווייבאלד עס איז מעגלעך אן אייראפּייאישע שרפה, קאָנען מיר ניט אין איצ־טיקן מאָמענט פאנאַנדערלאָזן אונזערע מיליטערישע כוחות. עס איז אבער אויך ניט געקומען די שעה צו רופן רעזערוון. נאָר איר זאָלט שוין איצט זיך באַטראַכטן, אז מיר זיינען אומרואיק".

א פיינלעכע לאגע פון א מיניסטער, וואָס וויל ערלעך שלום און ווערט דורך זיינע אויסריידענישן און האלבע ווערטער חשודיק בא ביידע צדדים און סוף כל סוף בא זיך אליין!

פּעטערבורג: די זעלביקע דילעמע פונם ענגלענדער. זינט יענעם ערשטן פּרישטיק זאַלבעדריט הילכט ווידער דער פראנ־צויזיש־רוסישער דועט אין די אויערן פון ענגלישן אַמבאַסאַדאָר. שוין דעם צווייטן טאָג זיצן זיי ווידער זאלבעדריט אין סאזאנאווס קאַבינעט.

סאַזאָנאָוו: „איר וועט ניט פּועלן בא דייטשלאַנד צו האלטן שלום, אויב איר וועט אָפן ניט ארויסזאָגן אייער סאלידאריטעט מיט אונז און מיט פראנקרייך אין דעם דאָזיקן קריזיס. וואו די פרייהייט פון אייראָפּע איז איינגעשטעלט אין קאָן!"

ביוקענען רעדט נאָך אלץ ניט, וואָס ער וויל, נאָר לויט זיינע אינסטרוקציעס: „איר האָט א טעות, אויב איר מיינט, אַז ענגלאַנד וועט שטאַרקן דעם שלום, אויב זי וועט לאָזן וויסן דער דייטשער רעגירונג, אַז אויב זי וועט העלפן עסטרייך מיט

געווער. וועט זי האָבן צו טאָן מיט איר, ווי מיט רוסלאַנד און פראַנקרייך"...

ביידע פאַרבינדעטע שפּיגן און באַקלערן, ווי אַזוי קאָן מען ווירקן אויף לאָנדאָן.

די צווייטע גרופּע אין פּעטערבורג: דער דייטשער און דער עסטרייכישער אַמבאַסאַדאָר. זיי געטרויען ניט איינער דעם אַנדערן, סאַזאָנאָוו באַציט זיך פאַרשיידן צו זיי ביידן, דעם דייטשן אַמבאַ-סאַדאָר פּורטאַלעסן האָט ער פיינט און ער איז מיט אים ברוגזער ווי מען איז געוויינלעך מיט א פּאַרטיטלער, צו דעם העפלעכן גראַף סאַפּאַרי איז ער העפלעכער, ווי מען איז זיך נוהג מיט א קעגנער. בכלל באַליידיקט דער דאָזיקער רוס איבלעך לאַנד פאַרן אַמבאַסאַדאָר פונם צווייטן לאַנד.

סאַזאָנאָוו וויל נאָך ניט קיין קריג אין דעם מאָמענט, נאָר די איינגעשפּאַרטקייט פון די מיטל-מלוכות רופט אַרויס בא אים ברוגזע ווערטער קעגן די דייטשן.

„אייער שנאה צו עסטרייך מאַכט אייך בלינד", זאָגט דער דייטש.

„שנאה שטימט ניט מיט מיין כאַראַקטער, הער גראַף, אויך צו עסטרייך האָב איך ניט קיין שנאה, נאָר פאַראַכטונג. מיר ווייסן עסטרייכס ברייטע פּלענער. צוערשט זאָלן אויפגעגעסן ווערן די סערבן, דערנאָך קומען די בולגאַרן, ביז מיר וועלן זיי האָבן באַם שוואַרצן ים".

„איר ווייסט דאָך, עקסעלענץ, אַז דאָ גייט נאָר וועגן א שטראָף-עקספּעדיציע, און אַז עסטרייך קלערט ניט וועגן צונע-מען לאַנד".

מיט צוויי טעג שפּעטער:

„איר מוזט אינטערווענירן אין ווין. העלפט געפינען א בריק" זאָגט סאַזאָנאָוו.

„און דערווייל האָט איר ברעה צו באַוואָפענען זיך?" פרעגט פּורטאַלעס.

„געוויסע הכנות, בכדי ניט צו ווערן פארכאַפּט פלוציס, אָבער בשום אופן ניט קיין מאָביליזאציע! מיר האבן באַשלאסן צו ווארטן דערמיט, ביז עסטרייך וועט ארויסווייזן קעגן אונז א פיינטלעכע האַלטונג".

„איך מוז דאָ דרינגלעך ווארענען: אין די דאָזיקע הכנות שטעקט א גרויסע סכנה, ווארום דער אנדער צד קאן זיך אויך נעמען גרייטן".

מיט די דאזיקע ווערטער האט גראף פּורטאלעס געטראפן דעם קריגס־גייסט בעסער, ווי ער האָט געוואוסט: ער האט פארויסגעזאָגט דאָס אייגענע לעבן, דעם אינעווייניקסטן דראנג, די נקמה פון דער דאָזיקער מוראדיקער און קונציקער מאַשין, וואס אנטלויפט סוף כל סוף פון אירע בויערס. ער האָט באַצייכנט צוגלייך די רוסישע מאשין, די וואס איז די קאלאסאַלערע און גראבערע, וואס האָט באַדאַרפט אָנהייבן זיך צו דרייען צוגלייך מיט דער דייטשער, נאָכדעם ווי די בעלי בתים זייערע האָבן א קוועטש געטאָן דאָס קנעפּל. גראף פּורטאַלעס, דער יונגער און דער אָפּיצער, האָט פארמשפּט די סיכטעם, וואָס ער אליין האָט צו איר געדינט. אַפן צווייטן טאָג הייבט סאַזאָנאָוו אָן:

„ צי וואלט עסטרייך ניט געווען גרייט, צו מעסיקן עטוואס אירע פאדערונגען אין דער פאָרם?"

„איך קאָן אייך קיין אויסזיכטן ניט עפענען; איך עצה אייך אָבער, אויב איר שעפּט פון אייערע שמועסן מיט גראף סאפּארי א האָפענונג, זיך צו ווענדן דירעקט קיין ווין."

דער לעזער אָטעמט אויף פרייער: סוף כל סוף „ דירעקט"! ווארום אין דער צייט וואָס אייראָפּע ציטערט פארן גורל פון מיליאָנען, רעדן אירע קאבינעטן ניט דירעקט, מען זאָגט ניט ענטפער, פארהאַנדלונג, סכנות נפשות, מלחמה, נייערט נאָטע, שמועס, פלאנטער, כח־באווייז, — און קיינער באַטראכט זיך ניט, ווי די באריכטן מכח אַזעלכע פארהאַנדלונגען נאַרן אָפּ די פעלקער.

נאָך מער, ווי בײַ די וואָס פאַרהאַנדלען גופא ווערן די קעפּ פאַרדרייט.

סאַזאָנאָוו כאַפּט זיך אָן פאַרן געדאַנק פונם דײַטש: עס איז בעצם געווען זײַן אײגענער, אָבער ווען ער וואָלט זיך געווענדט פון זיך, וואָלט זײַן פּאָזיציע אַנטקעגן ווין געווען שוואַכער, איצט ווען דער דײַטש האָט אויפגעגעבן דעם געדאַנק, איז ער האַלב א ווינער. חוץ דעם וויל ער באַווײַזן גרײַ, אַז מען קאָן זיך באַגײן אָן אים, ער טעלעגראַפירט תיכּף קיין ווין.

סאַזאַנאָוו רעדט איצט מיט דעם אונגאַר העפּלעך, לייגט עפּעס ווענן זײַנע סימפּאַטיעס פאַר עסטרײַך, קוקט דורך דעם אולטימאַטום, און נאָכדעם ווי דער אונגאַר האָט אָפיציעל דערקלערט, אַז „ער האָט ניט קײן רשות צו דיסקוטירן און אויסצוטײַטשן דעם דאָזיקן דאָקומענט”, דאָס הייסט, אַז דאָס וואָס זײַ ריידן איז ווי ניט גערעדט, ריידן זײ אַרום ווי צווײ פאַרשטאַנדיקע ספּעציאַליסטן די עסטרײַכישע פאָדערונגען צו סערביען. מכח זיבן האַלט דער רוס, אַז מען קאָן זײ אָננעמען. צו די איבעריקע דרײַ לייגט ער פאָר שינוים און ענדיקט:

„בקיצור, עס גייט דאָ... בעצם נאָר אין ווערטער!

סאַזאָנאָוו, וואָס האָט אין יענער שעה נאָך ניט געוואוסט, אַז סערביען האָט זיך שוין געהאַט אונטערגעגעבן, וויל בײַ די ווינער אָפּנעמען נאָר דעם פולן „דיפּלאָמאַטישן ניצחון” (נקמה פאַר בוכלאַו) און ער ענדיקט, אַז ער איז „שטאַרק צופרידן” מיטן שמועס מיט זײַן קעגנער.

— נאָר דרײַ פּונקטן? טראַכטן בײדע און טעלעגראַפירן קיין ווין. סאַזאָנאָוו האָט דעם דעקרעט וועגן מאָביליזאַציע אין קעשענע; דאָס מאַכט אים שטאַרק, איצט לייענט ער דעם ענטפער פון סערביען, און עס פאַרדריסט אים, וואָס זײ האָבן אָן זיך צונויפצורײדן אַלײן; איצט זײַנען בעצם געבליבן נאָך צווײ פּונקטן, וואָס מען מוז נאָך אַרומרײדן, און ער האָפט, אַז ווין װעט באַלד מסכים זײַן. אַלע זײַנען צופרידן מיטן נײַעם דירעקטן וועג צו פאַרהאַנדלען, וואָס עפנט זיך אויף; גרײַ האַלט, אַז ער איז „בעסער פאַר זײַן אײגענעם”.

זיי ווייסן ניט, אַז בערכטהאלד, וואס זיין אייגענער אמבאַ-סאדאר רעדט זיך אקארשט צונויף אין פעטערבורג, שרייבט אין דער זעלביקער שעה די קריגס-דערקלערונג צו סערביען, ווייל ער וויל ניט אנדעריש מלחמה.

*

זאָל אויך דאָס מאָל, דאָס זעקסטע מאָל, גאָרנישט אויס-לאָזן זיך פון דער מלחמה מיט סערביען? ניין! ווין ווייס אין די טעג נאָר צו ענטפערן ניין אף אַלע פאָרשלאָגן, אַלץ איינס פון וואַ-נען זיי קומען. מיר האָבן שוין פיר: דער רוסישער פארשלאג צו פארלייננגערן דעם אולטימאטום, גרייס ערשטער פארשלאג וועגן א קאָנפערענץ. איצט ווערט אויך קאַטעגאריש אָפּגעוואָרפן דער רוסישער פארשלאָג מכח אַ „שמועס“, און צולעצט, אַז די סערבן מעלדן, אַז זיי זיינען אפשר גרייט אָנצונעמען אויך די לעצטע צוויי פונקטן, ענטפערט בערכטהאָלד, אַז עס זיינען נאך געבליבן עטלעכע פרעג-צייכנס; בכלל, איצט נאָך דער קריגס-דערקלערונג שטעלט עסטרייך אנדערע תנאים ווי פריער.

איצטער ווענדן זיך די פרעמדע קיין בערלין. די שטעלונג פון בערלין צו די פארשלאגן וועגן פארמיטלונג:

ערשטער פאָרשלאָג: אַז דער רוסישער אמבאסאדאָר האָט געבעטן, מען זאָל פארלייננגערן דעם טערמין, האָט מען אָפּגע-צויגן דעם ענטפער, און אַז די שעה איז שוין געווען אָפּגעלאָפן כמעט, האָט יאַגאָוו געזאָגט:

„איך האָב מורא, אז עס איז צו שפעט“.

„בכן, האָט עסטרייך פעסט באַשלאָסן צו פירן מלחמה מיט סערביען?“

„עס גייט ניט מכח קריג. עס גייט נאָר מכח אַ שטראַף-עקספעדיציע איבער אַן אָרטיקן ענין“.

דער ענגלענדער, וואָס האָט אין גרייס שליחות געמאכט

דעם זעלביקן פאָרשלאג ווענן פארלייננערן דעם טערמין. ענטפערט יאַגאָוו, אַז ער האָט „תיכף" (10 אזייגער אינדערפרי) אפגעשיקט דעם פארשלאג צו זיין אַמבאַסאַדאָר אין ווין מיט דעם אנזאָג, ער זאָל שמועסן מיט בערכטהאלד מכח דעם. אין דער אמתן האָט יאַגאָוו טעלעגראפירט טשירשקין ערשט אום 4, טאַקע ווייל ער האָט געוואוסט, אז ארום 6 איז די צייט אָפּגעלאָפן, און בערכטהאָלד איז געווען אין אישל, אזוי אז מ'װעט האָט שוין נים געקאָנט מער אומבייטן.

צווייטער פאָרשלאג: גריי לאַדט איין צו א קאָנפערענץ, בערלין דערקלערט, זי קאָן דעם פארבינדעטן „ניט שטעלן זיך אין וועג".

דריטער פאָרשלאג: רוסלאַנד בעט, מען זאָל פועלן בא ווין, זי זאָל מסכים זיין אף א דירעקטן שמועס. יאַגאָוו זאָגט קאלט צו, נעמט דאָס אָבער האַלב צוריק מיט די ווערטער: „מיר קאָנען אָבער בשום אופן ניט צווינגען עסטרייך".

פערטער פארשלאג: גריי לייגט דאָס מאָל פאָר, מען זאָל נעמען דעם סערבישן ענטפער ווי אַ באזיס צו פארהאַנדלען. בעטמאן קערט זיך און דרייט זיך. א מיאוסע מעשה! וואָס טוט מען? אינסטרואירט ער דעם עסטרייכישן אַמבאַסאַדאָר אַזוי, אז יענער קאָן מיט א גרינגער געמיט טעלעגראפירן אהיים: „די דייטשע רעגירונג פארזיכערט פעסט, אז זי אידענטיפיצירט זיך לחלוטין ניט מיט די פארשלאגן, זי איז אפילו באשטימט קעגן דעם, מען זאָל זיי נעמען אין באַטראכט, זי גיט זיי איבער נאָר, בכדי צו טאָן, וואָס ענגלאַנד בעט". ער האָט, אמת, מוסיף גע־ווען, אז דייטשלאַנד וועט ניט אונטערשטיצן די פרואוון פון ענג־לאַנד זיך אַריינצומישן אין סכסוך קעגן עסטרייך. אָבער וואָס בעטמאַן האָט דעם 27־טן געפילט און געטראכט, באווייזט דער פירוש, וואָס ער האָט ארום האַלבער נאַכט טעלעגראפירט קיין ווין.

צו יענער שעה האָבן זיך גענומען קלערן די בליקן פון די פירערס פון דער דייטשער פאליטיק, עס איז אנגעקומען אַ נייע

דעפּעשע פון ליכנאָווסקי: „טאָמער קומט עס בא די אומשטאַנדן צו מלחמה, וועלן מיר האָבן ענגלאַנד קעגן אונז".

ערשט איצט האָט בעטמאַן אָנגעהייבן צו פאַרשטיין די סכנה, וואס עס שטעקט דערין, וואָס ער האָט אונטערשטיצט בערכטהאָלדן בלינד. אָבער אָנשטאָט ענערגיש צו דרייען צוריק, טעלעגראפירט ער צו זיין אַמבאַסאַדאָר אין ווין נאָר אָט וואָס: נאָכדעם ווי מען האָט זיך אָפּגעזאָגט פונם פארשלאג מכח דער קאָנפערענץ, איז עס ניט מעגלעך „אָפּצוּוואַרפן פון לכתחילה אויך דעם איצטיקן ענגלישן פאָרשלאג". אָן דעם, „אַז די גאַנצע וועלט... זאָל אונז האלטן פאר די אמתע טרייבערס צו מלחמה.. דאָס וועט מאַכן אוממעגלעך אויך אונזער שטעלונג אין לאַנד גופא, וואו מיר מוזן זיך האלטן, אַזוי ווי מיר זיינען געצוואונגען צום קריג... מיר קאָנען דעריבער זיך ניט אָפּזאָגן פון דער ראלע פון א פארמיטלער... בפרט אַז לאָנדאָן און פּאַריז ווירקן כסדר אף פּעטערבורג".

„מיר מוזן זיך האַלטן" — שיפרירט אין דיפּלאָמאַטן־לשון קלינגט דאָס גוט; אַנטפּלעקט אָבער די געשיכטע די סודות — באַווייזט זיך די אמתע מיאוסקייט. בשעת בעטמאַן האָט איבער־געגעבן דעם ענגלישן פארשלאג אין אַזאַ טאָן, וואָס האָט ניט געעצהט אים אָנצונעמען, האָט ער געמיינט, אַז ער שאַפט אַ היסטאָרישן דאָקומענט לטובת דייטשלאַנד. אז די דאָזיקע בלעטער זיינען אין פינף יאָר ארום צו דער ליכטיקער שיין, זיינען זיי מגולגל געוואָרן אין א היסטאָרישן דאָקומענט קעגן בעטמאַנען.

בכדי צו זיין זיכער, אַז ווין וועט פּלוצים ניט נאָכלאָזן, לאָזט ער נאָך אָנזאָגן, אַז דאָ איז מען „אַפילו לחלוטין קעגן דער לאָנדאָנער פארמיטלונג און מען גיט זי נאָר איבער, בכדי צוליב צו טאָן ענגלאַנד". און דעם אנדער טאָג, אַז אפילו קיסר ווילהעלם גופא מאָנט בא אים, בערכטהאָלד זאָל זיך צופרידן שטעלן מיט א „משכון", דעמאָלט ענדיקט בעטמאַן זיין דירעק־טיווע קיין ווין מיט אזעלכע היסטאָרישע ווערטער:

„עס גייט נאָר דערין, ווי אַזוי געפינט מען א מאָדוס, וואָס זאָל מעגלעך מאַכן צו פאַרווירקלעכן דעם ציל, וואס עסטרייך=אונגאַרן שטרעבט צו אים, מבטל צו מאַכן די גרויס=סערבישע פּראָפּאַגאַנדע, אָן דעם, עס זאָל אויסברעכן א וועלט=קריג. און אויב מען קען אים ניט אויסמיידן, זאָלן די תנאים, וואָס אונטער זיי ווערט ער געפירט, זיין פאר אונז די מעגלעך בעסטע".

איז דאָס משוגעת, האָט עס דאָך מעטאָדע. אין ערגעץ הערט מען ניט ארויס דעם לייכטזין פון דער מיטלמאָסיקייט בעסער ווי אין אָט דעם ביוראָקראַטישן זאַץ פון א קאַנצלער, וואס ער וויל אמת ניט קיין קריג, אזוי ווי די גענעראלן, אָבער ער זעט, אַז ער קומט. און רירט דאָך ניט קיין האַנט. אפילו נאָכדעם ווי זיין קיסר האָט זיך געגעבן א קער צוריק, בכדי אים צו פאַרהאַלטן, נאָר ער טראַכט מער, ווי אַזוי רוקט מען פאַר דער וועלט פון זיך אָפּ די שולד. „אויב מען קאָן דעם וועלט קריג ניט אויסמיידן".

*

מלחמה=שטימונג אין צאַרסקאָיע=סעלאָ. דאָס, וואס עסטרייך שוויגט, און בערלין רעדט ניט קיין קלאָרע דיבורים, האָט פאַרשטאַרקט די פּאָזיציע פון די גענעראלן. סאַזאָנאָוו, וואָס זעט זיך איצט פאַרלאָזן, וויל שוין מער ניט זאַמען, און אַזוי ווי די גענעראלן האָבן שוין געמאַכט זייערע הכנות, לאָזט ער מאָביליזירן אין די דרומדיקע און מזרחדיקע מיליטער=קרייזן: מאָסקווע, קיעוו. אדעס, קאַזאַן. די גענעראלן זיינען אויפגעדרודלט: נעכטן האָבן זיי שוין בא אַ דייטשן דאַמפּער צוגענומען דעם ראדיאָ=אפּאַראַט, היינט אַז מען האָט זיך באַקלאָגט דערויף, ווידער אָפּגעגעבן.

אין דער דאָזיקער שטימונג קומט אָן א דעפּעשע פון קיסר, וואָס זינט דריי טעג האָט מען זי פריוואַט געבעטן, אָבער זי איז ניט אָפּגעשיקט געוואָרן. נעכטן, אַז דער קיסר האָט געוואָלט פאַרקערעוועןֿ, און בעטמאַן האָט געוואלט דערווייזן, אַז

רוסלאַנד איז שולדיק, האָט ער אונטערגעטראָגן זײַן האַר אַזאַ דעפּעשע מיט דער באַגרינדונג. דער קיסר ווענדט זיך אין איר צום צאַר מיט דער בקשה, ער זאָל מיט אים אין אײנעם זען זיך אַרײַנצולײגן אין סכסוך, וואָרום זי בײדע באַדאַרפֿן דאָך באַשטראָפֿן מערדערס פֿון פֿירשטן,

איצט טרעפֿט גענעראַל פֿאָן כעליוס דעם פֿירשט טרובעצקאָי, וואָס דינט באַם הויף, און יענער זאָגט: „גאָט צו דאַנקען, אַ טעלעגראַם פֿון אײַער קיסר! אָבער איך האָב מורא, אַז עס איז צו שפּעט!"

כעליוס: „מען וועט זיך, אויב אַזוי, נישט וואונדערן, אַז נאָך אײַער מאָביליזאַציע וועט קומען די דײַטשע מאָביליזאַציע".

טרובעצקאָי שטײט א דערשראָקענער און זאָגט, אז ער מוז פֿאָרן קײן פּעטערהאָף. דערויף פֿאַרצײכנט דער פֿײַנהעריקער כעליוס זײַן אײַנדרוק: „אַז מען האָט דאָ מאָביליזירט מחמת מורא פֿאַר קומענדיקע געשעענישן, הגם מען איז נישט אויסן געווען אָנצופֿאַלן, און איצט איז מען איבערשראָקן דערפֿאַר, וואָס מען האָט אָפּגעטאָן". אָט די פּסיכאָלאָגיש ריכטיקע מסקנא דערקלערט זי ער גוט די האַנדלונג פֿון די רוסן אין יענע טעג, אָן זיי צו באַשולדיקן, און זי האָט נאָך א גרעסערן באַטײַט דערפֿאַר, וואָס זי שטאַמט פֿון אַ דײַטשן גענעראַל און דער דײַטשער קיסר האָט זי באַשטעטיקט מיט זײַן הערה: „ריכטיק, אַזוי איז דאָס". כעליוס געפֿינט שוין פֿאַרן אָנהײב פֿון דער מלחמה די פֿאָרמל פֿאַר דער שרעק פֿון אלעמען, פֿאַרן לײכטזין פֿון די פֿירערס, וואָס לאָזן אָנהײבן זיך א קריג, וואָס מען האָט אים געקאָנט אויסמײַדן, א באַווײַז, אַז עס מוז געשאַפֿן ווערן אַן אינסטאַנץ, וואָס אײראָפּע זאָל קאָנען זיך ווענדן צו איר, ווען די מלוכה־מענער אירע וועלן ווידער אַמאָל פֿאַרלירן די נערוון.

דעם 30־טן האָט מען נאָך געקאָנט אײראָפּע ראַטעווען. אַלע גרויסע מלוכות האָבן מודה געווען, אַז עסטרײַך האָט דאָס רעכט אָנצולערנען סערביען, צו אָקופּירן צײַטווײַליק טײלן פֿון איר, ווי אַ גאַראַנטיע, אַז זי וועט אויספֿירן די פֿאָדערונגען, ווי ווײַט זיי רירן נישט אָן די סוּווערעניטעט פֿון סערביען. בערכט־

האָלד, וואָס האָט דאָס צוגעזאָגט די קאַבינעטן, און אין דער אמתן האָט ער געוואָלט מאַכן א חלק פון סערביען, האָט דער־מיט געגעבן די קעגנער אין האַנט אַריין אַ מיטל צו כאַפּן עסטרייך, צוגלייך האָט ער געשמייכלט אין אלע זייטן און אָפּגע־נאַרט די פאַרבינדעטע צוזאַמען מיטן שונא, סוף כל סוף ווערט אפילו בעטמאַן אין כעס און שרייבט דעם 29־טן אַזעלכע האַרבע דיבורים צו טשירשקי: „אלץ מער ווער איך פארחידושט איבער דער האַלטונג פון דער (ווינער) רעגירונג. אין פעטערבורג דער־קלערט זי, אַז זי איז טעריטאָריעל ניט פאראינטערעסירט, אונז לאָזט זי גאָרנישט וויסן מכּח איר פּראָגראם, רוים שפּייזט זי מיט פוסטע דיבורים מכּח קאָמפּענסאַציע, אין לאָנדאָן גיט גראַף מענס־דאָרף אַוועק בולגאַריען און אַלבאַניען שטיקער סערביען אַ מתנה, זאָגט אַזוי פונקט דעם היפּוך פון די פייערלעכע דערקלערונגען אין פעטערבורג. פון אָט די דאָזיקע סתירות מוז איך ארויס־דרינגען, אז... די דאָרטיקע רעגירונג טראָגט זיך ארום מיט פּלענער, וואָס זי האַלט פאַר נויטיק זיי צו האַלטן בסוד פאַר אונז, כּדי זיכער צו זיין, אַז דייטשלאַנד וועט זי אונטערשטיצן אין אַלע פאַלן".

פון אָט דער סיסטעם פון דער ווינער אָפּנאַרעריי האָט די קריגס־פּאַרטיי אין רוסלאַנד גענומען ראיות צו ווירקן אף איר שוואכן צאַר.

דער צאַר, וואָס איז אין מיטן דעם גאנצן מלחמה־גערויש דער פרידלעכסטער מענטש אין דער וועלט, וויל זיך כאפּן צוריק, פּונקט ווי דער קיסר; אַזוי ווי דאָס הארץ וואָלט אים זאָגן, טעלעגראפירט ער נאָך האלבער נאכט צו אים: „איך זע פאָר־אויס, אַז איך וועל זייער באלד מוזן נאָכגעבן דעם דרוק, וואָס מען מאַכט אף מיר".

אַזוי איז דער מעכטיקסטער מאָנאַרך אין דער וועלט, דער לעצטער אליינהערשער אין דער געשיכטע זיך מודה, אַז ער האָט קיין מאַכט ניט. און דער דייטשער קיסר, וואָס לאַכט איבער דער דאָזיקער שוואַכקייט — צי מערקט ער גאָר ניט, אַז ער אַליין געפינט זיך אין דער זעלביקער לאַגע? אין אָוונט

דעם זעלביקן טאָג האָט דער רוסישער צאַר אָנגעוויזן דעם קליגסטן אויסגאַנג: „עס וואָלט געווען ריכטיק, ווען מען גיט איבער די עסטרייך־סערבישע פּראָבלעם אין האַגער טריבונאַל".

באַלד וועט זיך אויך דער קעניג פון ענגלאנד אריינמישן אינם עלעקטרישן קרייז פון די טעלעגראמעם, און מען וועט זען די דריי געקרוינטע קרובים, וואָס רופן זיך איינע די אַנדערע דזשאָרדזשי, ניקי און ווילי, ווי זיי שטייען ערב דער וועלט קאַטאַסטראָפע. און זייער סוף: יורשים פון אַנומלט מעכטיקע משפחות, איז דער איינער פון זיי אַנטלאָפן און דער צווייטער דערשאָסן אין א קעלער.

דעם 28־טן, אַז דער אונגאַר גייט ארויס פון סאַזאָנאָווס קאַבינעט, באַגעגנט ער אין וואַרט־צימער דעם פראנצויז. יענער פרעגט:

— „האָט איר גינסטיקערע ידיעות פון ווין?"

„ניטאָ קיין נייס. די ראָד דרייט זיך".

ווידער באַשולדיקט עמיצער אייראָפּע, אָן דאָס צו ווייסן.

דער אונגאַר גייט אוועק. עס קומט דער דייטש. דער פראַנצויז האַלט פאַר אים אַ רעדע פול מיט פראזעס. דער דייטש ענטפערט:

— „איך רוף גאָט פאַר אַן עדות. דייטשלאנד איז געווענען פרידלעך. די געשיכטע וועט באַווייזן, אז דאָס גוטע רעכט שטייט אף אונזער זייט און אז אינזער געוויסן האָט אונז נים וואָס אופצואווארפן".

„האַלטן מיר דען שוין אזוי ווייט, אז מיר מוזן אָנקומען צו געשיכטע?"

„מיר קענען, מיר וועלן אונזער פארבינדעטן נים פאַר־לאָזן".

דער פראנצויז לאָזט דעם דייטש אריין דעם ערשטן צום מיניסטער. אין וואַרט־צימער זאָגט דער ענגלענדער צום פראנצויז:

„די לאגע האָט זיך פּאַרערגערט... איך בין מער ניט מסופק, אַז רוסלאַנד מישט זיך אַריין. איך האָב אָקאָרשט געבעטן זיך בײַ סאַזאָנאָוון, ער זאָל ניט צולאָזן קיין מיליטערישע שריט, וואָס דײַטשלאַנד זאָל זיי קאָנען אָננעמען ווי אַן אויפרייצונג. מען מוז איבערלאָזן דער דײַטשער רעגירונג די גאַנצע אחריות און די איניציאַטיווע פון אָנפאַל. די ענגלישע עפנטלעכע מיינונג וועט נאָר דעמאָלט מאַכן שלום מיטן געדאַנק, אַז מען מוז נעמען אַן אָנטייל אין דער מלחמה, אויב עס וועט זיין אין גאַנצן קלאָר, אַז דײַטשלאַנד פאַלט אָן... איך באַשווער אײַך, רעדט איר אויך מיט סאַזאָנאָוון אין זעלביקן זין!"

ציו זאָגט דער דאָזיקער ענגלענדער ניט אַרויס היינט בײַטאָג די זעלביקע געדאַנקען אין פּעטערבורג, זאָגט ער זיי ניט אַרויס מיט די זעלביקע ווערטער, ווי היינט אין אָוונט דער דײַטשער קאַנצלער אין זיין טעלעגראַם קיין ווין? די ראָלע פון אָנגעפאַלענעם — דאָס איז דער אידעאַל פון אַלע קריגערישע דיפּלאָמאַטן אין אייראָפּע! די דאָקטוירים האָבן נערוויז געמאַכט איינער דעם צווייטן, זינט אַכט יאָר און זינט אַכט טאָג. איצט האָבן זיי אַלע דעם שלום אָפּגעזאָגט דאָס לעבן און איצט גלעטן זיי נאָר אַרום זייער דיאַגנאָז, בכדי זיי זאָלן אויסקומען גערעכט, בעת מען וועט דעם מת פּאַלמעסן.

איצט גייט אַריין דער פראַנצויז דער לעצטער צו סאַזאָנאָוון. ער געפינט אים אויפגערעגט, ווערט געוואָר פּרטים און וואָרנט:

„בײַ דער קלענסטער אומפאָרזיכטיקייט פון אייער זייט פאַרלירן מיר די מיטווירקונג פון ענגלאַנד!"

סאַזאָנאָוו: „דאָס ווייס איך. אָבער אונזער גענעראַל־שטאַב איז אומגעדולדיק, און מיר קומט אָן זייער שווער אים איינצוהאַלטן".

אין משך פון קומענדיקן טאָג האָט ווין ענדגילטיק זיך אָפּגעזאָגט פון „שמועס". איצט וויל סאַזאָנאָוו זיין זיכער. איינעם נאָכן אַנדערן נעמט ער אויף די אַמבאַסאַדאָרן. צוערשט דעם עסטרייכער. ער זאָגט צו אים:

„מיר ווען היינט מילוויז מאָביליזירן, נאָר דאָס דאָזיקע מיליטער איז ניט באַשטימט אָנצופאַלן אף אייך, זיי וועלן שטיין גרייט. מיר מוזן זיין געהיט, וואָרום עסטרייך האָט שוין אַ גאנג פאָראויס און קאָן בכלל גיכער זיך מאָביליזירן".

דער אונגאר: „פונדעסטוועגן וועט דאָס מאכן בא אונז דעם טיפסטן איינדרוק".

דער רוס באַרואיקט ווידער אַמאָל, בעת דעם דאָזיקן שמוּ־עס א טעלעפאָן: באָמבאַרדירט בעלגראַד! פלוצים ווערט סאַזאָנאָוו ווי איבערגעביטן, ער רעדט שוין שארפע רייד:

„דער צאר איז געערגערט, איר ווילט נאָר מיט פאַרהאַנד־לונגען געווינען צייט און איר באָמבאַרדירט דערווייל אן אומבאַ־שיצטע שטאָט! וואָס ווילט איר דען נאָך איינגעמען, אויב איר האָט שוין די הויפּטשטאָט? וואָס האָבן מיר נאָך צו שמועסן, אויב איר באַגייט זיך אזוי!".

*

אַנטקעגן דעם דייטשן אַמבאַסאדאָר איז סאַזאָנאָוו רואיקער ווי נעכטן. דער דייטש זאָגט: „אויב רוסלאנד וועט ווייטער מאָ־ביליזירן, וועלן מיר אויך מוזן מאָביליזירן, און דעמאָלט וועט מען קוים קאָנען פאַרהאַלטן דעם אייראָפּייאישן קריג".

סאַזאָנאָוו: „איך וועל דאָס מעלדן זיין מאַיעסטעט".

נאָכן דייטש קומט דער ענגלענדער, און סאַזאָנאָוו רעדט מיט אים מכח גרייס פאָרשלאָג און עצהט אים צו איילן זיך.

אומעטום די זעלביקע יאָגעניש: די גענעראַלן פון אייראָפּע טרייבן די מיניסטאָרן, זיי זאָלן אָנקומען גיכער צום ציל, ווי זייערע קאָנקורענטן; די מיניסטאָרן ווידער האַלטן איין די גענע־ראַלן פארן צוים, זיי זאָלן ניט אוועקלויפן, וואָרום ביידע מינים מאכטהאָבערס זיינען צוגלייך אי פערד אי רייטערס. דעם זיבעץ סאַזאָנאָוס, אז עס קומט אים אָן זייער שווער איינצוהאַלטן זיין גענעראַל־שטאב, האָט דער צאר טעלעגראפירט צום קיסר, דער

קיסר האָט אים אויסבאהאלטן פאַר זײן זון, די פרעמיערן פון אלע פיר לענדער האָבן אים אפשר ארויסגעלאָזט אין איין צייט. וואָרום איז א פערד צו לאנג געשטאנען אין שטאל, נעמט עס בריקעווען און זיך רייסן פון שטאַל ארויס, ווי נאָר מען טוט דעם אָן צוים און זאָטל. אָבער וואָס גייט דאָס אַלץ אָן די רואיקע מענטשן אין דרויסן, וואָס ווילן ניט, מען זאָל זיי אריבער־פאָרן?

היינט באשטעטיקט דער פעטערבורגער קריגס־ראט: אָפיצי־עלע מאָביליזאַציע קענן עסטרייך, בשתיקהדיקער אָנהייב פון דער אַלגעמיינער מאָביליזאַציע, ווייל א טיילווייזע איז „טעכניש ניט מעגלעך".

דאָ הייבט אָן דער קאָנפליקט, וואָס פריער האָט מען אים געקאָנט פאַנאַנדערנעמען מיטן שכל, אריינצוגליטשן זיך אין פסיכאָפאַטישקייט: פון היינט אָן קאָן נאָר דער פארטייאישער אונטערשיידן צווישן דעם פראָוואָצירנדיקן און פראָוואָצירטן אין איראָפע. מיטן ווערטל טעכניש זיינען דעמאָלט איינגעשראָקן גע־וואָרן די מיניסטאָרן, און איצט די היסטאָריקער...

*

תיכּף לאָזט דער צאַר, וואָס באמיט זיך שטענדיק, פונקט ווי דער קיסר, מבטל צו מאַכן די ווירקונג פון זיינע ענערגישע החלטות, מעלדן דעם דייטשן אַמבאַסאַדאָר, אַז דער באפעל וועגן מאָביליזאציע איז ניט קיין פיינטלעכער אַקט קעגן דייטשלאנד. דאָ שטעקט אפילו ניט קיין אינטריגע פון גענעראלן, דאָ וויל זיך נאָר דער קיסר באוואָרענען קעגן דער אייגענער שרעק; דער גענעראל ווענדט זיך ניט דירעקט צום אמבאסאדאָר און לאָזט בעטן צו זיך דעם דייטשן מיליטער־אַטאַשע.

דער דייטשער מאַיאָר, וואָס פלעגט שטענדיק קומען אף דער מינוט אין מונדיר און האָט גערעדט רוסיש, קומט היינט אָנגעטאָן ציוויל מיט אַ שעה צו שפּעט און זאָגט פראנצויזיש:

„מיר ווייסן באַשטימט, איר האָט אָנגעהייבן אייער מאָביליזאַציע".

„מיין וואָרט פון א קאוואלער, אז איר האָט א טעות".

„איך בין ניט מסופק, אָבער מיר האָבן זיכערע באַווייזן".

„פאַרלאַנגט איר מיין ערן־וואָרט שריפטלעך?"

„ניין, א דאנק".

„בכן, חזר איך אייך איבער: אין דעם מאָמענט איז נאָך קיין מאַן און קיין איין פערד ניט מאָביליזירט".

דער רוס האַלט זיך פאָרמאל באַרעכטיקט צום דאָזיקן ליגן, וואָרום ער האָט נאָך דעם צאַרס אוקאַז אין קעשענע (א שטאַב־אָפיצער, וואָס האָט אין א דערבייאיקן חדר אַלץ געהערט, באַשטעטיקט דאָס גאַנצע, נאָר מיט דער פיינער אָנמערקונג, אז דער אוקאַז איז בשעת מעשה „געלעגן אפן טיש"). דער דאָזיקער פאַפיר האָט געטראָגן אונטער ניקאָלאַיס נאָמען די חתימות פון דריי מיניסטאָרן, פון קריג, פון פלאָט און פון אינערן און האָט באַשטימט „אלגעמיינע מאָביליזאַציע". דער בריטישער אַמבאַסאַדאָר אין בערלין האָט דעמאָלט באַשטעטיקט, „אז בעת דער דייטשער קיסר האָט לויטן צאַרס בקשה געפּרואווט ווירקן אף ווין, האָט רוסלאנד זיך מאָביליזירט". ריכטיקער וואָלט געווען צו זאָגן, אז אין דער צייט ווען דער צאַר און דער קיסר האָבן ביידע געוואָלט אויסמיידן מאָביליזאַציע, האָבן יאנושקעוויטש און מאָלטקע ביידע געאַרבעט פאַר דער מאָביליזאציע. פונדעסטוועגן בלייבט א פאַקט, אז רוסלאנד האָט פריער פאַר די איבעריקע מאָביליזירט איר גאנצע אימפעריע.

אָבער נאָך אלץ האָבן די רוסישע מיליטער־לייט ניט געהאַט געזיגט: ווידער האָט ווילהעלם דער צווייטער זיי אריינגעשטעלט א פלעקל אין ראָד. אין אָוונט האָט דער צאַר געקראָגן א צווייטע טעלעגראַם פון קיסר, וואו ער איז ערב מיט זיין

וואָרט פאַרן שלום. אויב דער צאַר וועט אָפּשטעלן די מאָבילי־
זאַציע, אונטערן איינפלוס פון זיין קראַנקער פרוי, וואָס הינטער
איר איז געשטאַנען ראַספּוטין ווי אַ קענער פון דער מלחמה, האָט
ער זיך געשפּירט גרינגער, וואָרום ער האָט אין דער טעלעגראַם
געהאַט א טויז קענן זיינע גענעראַלן. עלף באַנאַכט לאָזט ער זיך
פאַרבינדן מיט זיין קריגס־מיניסטער, סוכאָמלינאָוו, אין גאַנצן
אַריינגעטאָן אין דער מאָבילזיר־אַרבעט, הערט דורכן טעלעפאָן
די שטים פון זיין האַר, וואָס לייענט אים פאָר די טעלעגראַם,
אָבער ער שטעלט זיך ניט אין אָפּן צו געבן א באַפעל —
מכח דעם זיינען פאַראַן צוויי נוסחאות — נאָר ער פרעגט:

„צי איז דען טאַקע ניט מעגלעך אָפּצושטעלן די מאָבילי־
זאַציע?"

„ניט מעגלעך. אַ מאָבילי־זאַציע קאָן מען ניט איינהאַלטן
און ווידער לאָזן, ווי א וואָגן... וויל אייער מאַיעסטעט נאָך אויס־
הערן די מעלדונג פונם שעף פון גענעראַל־שטאַב?"

אויסטערליש דייטלעך ווערט דאָ דער געדאַנק פון א קריגס־
מיניסטער, וואָס פאַר אים איז די אומאָרדענונג פון א פאַר־
האַלטענער מאָבילי־זאַציע ערגער פאַר א מלחמה; מיר וועלן
באַלד די זעלביקע געפילן דערלעבן בא זיין דייטשן קאָלעגע.
פיבערדיקע רגעים. אין א ווײַלע אַרום קלינגט מען ווידער צו
אים: יאַנושקעוויטש, שעף פון גענעראַל־שטאַב:

— א מוראַדיקע זאַך! אָקאָרשט האָט דער צאַר מיר אָנ־
געקלונגען, מיר זאָלן די אַלגעמיינע מאָבילי־זאַציע פאַרקירצן אויף
א טיילווייזער! איך האָב געענטפערט: טעכניש ניט מעגלעך. ער
איז אָבער באַשטאַנען דערויף. דער דייטשער קיסר איז אים ערב
מיט זיין ערן־וואָרט. וואָס זאָל איך טאָן?"

„טוט גאָרנישט!"

„גאָט צו דאַנקען!"

אָט אַזוי איז אין דער נאַכט פון 29 צום 30 יולי די
גאַנצע רוסישע אימפּעריע געוואָרן מאָבילזירט.

דעם צווייטן פּאָרמיטאָג קומט דער דייטשער אַמבאַסאַדאָר צו סאַזאָנאָוון: אונטער וואָסערע תנאים וויל רוסלאַנד דעמאָביליזירן? אַ וכּוח, צום סוף שרייבט דער מיניסטער אויף א פּאָרמל, וואָס מילדערט דעם אולטימאַטום. זי ווערט אָפּגעשיקט קיין בערלין. דאָרט אָבער האָט זי קיין ווירקונג ניט: דאָרט רעכנט מען איצט נאָר מיט צאלן. דער מיניסטער פאָרט ארויס צו זיין האַר.

דעם צאַרס קאַבינעט אין פּעטערהאָף. גרויסע פענסטער אין ערשטן גאָרן, ברייטער אַויסקוק אפן פינישן אויסגוס. צוויי טישן מיט פּאַפּירן, עטלעכע קריגס-בילדער, לעדערנע שטולן, פּשוטקייט. אלע טאָג קומט אַהער, ווי דער בייזער רוח, יאַנוש-קעוויטש, די רעכטע האנט פונם ברוטאַלן גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש. סאַזאָנאָוו קומט נאָר איין מאָל אין וואָך. היינט נאָכמיטאָג, עס איז דער 30-טער, שטייט ער פאַרן צאַר און לייענט א נייע דעפּעשע פון דייטשן קיסר: אויב רוסלאנד מאָבי-ליזירט קעגן עסטרייך, קאָן ער ניט פארמיטלען. סאַזאָנאָוו לייגט אוועק די דעפּעשע אפן שרייב-טיש:

„מיר קאָנען מער דעם קריג ניט אויסמיידן. דייטשלאַנד מאַכט זיך בפירוש ארויס פון צו פארמיטלען, זוכט נאָר צו גע-ווינען צייט. באַ אַזעלכע אומשטאנדן מיין איך, אז אייער מאיע-סטעט באַדאַרף מער ניט זאַמען און ארויסלאָזן דעם באפעל צו דער אַלגעמיינער מאָביליזאציע".

דער צאַר, בליך, מיט פארשטיקטער שטים: „באַטראַכט זיך די אַחריות, וואָס איך נעם אף זיך דורך אייער. עצה! באַ-טראַכט זיך, אַז דאָ גייט וועגן שיקן טויזנטער און צענדליקער טויזנטער מענטשן אף טויט!"

„ניט דער געוויסן פון אייער מאַיעסטעט און ניט מיין גע-ווסן וועלן זיך האָבן אופצוואַרפן, אויב עס וועט אויסברעכן מלחמה. אייער מאַיעסטעט און די רעגירונג האָבן געטאָן אלץ, וואָס עס לאָזט זיך נאָר, כּדי צו פארשפּאָרן דער וועלט דעם דאָזיקן נסיון. פון היינט אָן מוז מען קלערן נאָר וועגן דער

זיכערקייט פון דער אימפעריע. דער קריג וועט דאָך אויסברעכן אין דער שעה, וואָס דייטשלאנד וועט באַשטימען".

„א גוטע שעה" האָט דער מיניסטער באַדאַרפט, אף צו פועלן באַם צאַר, צולעצט זאָגט דער צאַר אין אַ פעסטן טאָן: „בכן, סערגיי דמיטריעוויטש, טעלעפאָנירט דעם שעף פון גענע־ראַל־שטאַב, אַז איך גיב דעם באַפעל צו אַן אַלגעמיינער מאָבילי־זאַציע".

סאַזאָנאָוו פארנויגט זיך, גייט אריין אין וועסטיביול צום טעלעפאָן, גיט איבער יאַנושקעוויטשן דעם באפעל. דערנאָך חתמעט דער צאר דעם אוקאַז צום סענאַט. דער שעף פון גענע־ראל־שטאַב, וואָס האָט מורא, טאָמער האָט נאָך דער קיסר חרטה, באַהאַלט זיך אויס דעם טאָג אין הסכם מיט סאזאָנאָוון. צוגלייך אָבער זאָרגן ביידע דערפאר, אַז דער סדר פון די מאָבי־ליזאציעס זאָלן ווערן איבערגעגעבן קיין פאריז און קיין לאָנדאָן פארדרייט און געפעלשט.

*

אַ טאָג פריער, איידער רוסלאנד האָט זיך באַשלאָסן פאר מלחמה, וואָרנט און סטראשעט ענגלאנד ווידער אַמאָל אין צוויי זייטן.

אָבער די עקשנות פון ווין האָט דעם ענגלישן קאבינעט פארגרינגערט דעם אומבייט פון דער שטימונג, וואָס ער האָט נאָר טיילווייז געוואונשן זיך. גריי, וואָס איז פינף טעג ביינגע־שטאַנען דעם נסיון, צו פארגיכערן אפשר דורך דעם, וואָס ער וועט זיך אָפן שטעלן אף איין צד, דעם קריג, וואָס ער האָט גראָד דורכן דאָזיקן סטראַשען געוואָלט אָפהאַלטן, זעט איצטער די הצלה נאָר אין אָט דעם מסופקדיקן מיטל. אין דער זעלביקער שעה, ווען אין פעטערבורג ווייזט דער רוסישער גענעראל אפן זייגער, בכדי צו געבן דעם דייטשן מאַיאָר זיין פאלשן ערן־וואָרט, זאָגט אין לאָנדאָן דער ענגלישער מיניסטער צום דייטשן אַמבאַ־סאַדאָר:

„די לאגע ווערט אלץ מער פארשארפט. ווין לאָזט ניט רײדן, מיר האָבן מיט אײך פארהאנדלט אין פרײנטשאפטלעכן טאָן, פון זינט איר זײט דאָ, איך טאָר אײך אָבער ניט נאַרן, כל זמן דער קאָנפליקט איז באגרענעצט אף עסטרײך און רוס־לאנד, קאָנען מיר שטײן פון דער זײט. ווילן אָבער ארײנגעצויגן ווערן דײטשלאנד און פראנקרײך, דעמאָלט וועט ענגלאנד מוזן אף דער גיך אָננעמען באשלוסן".

— מער טאָר איך ניט זאָגן, טראכט גרײ, אפשר גלויבן איצט די הערן אין בערלין, בכדי צו זײן אין גאַנצן זיכער, האָט ער מיט א שעה פריער אנגעזאָגט דעם פראנצויז קאַמבאָן וועגן דאָזיקן שריט, נאָר מוסיף געווען: „איר זאלט גארנישט דרינגען פון אונזער פלאָט־באַפעל! ענגלאַנד איז הײנט לחלוטין ניט אין גאַנצן אפן צד פון פראנקרײך ווי אין ענין מאראקא, ווארום דע־מאָלט האָט אויסגעוויזן, אַז איר זײט אין א דירעקטער סכנה מצד דײטשלאַנד. ענגלאנד האָט קײן התחײבות ניט. דאָס מוז איך אײך איבערהזרן".

דעם זעלביקן אוונט ווערן געוואר די קאַבינעטן פון פאריז און פעטערבורג, פון בערלין און ווין, די דאָזיקע האַלטונג פון ענגלאַנד. בא זײן פארבינדעטן האָט גרײ מיט זײן התראה גע־פועלט אין גאַנצן, באַם קעגנער האָט זײן סטראַשונעק נאָר האַלב געווירקט. פאריז, פעטערבורג און בערלין פילן זיך גענוג אומזיכער, בכדי צו מאַכן האַלט; ווין אָבער בלײבט אין לײכטזי־ניקער עקשנות פעסט באַם באַשלוס אויסצונוצן אין גאַנצן דעם דײטשן בלאנקאָ־וועקסל.

*

אין בערלין האָט זיך די שטימונג פארפינסטערט. מען מערקט, עס ווערט ערנסט, רוסלאַנד מאָביליזירט. מען באמערקט ניט, אַז מען האָט אלײן פארזאמט, גאָר דער כעס ווענדט זיך קעגן ווין.

מער פון אלעמען דערשרעקט זיך דער קיסר.

צי האָט ער דען ניט אומגעביטן זיין האַלטונג?. אז ער לייענט אין איין באַריכט מכח דער שווערער אחריות, וואס עסט־רייך האָט גענומען אַף זיך, פאַרשרייבט ער דערביי. „דאָס איז דאָך די זאָרג, וואָס מיך האָט אָנגעפילט, אז איך האָב איבערגע־לייענט דעם סערבישן ענטפער". אַז עס גייט די רייד דאָרט מכח דער האָפענונג, „דער קיסר זאָל געבן עסטרייך די גוטע עצה, ניט איבערצושפּאַנען דעם בויגן". פאַרשרייבט ער: „דאָס זיינען פראַזעס, ארופצואווארפן די אחריות אַף מיר". און אַף דער עצה, איבערצוגעבן דעם ענין דעם האגער טריבונאַל, האָט ער נאָר איין וואָרט: „שטות!" אין דעם פּרט האָט ער פאַר זיבן יאָר ניט גע־ביטן זיין מיינונג.

אין אוונט האַלט מען אָפּ קרוין־ראט אין פּאטסדאַם, באַם טיש זיצן מיניסטאָרן און גענעראַלן: מען באַשליסט מאָביליזאציע אפן פאל פון דער אלגעמיינער רוסישער מאָביליזאַציע, נאָר מען זאָגט דאָס נאָך ניט ארוים. דעם צאַרס וואונק קיין האג איגנאָ־רירט מען, ווארום זיין מאָביליזאַציע האָט דירעקט פאַרשפּאַרט דעם וועג אהינצו. נאָר וואָס געשעט מיט ענגלאַנד? געדולד. אין יענעם אוונט וועט בעצמאַן מאַכן זיין מייסטער־שטיק.

אין דער זעלביקער נאַכט קומט אָן פון ענגלאַנד די בפיר־רושע התראה, וואָס מען האָט פריער דעם אמבאַסאַדאָר ניט גע־וואָלט גלויבן. טויט־שרעק! וואָס טוט מען? גיין צוריק! דער קיסר מוז האַסטיק נאָך א מאָל טעלעגראפירן צום צאַר. נאָכמיטאָג גייט אָפּ די דעפּעשע, וואָס עצהט סטראַשענדיק צו שלום.

בעטמאַן פאַרלירט זיך. ער זוכט צו ראַטעווען, וואָס עס לאָזט זיך; ער טעלעגראַפירט צו זיין ווינער אמבאַסאַדאָר:

„מיר זיינען אמת גרייט צו טאָן אונזער חוב לויטן בונד, מיר ווילן אָבער ניט, אז ווין זאָל אונז לייכטזיניק און אָן צו קוקן אף אונזערע עצות אריינציען אין א וועלט־שרפה". הינטער דעם קלינגט מיט התראה ביסמאַרקס שטים: „אין דעם מאָמענט ווען מען איז אין ווין געקומען צו דער איבערצייגונג, אז צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד זיינען אָפּגעבראָכן די בריקן, קומט דייטשלאַנד אריין אין סכנה צו ווערן אין א געוויסן זין אָפּהייניגיק

פון עסטרייך און צו ריזיקירן סוף כּל סוף בלוט און אייגנס פאר דער ווינער באַלקאַן־פּאָליטיק". דאָס האָט טאַקע פּאַסירט אין יולי 1914.

וואָלט דער קאַנצלער געהאַט אָפּגעשיקט די התראה טע־לעגראַם צו עסטרייך מיט פיר טעג פריער, וואלט איראָפּע גע־ווען געראַטעוועט. איצט האָט זי קיין באַטרעף מער ניט געהאַט.

וואָרום איצט האָבן די מיליטער־לייט גענומען די לייצעס אין אויסערן מיניסטעריום; אין משך פון פיר טעג וועלן זיי זיי שוין מער ניט ארויסלאָזן פון די הענט. די גענעראלן טעלע־גראַפירן קיין ווין: מאָלטקע „גיט דרינגלעך אַן עצה" צו מאָבי־ליזירן תיכּף די גאַנצע ארמיי: דאָס קלינגט ווי דער ערשטער דייטשער באַפעל. טויזנט אַנדערע וועלן קומען נאָך אים. בערכט־האָלד, אַז קאָנראַד האָט אים דעם 31־טן פאָרגעלייענט די צוויי־זייטיקע בערלינער דעפעשן, רופט אויס: „דאָס איז א קונץ! ווער רעגירט: מאָלטקע אָדער בעטמאַן? איך האָב אייך געבעטן קו־מען, ווייל איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז דייטשלאַנד גייט צוריק, איצט האָב איך פון מאָסגיביקער דייטשער זייט די דער־קלערונג וואָס באַרואיקט". ערשט דערויף ווערט אין ווין באַ־שלאָסן צו בעטן בא זיין מאיעסטעט דעם באַפעל „צו אַן אַלגע־מיינער מאָביליזאַציע". דער אַלטער קיסר האָט דאָס געטאָן, אָבער ווי ווינציק ער האָט געהאָפט, וואָס ער האָט געפילט, באַ־ווייזט דאָס וואָרט, וואָס ער האָט אין יענע טעג געזאָגט צו קאָנראַד פאָן העצנדאָרף: „אויב עס איז באַשערט, די מאָנאַרכיע זאָל אונטערגיין, זאָל זי אונטערגיין כאָטש אף א פיינעם אופן!"

אין בערלין האָט אין אָוונט דער רעגירנדיקער גענעראַל פאָן מאָלטקע געהייסן דעם קאַנצלער מבטל זיין זיין סטראַשונעק קעגן ווין: „זייט אזוי גוט די שליחות ניט אויסצופירן"; נאָר די געפּלאַנטע באַגרינדונג, „ווייל דער גענעראַל־שטאַב איז מודיע, אז (רוסלאַנדס) הכנות שטופּן צו א גיכן אַנטשייד", האָט מען ניט מוסיף געווען. ווען דליק לערכענפעלד איז מודיע, האָט מאלטקע „שוין מיט חדשים צוריק געהאַט ארויסגעזאָגט זיין מיינונג, אז דער מאָמענט איז מיליטעריש אזוי גינסטיק, אַז אַזעלכער וועט זיך אַזוי

גיך ניט אומקערן". איצט באַשטעטיקט א באַריכט פונם בייעריש׳ן מיליטער־פארשטייער אין בערלין, אַז מאָלטקע ווענדט אָן „זיין גאַנצע השפעה, אַז עס זאָל אויסגענוצט ווערן די זעלטן גינסטיקע לאַגע צו דער מלחמה; ער ווייזט אָן דערויף, אַז פראנקרייך איז מיליטעריש צעטומלט, אַז רוסלאַנד פילט זיך ניט זיכער; דערצו די גינסטיקע צייט פון יאָר, די תבואות כמעט אין גאַנצן אריינגעבראכט אין די שייערס, די אויסבילדונג פון די סאָלדאַטן פארענדיקט".

אָט דער באַריכט פון מיליטער־מאַן באווייזט, וואָס אזאַ גענעראל טראכט: געננוי די זעלביקע ווערטער, הגם זיי זיינען ניט פאַרשריבן געוואָרן, האָט אין דער זעלביקער שעה גערעדט יאַנושקעוויטש אין פעטערבורג און קאָנראד אין ווין, דער פיינט ניט פעסט בא זיך, די תבואות אין שייער, די צייט גינסטיק פארן קריג. מאָדנע, ווי אָט די אַלע לייט האָבן זיך געוואוסט צו פארוואָרענען פאר א העלדן־טויט!

אַרום האַלבן טאָג האָבן אומבאַקאַנטע געגעבן א וואונק דעם אפיציעלן „לאקאל־אנצייגער", ער זאָל מעלדן ווי א פאקט די מאָביליזאַציע, הגם זיי האָבן נאָך ניט געהאַט געפועלט באם קיסר, ער זאָל דעם באפעל אונטערשרייבן. איינס אַזייגער זיינען אַרויס אין בערלין 100,000 עקסטרא־בלעטער, אלע דיפלאמאטן טעלעגראפירן דאָס אהיים... יאַגאָוו טעלעפאָנירט צו די אַמבאסאַדאָרן און לייקנט אָפּ. קיינער גלויבט אים ניט. הוץ דעם אין די פרעמדע הויפּט־שטעט קומט די הכחשה אן אין עטלעכע שעה ארום נאָך דער ידיעה. דער צאַר טעלעגראפירט ווידער און בעט פארמיטלען. דער קיסר פאַרנאָטירט: „דערפון קאן קיין רייד ניט זיין! עס איז נאָר א מאַנעווער, בכדי אונז צו פארהאלטן און צו געווינען נאָך מער צייט. מיין שליחות איז אויס".

מיין שליחות איז אויס. הערט מען די שטים פון זיינע גענעראלן? דאָ איז ניטאָ קיינער, וואָס זאָל פרוואוון צו מאכן פּאָליטיק, ד. ה. קלערן מיטן אַנדערנס געדאנקען: צו פארגלייכן די לאגע פונם שרעקעדיקן צאַר, וואָס זיינע מיליטער־פירער טרייבן אים צו מלחמה, מיט דער לאַגע פון דעם שרעקעדיקן

קיסר, וואָס ווערט געטריבן פון די זייניקע, און צו שטאַרקן מיט איין מעכטיקן וואָרט דעם קרובֿ! נאָכדעם ווי דער קיסר האָט אין משך פון 25 יאָר געריצט אייראָפּע דורך זיינע רעדעס, אין משך פון 25 טעג ניט געלאָזן רוען מיט זיין געטריישאפט, אָן אליין צו וועלן מלחמה, דערוועט ער פּלוצים זיין אמתן שונא און פּלאַצט סוף כּל סוף ארויס מיט אזעלכע רייד, וואָס ער פאַר־צייכנט זיי אפן פּעטערבורגער באריכט, וואָס ער קריגט אין אָוונט:

„די באַרימטע ארומרינגלונג פון דייטשלאנד איז סוף כּל סוף טאַקע געוואָרן אַ פאַקט, ניט געקוקט אַף אַלע פּרואוון פון אונזער פּאָליטיק... אַ גרויסארטיקער אופּטע, וואָס דערוועקט באַ־וואונדערונג, אַפילו באַ דעם, וואָס גייט דורך דעם אונטער. עדו־אַרד VII איז נאָכן טויט שטארקער פאַר מיר, וואָס איך לעבֿ!... און מיר האָבן זיך אריינגעכאַפּט אין נעץ אין דער תמימותדיקער האָפענונג דערמיט צו באַרואיקן ענגלאנד!!! אַלע התראות, אלע בקשות פון מיין זייט זיינען געווען אומזיסט. איצט קומט דער ענגלישער אזויגערופענער דאַנק דערפאַר! פון דער דילעמע פון דער געטריישאפט צום בונד מיטן בכבודיקן אַלטן קיסר ווערט פאַר אונז געשאפן די סיטואציע, וואָס גיט ענגלאנד דעם גע־וואונשענעם אויסרייד, צו מאַכן פון אונז אַ תל... איצט מוז אָט די גאַנצע אינטריגע אָן רחמנות אופגעדעקט ווערן!! און אונזערע קאָנסולן אין טערקיי און אינדיען, אגענטן א. אז. וו. מוזן אָנ־פייערן די גאנצע מוחמדאַנישע וועלט צו אַ ווילדן אופשטאנד קעגן דעם דאָזיקן פאַרהאַסטן, ליגנערישן, געוויסנלויזן קרעמער־פאָלק; וואָרום אויב מיר וועלן אויסגיין מיט בלוט, דעמאָלט זאָל ענגלאנד כאָטש אָנווערן אינדיען“.

ווי א וואסער־פאל שטראָמען ארויס עכטע געפילן, קרומע געדאנקען, אופגערעגטע אויסגעשרייען אין די דאָזיקע זאַצן, וואָס האָבן געגעבן די דייטשע לאָזונגען אין די נאָענטסטע יאָרן. ווי איינג — און דאָך וואָסער פייער פון נקמה, וואָס פאר א ברענענ־דיקע שנאה האָט געשפּירט דער מאָנאַרך פון א מעכטיקער מלוכה צו דער צווייטער מלוכה נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט

געפילט, אַז דער ענגלישער קרוב האַלט פון איט ניט! אַז מען זעט, ווי ער הייבט אָן פונקט אזוי פּעסימיסטיש ווי זיין פאַר־בינדעטער אין ווין אן אונטערנעמונג, וואָס פון איר וואָלט ער זיך געקאָנט ארויסראַטעווען דורך א פשוטן ניין, שטעלט זיך די קשיה: וואָס האָט איט סוף כל סוף געטריבן פאָרט זיך איינצו־שטעלן קעגן דעם אייגענעם פאָרגעפיל — די שנאה צו ענג־לאַנד אָדער די שרעק פאַר די גענעראַלן?

*

אין דער דייטשער אַמבאַסאַדע אין ווין קומט אָן בעט־מאַנס דרינגלעכער באַפעל, צו זען דורכצופירן דעם ענגלישן פאָרשלאָג. היכף לאָזט זיך דער אַמבאַסאַדאָר מעלדן באַם גראַף בערכטהאָלד צו פרישטיק, נאָך איידער די בערלינער גענעראַלן באַווייזן דעם באַפעל צוריקצורופן. עס גייט, אמת, אין שעהן, עס גייט, אמת, אין דעם גורל פון איראָפּע, אָבער דער אמבאסאדאָר ווערט דורך דעם בעל־הבית געצוואונגען פאָרצולייענען די דעפּעשע ערשט נאָך פרישטיק: די דאָזיקע לייט פאַרלירן קיין מאָל ניט דעם אַפּעטיט. גראַף פאָרגאַטש, וואָס האָט אויך מיטגעגעסן, מאַכט זיך נאַטיצן. בערכטהאָלד שטייט „בלאס און שווייגעדיק״: גאָר אין לעצטן מאָמענט זעט ער, ווי זיין טייערער קריג שטייט אין סכנה! וואָס באַדאַרף מען קודם כל טאָן? פרעגט ער זיך. איבערטאָן זיך! וואָרום ער וויל פאָרן צום קיסר. דערווייל טענעט דער דייטש נאָך איין מיטן צווייטן גראַף, יענער האַלט פאַרקערט, אַז מען מוז מאַכן די אַלגעמיינע מאָבּיליזאַציע, וואָס קאָנראַד וויל היינט אין אָוונט פועלן באַם קיסר. בערכטהאָלד ווערט „געריסן אהין און אַהער דורך פאַרשיידענע השפּעות״, עס ווערט ציטירט טיסא. אין גאַנצן קאָן מען זיך ניט ארויסמאַכן און מען ווערט ערשט דעם צווייטן טאָג מוסכם אָנצונעמען פאָרמעל, אונטערן דרוק פון בערלין, גרייס פאָרשלאָג אין אַזאַ אויסגעקוועטשטן ענטפער: מען איז מרוצה „צוצוטרעטן נעענטער״ צום ענגלישן פאָרשלאָג, אויב מען מעג בינתים ווייטער מאַרשירן אין סערביען אריין.

אָבער אַפילו אָט דעם דאָזיקן פאַרשפּעקטיקטן, פערפּלדיקן הסכם פאַרהאַלט גראף בערכטהאָלד, ביז ער האָט מער ניט געקאָנט שאדן: אין משך פון צוויי טעג האָט דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר אין בערלין עטלעכע מאָל זיך נאָכגעפרעגט אפן ענטפער פון ווין. ערשט אין 24 שעה ארום איז ער אָפּגעשיקט געוואָרן קיין בערלין, פון דאָרט קיין לאָנדאָן קיין מאָל נים. די גענעראלן האָבן רעגירט. אָנשטאָט דעם איז אין ווין געוואָרן באַשלאָסן די אלגעמיינע מאָביליזאַציע, מיט עטלעכע שעה שפּעטער, ווי אין פּעטערבורג.

פונדעסטוועגן איז דאָס פאַרהעלטעניש צווישן די ציווילע באַמטע און די גענעראלן אין בערלין און ווין געווען פאַרשיידן: אין בערלין, וואו די גענעראלן זיינען געווען מער לייט, ווי די דיפּלאָמאַטן, האָבן רעגירט די גענעראלן; אין ווין, וואו די מעשה איז געווען פאַרקערט, זיינען די געריבענע דיפּלאָמאַטן געווען ביכולת צו קאָמאַנדעווען איבער די גענעראלן, אפילו אז דער קריג האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהייבן. ווי אַזוי זיי האָבן דאָס געטאָן, באַווייזט אַ טעלעגראַם, וואָס ווערט דאָ אַרויסגעטראָגן פון איר באַהעלטעניש און אויסגעשטעלט אַף לייטישן געלעכטער אין גרויל. דעם 28-טן האָט דער גענעראַל פּאָטיאָרעק, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן איינצונעמען סערביען און וועט שוין צו ווייַנאַכט זיצן ווידער אַ צעקלאַפּטער אין ווין, געקראָגן אַ טעלעגראַם, אז „קלענערע געשלעגן מיט די סערבן זיינען געוואונשן, עס זיינען אָבער ניט כּדאי קיין גרעסערע אונטערנעמונגען, וואָס וואָלטן געקאָנט פירן צו מפּלות“.

דאָס הייסט: אין הויפּטשטאָט זיצט אַ מיניסטער, וואָס האָט אויסגעקלערט אַ קריג. נאָר אַנדערע מעכטיקערע מיניסטאָרן שטערן אים, און עס שטייט פאַר אים די סכּנה פון אַ קאָנ-פערענץ, וואָס זאָל מבטל זיין דעם קריג; וויל ער דעריבער האָבּ גיכער נעמען שיסן. בכדי די האַרמאַטן זאָלן מאַכן שווייגן די דיפּלאָמאַטן: לאָזט ער טעלעגראַפירן אפן פראָנט: מאַרש פאָר-אויס! אָבער היות ווי ער לייגט ניט קיין גרויסן בטחון אַף זיינע גענעראלן, איז ער מוסיף: אָבער נאָר ניט קיין „אונטערנעמונגען“

(אן איידל וואָרט פאר שלאכטן). וואָס באַ זיי קאָן עפּעס טרעפן. נאָר עטלעכע זעצן אין דער לופט, בכדי ער זאָל קאָנען אָפּנארן אייראָפּע, און דער עיקר דעם בונד־חבר, אז דער ענגלישער שריט איז געקומען „צו שפּעט.... נאָכדעם ווי סערביען האָט אָנ־געהייבן די געשלעגען".

נאָר צוגלייך האָט בערכטהאָלד געטאָן אַ טריט קיין פּעטערבורג: איצט האָט ער ערלויבט זיין אַמבאַסאַדאָר אָנצוהייבן מיט סאַזאָנאָוון דעם „שמועס", ד. ה. ארומצורייד׳ן דעם אולטי־מאטום, אָבער ניט פאַרהאַנדלען איבער זיין „באַרעכטיקונג"! פאַר־וואָס האָט ער איצט געטאָן דאָס, וואָס ער האָט פינף טעג נאָכאַנאַנד ניט געוואָלט טאָן? איצט איז ער געווען זיכער, אַז די רוסן און די דייטשן זיינען צעקריגט; איצט האָט דער קליינער מעטערניך געקאָנט פאר עסטרייך זיך לאָזן ריידן. די נאָענטסטע טעג האָבן דאָס באוויזן.

*

אין בערלין איז געוואָרן צוגלייך פּראָקלאַמירט דער „צו־שטאנד פון קריגס־סכנה". דאָס איז א המצאה פון גענעראל־שטאַב, בכדי אין פאַל פון א קריג צו מאָביליזירן, איידער די מאָביליזאַציע איז באשטימט. די מיליטער־ליים האָבן אַפּלאָדירט צו דער פעסטער האַלטונג פון ווין. עס איז אמת געווען באַ־קאַנט בערכטהאָלדס לעצטער טריט קיין פּעטערבורג, וואָס האָט דאָך באַדאַרפט אוטאָמאַטיש ווירקן אפן פאַרבינדעטן, וואָרום עסטרייך איז דאָך געווען צעקריגט מיט רוסלאנד, ניט דייטש־לאנד; אָבער די גענעראַלן האָבן רעגירט.

אַ שעה צייט האָט דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר איינגע־טענעט מיט הער פאָן יאַגאָוו, ער זאָל נאָך איצט אָננעמען גרייס פאָרשלאָג.

יאַגאָוו: „מיר האָבן געשטעלט צו רוסלאנד אן אולטימאַ־טום פון צוועלף שעה".

גאָשען: „פאר וואָס פארלאנגט איר, אז רוסלאנד זאָל דע־מאָביליזירן אויך אין דרום?"

יאַגאָוו: „כּדי זי זאָל ניט קאָנען האָבּן דעם אויסרייד, אַז די גאנצע מאָבּיליזאַציע איז געווענדט קעגן עסטרייך".

בערלינער שטימונג אין אויסערן-מיניסטעריום לויט גראף לערכנפעלדס א פאַרקירצטן בּאַריכט:

„דעם דייטש-ענגלישן פאָרשלאָג האָט מען געקענט אין זיין אָננעמען... מאָלטקע האָט שוין מיט חדשים צוריק דערקלערט, אַז די צייט איז אַזאַ גינסטיקע פארן קריג, אַז עס וועט זיך אַזוי גיך ניט אומקערן אזעלכע. די סיבּות: די דייטשע אַרטילעריע איז בּעסער, פראנקרייך און רוסלאנד האָבּן ניט קיין שווערע האַר-מאַטן, די בּיקסן פון דער דייטשער אינפאַנטעריע זיינען בּעסער, די פראַנצויזישע קאַוואַלעריע איז גאר שלעכט אויסגעבּילדעט... די סאָציאַלדעמאָקראַטן האָבּן געטאָן זייער חוב און דעמאָנסטרירט פאַר שלום, איצט האַלטן זיי זיך שטיל... דער קיסר איז נאָך א קליינעם בּיט אין דער שטימונג איצט זייער ערנסט און זייער רואיק".

אין פּעטערבּורג איז מען געווען פונקט אַזוי פעסט. דער דייטשער אַמבּאַסאַדאָר פּאָרט נאָכמיטאָג ארויס קיין פּעטערהאָף צום צאַר, ער זאָגט: „מיין פאַרלאַנג איז אָפן צו שילדערן אייער מאַיעסטעט דעם איינדרוק, וואָס עס מוז מאַכן אין דייטשלאַנד די אַלגעמיינע רוסישע מאָבּיליזאַציע, מען וועט זי אויפנעמען ניט נאָר ווי א סטראַשינעק און אַן ארויספאָדערונג צו דייטשלאַנד, נייערט אויך ווי א בּאַליידיקונג פון דייטשן קיסר, וואָס זוכט נאָך אַלץ צו פאַרמיטלען".

דער צאַר הערט צו, „אָן ארויסצואווייזן דורך אַ מינע, וואָס עס טוט זיך בּאַ אים אין האַרצן"; דערנאָך זאָגט ער: „איז דאָס טאַקע אַזוי?"

פּורטאַלעס: „דאָס איינציקע, וואָס וואָלט געקאָנט נאָך פאַר-האַלטן דעם קריג, איז צוריקצונעמען דעם בּאַפעל וועגן מאָבּי-ליזאַציע".

דער צאַר: „איר זייט אליין געווען אַן אָפיצער און מוזט דעריבּער וויסן, אַז אַזעלכע בּאַפעלן לאָזן זיך ניט אָפּהאַלטן איבּער טעכנישע טעמים". דערויף ווייזט ער אים א דעפּעשע און אַן

אָנגעהייבּענעם בּריוו צום דייטשן קיסר; ער האַלט זיך נאָך אלץ נים פאר באזיגט. וואָרום ער שיקט אָפּ א גענעראל: קיין בּער־לין, דער דאָזיקער רוסישער שלום־גענעראל איז פּונקט אזוי אָנ־געקומען אין בּערלין, ווי בּערכטהאָלדס תשובה, אַז ער נעמט אָן דעם ענגלישן פּאָרשלאָג, איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן.

היות ווי דייטשלאנד האָט בּאַשטימט שלום אָדער מלחמה, געווענדט אָן דעם, צי רוסלאַנד שטעלט אפּ די מאָבּיליזאַציע אָדער נים, קומט אויס, אז עס איז געוואָרן קריג דערפאר, ווייל קיינער האָט נים געקאָנט פאַרהאַלטן אַ מאָבּיליזאציע „אָן אַן אומגליק".

דעם צווייטן טאָג ארום האלבער נאכט האָט גראף פּורטא־לעס איבּערגעגעבּן דעם דייטשן אולטימאטום. סאַזאנאָוו פרעגט:

„פאר וואס איז פאר אייך נים גענוג דעם צאַרס ערן־ווארט צו אייער קיסר?"

„ווייל עס איז גילטיק נאר, כּל זמן עס איז פאַראַן אַן איבּזיכט, אויסצוגלייכן דעם רוסיש־עסטרייכישן סיכסוך איבּער סערבּיען, קאָנט איר מיר גאַראַנטירן, אז רוסלאנד איז מרוצה צו האַלטן שלום, אפילו ווען זי וועט זיך נים צונויפקומען מיט עסטרייך?!

„אף דער דאזיקער פראגע קאן איך נים ענטפערן יא".

„דעמאלט קאנט איר אונז נים פארדיינקען, וואס מיר ווילן נים דערלאזן, אז רוסלאנד זאל אונז אריבּעריאגן אין מאבּי־ליזאַציע".

די דאזיקע נויטווענדיקיים באשטעטיקט דער סערבּישער אַמבּאַסאדאר, וואס האט אין דער זעלבּיקער צייט טעלעגראַפירט אהיים, „אז רוסלאַנד פאַרציט איצט די פארהאנדלונגען... בּכדי צו געווינען צייט צוליב דער קאנצענטרירונג פון איר ארמיי. אַז זי וועט זיין פארטיק, וועט זי דערקלערן קריג עסטרייך".

דאס איז אבּער נים געווען אין גאנצן ריכטיק. מיט עטלעכע שעה פריער האט סאַזאנאָוו געהאט א זייער פריינט־שאפטלעכן שמועס מיטן אמבּאסאדאר פון עסטרייך:

„מיר וועלן זיך ניט רירן, כּל זמן עס גייט נאָך א שמוּ־עס מיט ווין, בכדי זיך צונויפצורײדן, איבעריקנס האָט איר די ערשטע מאָביליזירט". דער אונגאַר פּראָטעסטירט שטאַרק. סאַזאָ־נאָוו ענדיקט דעם וויכּוח מיט דער מערקווירדיקער איראָניע: „לאָמיר אָוועקלאָזן די כראָנאָלאָגיע!" דערנאָך רײדן זײ איבער דעם אולטימאַטום, פּונקט ווי מיט פינף טעג פריער. צום סוף דערקלערט סאַזאָנאָוו, אַז עס איז אים א סך גרינגער גע־וואָרן.

*

נאָך אײדער דער אולטימאַטום איז איבערגעגעבן געוואָרן אין פּעטערבורג, האָט דער קיסר געהאַלטן זײן ערשטע קריגס־רעדע פון בערלינער שלאָס אַראָפּ: ער האָט גערעדט פון שווערד פון גאָט און פון זײנע קעגנער.

דערווײל האָט מען זיך געמאַטערט מיט דער פאָרמאַלער פראַגע, ווי אַזוי דערקלערט מען קריג. מען האָט געשריבן גלײך צוויי קריגס־דערקלערונגען (אײנע שוין אין פאָראויס פאַר פראַנק־רײך). מען האָט א סך געאַרבעט, דער פראַנצויזישער נוסח זאָל אַרויסקומען גוט און געניי. ביז מען האָט געפונען, אַז מען דאַרף שרײבן, אַז מען נעמט אָן די אַרויספאָדערונג.

אײנס אזייגער באַטאָג האָט מען טעלעגראַפירט דעם אַמ־באַסאַדאָר, אַז פינף אַזייגער זאָל מען זי איבערגעבן דאָרט. צוויי אַזייגער איז פּלוצים אָנגעקומען אין בערלין א נײע דעפּעשע פון צאַר. אָבער דערווײל האָט קײנער ניט געקלערט מכּה טעלע־גראַפירן דעם אַמבאַסאַדאָר, ער זאָל פאַרהאַלטן די קריגס־דער־קלערונג, הגם עס איז געווען דעם צאַרס פאַרשטאַנדיקסטע דע־פּעשע: „איך פאַרשטײ, אַז דו ביסט געצוואונגען צו מאָביליזירן, איך וואָלט אָבער וועלן פון דיר די זעלביקע גאַראַנטיע, וואָס איך גיב דיר, דאָס הײסט, אַז די דאָזיקע שריט באַטײטן נאָך ניט קײן מלחמה, און אַז מיר וועלן ווײטער פאַרהאַנדלען."

יאַגאָוו און צימערמאַן פאָרן טאַקע אין שלאָס אַרײן, בכדי צו פאַרהאַלטן די מאָביליזאַציע, הגם זײ פועלן דאָס ניט, פונ־

דעסטווינגן בלייבן זיי ביידע אף זייערע פאסטנס, איינער צוויי יאָר דער צווייטער נאָך דריי יאָר.

5 אזייגער נאָכמיטאָג קומען ארויסגעפלויגן פון שלאס און אראָפּ אונטער די לינדן אויטאָס, אין זיי שטייען אָפיצערן, פאכן מיט טיכלעך און שרייען דורך די קולאַקעס: מאָביליזאציע!! דער המון לויפט נאָך און שרייט און קוועלט.

נאָר באַם שלאָס גופא, באַם קיסר אונטער די אויגן גייט אַלץ צו פרייסיש־רואיק, דער באַריכט זאָגט: „לויטן קיסרס באַפעל איז א ווײלע נאָך פינף אזייגער ארויס א פאליציסט פונם טויער פון שלאָס און האָט געלאָזט וויסן אלע, וואָס האָבן געוואָרט, אַז עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאביליזירן. דער המון איז שטאַרק גערירט און הייבט אָן זינגען די קירכן־ליד: „איצט דאַנקט אלע גאָט!"

*

דער אויסערן־מיניסטעריום האָט ניט נאָר צונויפגעשטעלט די קריגס־דערקלערונג אין פראנצויזיש, נייערט אויך שיפרירט זי אין צוויי נוסחאות און איבערגעשיקט צום פעטערבורגער אמבאַסאַדאָר; עס האָבן געקאָנט זײן צוויי פאלן: אדער דער קעגנער ווארפט אָפּ אדער ער שווייגט.

גראף פורטאלעס לאָזט ניט איבערשרייבן די נאָטע אין צוויי נוסחאות באַזונדער, הגם דאָס וואָלט גענויערט איבעריקע פינף מינוטן, ער „האָט ניט קיין צייט" און שטעקט אריין האַסטיק אין קעשענע די אָפּשיפרירטע דעפּעשע און פאָרט צו סאַזאָנאָוון.

„נאָך דריי מאָל פרעגן, צי ער וויל מיר ניט געבן קיין ענטפער אף מיין לעצטן ארויסטרעט.... האָב איך אים פאָרגעלייענט די אָנגעשריבענע דערקלערונג" און איבערגעלאָזן באַם פיינט דאָס פאפיר. אַז ער איז אַוועק, לייענט דער רוס די דאָזיקע דייטשע קריגס־דערקלערונג אין צוויי נוסחאות: „היות ווי רוסלאַנד האָט ניט נאָכגעגעבן דער דאָזיקער פאָדערונג (האָט ניט געפונען פאר נויטיק צו געבן קיין ענטפער) און דורך אָט

דעם אָפּזאג (דורך אם דער האַלטונג) באַוויזן, אז איר טועכץ איז געווענדט קעגן דייטשלאַנד, האָב איך דעם כבוד מודיע צו זיין אייער עקסעלענץ אין שליחות פון מיין רעגירונג אָט וואָס: זיין מאַיעסטעט דער קיסר, מיין געהויבענער מושל, נעמט אָן די אַרויספאָדערונג אין נאָמען פון דער אימפּעריע".

אזאַ בריה איז געווען גראף פּורטאלעס.

נאָך האַלבער נאַכט קומט פּלוצים אָן צום צאר אין פּעטערבורג א נייע דעפּעשע פון דייטשן קיסר, וואָס האָט נאָך אין לעצטן מאָמענט געוואָלט אָפּווענדן דעם קריג. די דעפּעשע איז אָפּגעגעבן געוואָרן אין בערלין דריי שעה נאָכן איבערגעבן די קריגס־דערקלערונג, און ווארנט. די רוסן זאָלן נים אריבערטרעטן דעם גרענעץ, ד. ה. בעצם, אז דער דייטשער קיסר איז מבטל די קריגס־דערקלערונג. אונטערגעשריבן: ווי ל י.

א לעצטע האָפענונג כאַפּט זיך אויף באַם רוסישן קיסר. ער קלערט: — דאָס איז דאָך כמעט ווי גענומען צוריק די קריגס־דערקלערונג לכל הפחות, עס ווערט געשטעלט א תנאי! נעכטן האָב איך אוועקגעשיקט מיין אדיוטאַנט קיין בערלין! האלט איך אָפּ דאָס מילימער באַם גרענעץ, קאָן מען נאָך אלץ איבער־קערן! תיכף טעלעפאָנירט ער צו סאזאנאָוון די דעפּעשע און הייסט אים וואָס גיכער זיך צונויפריידן מיטן דייטשן אמבא־סאַדאָר.

עס איז ארום פיר אזייגער אינדערפרי. גראף פּורטאַלעס האָט די גאַנצע נאַכט זיך געפּאקט. אז מען קלינגט אים אָן, מיינט ער, א רוח פון יענער וועלט רופט אים. ווי? איז דאָס טאַקע דער זעלביקער מיניסטער, וואס ער האָט אים אקאָרשט דערקלערט קריג? וואָס האָט דער צאַר געקראָגן? א נייע דעפּע־שע פון קיסר? גאָט מיינער! סאַזאָנאָוו באשטעטיקט דייטלעך דעם טעקסט פון דער טעלעגראם און די שעה, ווען זי איז ארויסגע־שיקט געוואָרן, דערנאָך פרעגט ער:

„ווי זאָל איך צונויפבינדן די דאָזיקע טעלעגראם מיט אייער קריגס־דערקלערונג?"

נאָך אמאָל גנבעט זיך אריין דער שכל אין די קרייזן פון שוואכע אדער פאַרבראַכערישע דיפּלאָמאַטן. דאָס לעצטע מאָל! וואָס וועט טאָן דער דייטשער גראַף? וועט ער ניט אויסרופן אין טעלעפאָן: איך קום! און וועט פאָדערן א הוט און א קאַראָטע. אַראָפּלויפן די טרעפּ, בכדי אין פינף מינוט ארום צו האלטן אין די הענט די טייערע דעפּעשע פון זיין האַר אדער לכל הפּחות אַ קאָפּיע פון איר?

גאָרנישט. ער איז אַ דיפּלאָמאַט, ד. ה. ער ווייס, וואָס עס געשיקט זיך צו טאָן, נאָכדעם ווי מען האָט דערקלערט קריג. און כאַזאָנאָוו הערט אין טעלעפאָן נאָר די דאָזיקע ווערטער (וואָס פורמאַלעס האָט אליין זי. פארצייכנט אין זיינע מעמוארן):

„איך באַדויער, וואָס איך קאָן דעריבער ניט געבן קיין דערקלערונג. אפשר איז די דאָזיקע טעלעגראַם פון פריער, איידער די, וואָס אין איר האָט מען מיר אָנגעוויזן, אָפּצוגעבן די דערמאָנטע דערקלערונג. אין איבריקן מוז איך בעטן, זיך צו ווענדן צום אמעריקאַנישן אַמבאַסאַדאָר, וואָס האָט איבערגענומען אונזערע אינטערעסן, אין פיר שעה ארום פאָרן מיר אָפּ“. און הייגנט אוף דאָס טרייבל.

„אפשר“, „דערמאָנטע דערקלערונג“, „אין איבעריקן מוז איך בעטן“: קאַלטקייט. לייכטזין, דער ווילן צו מאכן זיך גרינגער: טיפּישע האַלטונג פון אן אייראָפּייאישן דיפּלאָמאַט. אָבער נאָך דעם פאַרלאָרענעם קריג וועט דער הער גראַף ניט אויסגעלאַכט פון וועגן זיין „טאָפּעלער קריגס־דערקלערונג“ און ניט עס משפּט אים דאָס פאָלק, פאר וואָס ער האָט ניט אָנגענומען דעם קיסרס דעפּעשע.

## עלפטער קאַפּיטל.

## די נייטראַלע.

די באַלקאַן־מלוכות זיינען אין אָנהייב געווען צו אָפּגעהיט. אַז זיי זאָלן זיך אָפּן שטעלן אַף דעם אָדער יענעם צד. אַלע פינף זיינען די ערשטע חדשים אָדער יאָרן לאַנג געבליבן נייטראַל.

רומעניען איז באַהאַלטענערהייט געווען פאַרבונדן מיטן דרייבונד; אין דער פּראַקטיק האָט זיך אַרויסגעוויזן אין גיכן, אַז דער דאָזיקער פיר-בונד איז נאָר אַ צווייבונד. איין יאָר פאַר דער מלחמה, אַז דער עסטרייכישער אַמבאַסאַדאָר גראַף טשערנין האָט גענומען צורײדן, מען זאָל פאָרלייגן דעם געהיימען בונד פאַרן פּאַרלאַמענט, האָט דער אַלטער קעניג זיך דערשראָקן אַף טויט. שוואַך, פּונקט ווי די איבעריקע מלכים פון אייראָפּע, אַ האָהענ-צאָלער, אַ מאַן פון אַ פּאָטענטירנדיקער פּרינצעסין, שטענדיק געענטפערט צו די אָרנטלעכע פּויערים פון זיין שטאַט-פרעמדן לאַנד, אײדער צו די באַלקאַנישע אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן רעגירט איבער דעם: האָט קעניג קאַראָל צוגעלאָזן צום שיסל די פּאַרטייען אײנע נאָך דער אַנדערער. און דערפאַר האָט ער שטאַרק מורא געהאַט פאַר אַן אָפענעם בונד.

און דאָך האָט מען געקאָנט צוציען אַפילו די ליבעראַלן, וואָס האָבן געצויגן צו פראַנקרייך, אויב מען זאָל זיי געווען אָפּ-געבן זיבנבירגן מיטן מיליאָן רומענער, וואָס זיינען עטלעכע יאָרהונדערטער געווען אונטערטעניק די מאַדיאַרן. די ליבעראַלן, וואָס האָבן זינט 1913 רעגירט אין רומעניען, האָבן אָנגעבאָטן אַ פאַרבינדונג מיט דער מאָנאַרכיע אין זין פון פראַנץ פערדינאַנד. אָבער טיסאַ האָט נישט געוואָלט, אויך דער אַלטער קיסר איז גע-ווען קעגן, דוקא ווײל זיין פּלימעניק איז געווען פאַר. אַז ער איז דערהרגעט געוואָרן, איז מען געווען אין בוקאַרעשט שטאַרק אויפ-געררודערט: אַ פריינט פון רומעניען איז געפאַלן.

דער אולטימאַטום פון ווין צו סערביען האָט די דאָזיקע שטימונג אומגעביטן „אין עטלעכע שעה". בשותפות מיט סערביען האָט מען אָקאָרשט געהאַט געזיגט, האָט מען עסטרייך דערקלערט פאַר משוגע, מען האָט געזען, אַז אין דער מלחמה, וואָס הייבט זיך אָן, וועט מען קאָנען פאַרווירקלעכן די תביעות אף זיבנבירגן גיכער ווי נייטראַלע, אײדער ווי פאַרבינדעטע. דער באַלקאַנישער קעניג מיטן דייטשן הארץ האָט נישט געלאָזן דעם עסטרייכישן אַמבאַסאַדאָר דערלייענען דעם אולטימאַטום ביזן סוף, און האָט אויסגערופן אויסער זיך: „דאָס איז דאָך דער וועלט-קריג!" און

האָט באַדאַרפט אַ לאַנגע צייט, ביז ער איז פּאָליטיש געקומען צו זיך. אין זיין טאָג־בוך פאַרצייכנט ער: „עס איז ניט זיכער, אַז דער מאָרד איז צוגעגרייט געוואָרן אין בעלגראַד". ער האָט געפילט, אַז זיין געהיימער בונד איז געבליבן היינגען אין אַ פּוסטן חלל, און אַז דער עסטרייכער האָט אין עטלעכע טעג אַרום אים גענומען באַם וואָרט: ער מוז מיטגיין, ווייל אָפּגערעדט איז אָפּגערעדט, וואַרפט זיך דער קעניג אַרוף מיט געוויין אויף זיין שרייבטיש און וויל זיך אַראָפּרייסן פון האַלז דעם פּרייסישן הויכן אָרדן, וואָס ער טראָגט.

דערווייל טעלעגראַפירט דער דייטשער קייסר קיין בוקאַ־רעשט, „ווי אַ האָהענצאָלער", און סטראַשעט במעט. קרוין־ראָט. דער קעניג שלאָגט פאָר צו העלפן עסטרייך; נאָר איינער, פּעטער קאַרפּ, שטימט פאַר. אַלע איבעריקע האַלטן, אַז דער בונד איז ניט מחייב צוצושטיין, ווייל ווין איז אַרויסגעטראָטן אין בעלגראַד, ניט אָנגעפרעגט פריער באַ רומעניען, דער אמתער טעם אָבער, פאַר וואָס מען איז קעגן, איז אונגאַרן, וואָרום פאַר וואָס זאָלן זיי אַרויסהעלפן דעם דאָזיקן דם־שונא פון אַ צרה? דער קעניג פאַר־זיכערט לכל הפּחות, אַז עסטרייך באַדאַרף איר רומענישן גרענעץ ניט שיצן: „כל זמן איך בין קעניג, וועט רומעניען קיין מאָל ניט אַרויס אין מלחמה קעגן עסטרייך!"

אָבער בראַטיאַנו, דער פּרעמיער, געשטימט פראַנצויזיש, טראַכט באַ זיך, אַז אַלטע מענטשן קאָנען שטאַרבן, און באַ־שטעלט אַף יעדן פאַל נייע האַרמאַטן, פאַרשטייט זיך, בּאַ קרופּן.

*

בולגאַריען פילט זיך צוגעצויגן אַבּן צד פון דייטשלאַנד, מחמת איר שנאה צו די סערבן און איר פיינטשאַפט מיט די רוסן; זי וואָלט צוגעשטאַנען צום דרייבונד, ווען יענער וואָלט איר גאַראַנטירט די פאַרלאָרענע געביטן. פונדעסטוועגן וועט דאָס גע־דויערן אַ יאָר, איידער מען בינדט זיך. מאָנטענעגראָ ווידער, וואָס איז סערביש, נאָר זי האָט סערביען פיינט, שטעלט אָפּ אַף

גיך אירע קונצן: דער קעניג פון די שווארצע בערג האָט זינט לאנג געהאַט איינגעקויפט אין פאריז און אין ווין רוסישע פּאַפּירן, און דערפאר איילט ער זיך „מהמת ליידנשאפט" צו הילף זיינע באַדריקטע ברידער, וואָס רוסלאנד איז מיט זיי פארבונדן. צי מיינט ער אופצוהאלטן די רוסישע פּאַפּירן דורך די נצחונות פון זיין אַרמיי אָדער גלויבט ער אין די רוסישע פּאַפּירן און איז צוליב זיי מקריב זיין אַרמיי? ער וועט פארלירן אי זיין געלט אי דעם קריג און זיין לאַנד.

די קעניגין פון גריכנלאַנד איז אין יולי געווען אין בערלין צו גאַסט באַ איר ברודער, דעם קיסר. ער האָט געפּאָדערט גריכנלאנד, זי זאָל צושטיין צום דרייבונד, זיך פאַרופן דערביי אויף אַ טערקיש-בולגאַרישן בונד מיט דייטשלאַנד, וואָס איז נאָך ניט געווען. קאָנסטאַנטין האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שטיצן בולגאַריען, זיין נעכטיקן שונא: „אין דעם פאַל וועל איך ניט שטיין אפן צד פון עסטרייך קעגן די סלאַוון, ווי עס שטייט אין טעלעגראם פון אייער מאַיעסטעט".

דער קיסר איז אויסער זיך, אָבער היות ווי קאָמאַנדעווען גייט דאָ ניט אָן, פּרואווט ער זאָגן מוסר: „איך באטראכט דאָס פאַר זעלבסטפארשטענדלעך, אז שוין דער אָנדיינק פון דיין פאָטער, וואָס איז געפאלן דורך דער האַנט פון אַ מערדער, וועט דיך אָפּהאלטן פון צו שטעלן זיך אפן צד פון די סערבישע רוצחים". אויב ניט, סטראַשעט ער אים מיט אָנפאל פון די דריי פארבינדעטע, צוגלייך ווערן איבערגעריסן די פּערזענלעכע באַ-ציאונגען, הגם די שוועסטער איז נאָך אין בערלין. נאָר דער קעניג דערשרעקט זיך ניט און טעלעגראפירט, אַז ער בלייבט נייטראל.

אין קאָנסטאנטינאָפּאָל — פּונקט ווי אין לאָנדאָן און וואַשינגטאָן — האָט דייטשלאנד געהאט גוטע פארטרעטערס: נאָר וואנגענהיים און ליכנאָווסקי האָבן אין יולי 1914 געוואָרנט דעם צענטער. בערנסטאָרף האָט אין 1916 ניט מורא געהאט אפילו פאַר לודנדאָרפן, דעם דילעטאנטישן דיקטאַטאָר. פאָן וואַנ-גענהיים האָט זיך ארויסגעזאָגט קעגן פאַרבינדן זיך מיט טערקיי,

אז בערלין איז צו אים צוגעשטאנען, ער זאָל שליסן א בונד מיט טערקיי, ענטפערט דער דאָזיקער מלוכה־מאן: דער קריגס־מיניסטער האָט אים אפילו אָנגעבאָטן אַ בונד, ער האָט זיך אָבער דערפון אַרויסגעמאכט, און דערקלערט מיט צווינגענדיקע ראיות, פאר וואָס. דערויף שרייבט דער קיסר: „באַלבעריי. זאָל ער זי נאָר פארבינדן, דאָס איבעריקע וועט רעכט ווערן, זי באָט זיך דאָך אָן דירעקט!!!"

אָט די דאָזיקע נאטיץ דעם קיסרס, וואָס איז פארצייכנט געוואָרן, נים צו פרעגן בא קיינעם און אָן א ישוב־הדעת, האָט באַשלאָסן די טערקישע פראַגע, ממש ווי אין לודוויג XIV צייטן. וואַנגענהיים האָט דאָס אָנגענומען ווי א באַפעל און האָט אָפּגע־שלאָסן קעגן זיין איבערצייגונג דעם בונד מיט טערקיי, וואָס האָט סוף כל סוף ביידע צדדים קיין גוטס נים געבראכט.

דער בונד איז געוואָרן געשלאָסן אַף פיר יאָר. ווי דאָס האַרץ וואָלט זיי געזאָגט, אז אף מער וועט באביידן קיין כוח נים קלעקן.

*

זינט יאָרן האָט איטאליען געהערט צום דרייבונד נאָר אף פאַרגעלטע פאַפּירן, וואָס זיינען געלעגן איינגעשלאָסן אין דריי אייזערנע שראַנק, פאר קיינעם נים באוואוסט. מים רוסלאנד און פראנקרייך האָט זי געהאט זיך צונויפגערעדט; די שנאה פון דער נאַציע איז געווען געווענדט נאָר קעגן דער פאַרבינדעטער עסט־רייך. זי האָט דעריבער געמוזט זיין אין צווייען אָפּגעהיט, אויב זי האָט געוואָלט אריינציען די פארבינדעטע אין אירע אַוואַנטיו־רעס. און טאקע מים א יאָר פריער האָט זיין אָנגעפרעגט אין ריים, צי זי מעג קעמפן קעגן סערביען. דעמאָלט איז פון רוים אָנגעקומען דאָס זעלביקע „וועטאָ", ווי פון בערלין, סאַן־דזשוליאַנאָ, דער אלטער, אָפּגעהיטער פירער פון איטאליען, האָט פונקט ווי דזשאָליטי געוואָרנט פאַר אָט דער „געפערלעכסטער אַוואַנ־טיורע".

— דאָס מאָל טוען מיר דאָס אף דער אייגענער אחריות, האָבן זיך געקלערט די ווינער גראָפן. נאָר אַלע קונצן פון דער עסטרייכישער דיפּלאָמאַטיע און אַלע אינסטרוקציעס צו די אַמבאַסאַדאָרן האָבן ניט געהאָלפן, און איידער דער אולטימאַטום איז נאָך געווען אָנגעשריבן, האָט שוין דער איטאַליענישער מיניסטער געקעמפט קעגן אים און האָט דערקלערט דעם דייטשן אַמבאַסאַדאָר, אז לויט דער מיינונג פון די איטאַליענישע יוריסטן קאָנען אף קיין רעגירונג, ממילא אויך אַף דער סערבישער, ניט אַרופוואַרפן די שולד פאַר פּאָליטישער אַגיטאַציע, דערפאַר וועט איטאַליען ניט נעמען קיין אָנטייל, אויב עסטרייך האָט בדעה אַרויסצוטרעטן קעגן סערביען. אויך דער דייטשער מיניסטער האָט מודה געווען, אז אין סערבישן קאָנפליקט איז דער בונד ניט מחייב איטאַליען צוצושטיין.

דער דייטשער אַמבאַסאַדאָר אין רוים, הער פאָן פלאָטאָוו, אַ שוואַכער און קראַנקער מענטש, האָט פאַרשטאַנען דעם מצב און האָט פון אָנהייב אָן געוואָרנט. דער עסטרייכישער אַמבאַסאַדאָר, הער פאָן מעריי, אויך אַ שלאַפער מענטש, אָבער אַן עקשן און אַ פאַרבלענדטער, האָט אָפּגעשטופּט אַלצדינג, וואָס וואָלט געקאָנט צוציען דעם פאַרבינדעטן. אַלע די סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט על פּי רוב ניט אין רוים, נאָר אין די בערג, וואו מיניסטאָרן און דיפּלאָמאַטן האָבן זומער זיך אויסגערוט. אָבער שטענדיק פלעגט זיך מאַכן אַזוי, אז די מיניסטאָרן פלעגן אַנטלויפן קיין רוים, בעת זיי האָבן מורא געהאַט פאַר אַ באַזוך פון די אַמבאַסאַדאָרן, און אז די דיפּלאָמאַטן פלעגן אָנקומען אין רוים, פלעגן זיי שוין די מיניסטאָרן דאָרט ניט דערוויסן.

אַזוי איז געפּלאַצט דער פּראָוואָו פון ווין צו זיין העפלעך כאָטש אין לעצטן מאָמענט: דער עסטרייכער איז, ווי אין פילם, נאָכגעלאָפן אין אַן אויטאָמאָביל דעם אויסערן־מיניסטער קיין רוים, כדי אים באַקאַנט צו מאַכן מיטן אולטימאַטום צו סערביען מיט אַ טאָג פריער פאַרן איבערגעבן. דער מיניסטער האָט אים ניט געקאָנט אויפנעמען, איז אויעקגעפאָרן. דערנאָך איז דער עסטרייכער פאַרשלאָפט געוואָרן, און ערשט אפן אַנדערן טאָג איז א

באאמטער פון דער אַמבאַסאַדע אָנגעקומען צום מיניסטער, וואָס האָט שוין לאַנג געוואוסט אַלצדינג.

פאַקטיש איז ניט געווען וואָס צו מאַן: ביידע, דער פּרע־מיער און דער אויסערן־מיניסטער, סאַלאַנדראַ און סאַן דזשוליאַנאָ, דער צווייטער אַן אַלטער גוטער פריינט פון דייטשלאַנד, דער ערשטער אַן אינטריגאַן, האָבן דערקלערט: איטאַליען איז נייטראַל, ווייל דער דרייבונד איז נאָר דעפענסיוו, אַף זיך צו פאַרטיידיקן; יווין איז אָבער קענן בעלגראַד אָפענסיוו. זי פאַלט אָן; אגב, האָבן מיר לויטן אַרטיקל VII פון אָפּמאַך אַ רעכט אַף קאָמפּענסאַ־ציע, ווען עסטרייך זאָל ווערן געשטאַרקט דורך איינגעמען לאַנד אַפן באַלקאַן.

האָט די בערלינער רעגירונג גענומען אַרבעטן אַף אַלע כּלים, בכדי אַרייננצוציען איטאַליען אין קריג, זי האָט גענומען מעגלעך מאָנען בא ווין, זי זאָל עפּעס צוזאָגן איטאַליען, בכדי זי זאָל אַרויסטרעטן, אָבער ווין האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַרעקשנט און טעמפּ. דער דייטש איז אַזוי אומגעדולדיק, אַז ער האָט גע־נומען אַף זיין אייגענער אחריות ריידן אין רוים מכּח וואַלאָנאַ, נאָר דאָרט האָט מען דאָס מיט ביטול אָפּגעוואָרפן. דער עסט־רייכישער אַמבאַסאַדאָר אין רוים האָט געטענעט, אַז מען טאָר קיין זאַך נים אָנבאָטן, וואָרום דאָס וועט נאָר פאַרגרעסערן די תּביעות, און האָט דערביי געבראַכט אַזאַ משל: „דאָס וואָלט גע־ווען, ווי מען זאָגט צו אַ גוטן פריינט, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין דונאַי: איך צי דיך ניט אַרויס; טאָמער אָבער קאַראַפּקעסטו זיך אַרויס מיט די אייגענע כּוחות, מוזטו מיר געבן אַ פאַר־גיטיקונג“.

אַז הער פאָן מעריי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין רייסנדיקן שטראָם פונם דאָזיקן משל, האָט אים קיינער פון דאָרט ניט אַרויסגעשלעפּט. ער האָט ניט באַמערקט, אַז עסטרייך האָט פאַר־קערט מיטן אייגענעם ווילן זיך געהאַט אַריינגעוואָרפן אין דונאַי און איז געשוואומען קיין בעלגראַד מיט געשרייען: עס איז מיר וואויל אַ מחיה! אַזאַ ספּאָרט האָבן נאַטירלעך געקאָנט פאַרטראָגן נאָר די געטרייע דייטשן. הער פאָן מעריי איז אָבער אַזוי צו־

פרידן. אז ער בעט די ערלויבעניש צו זאָגן אין רוים: „אויב איטאַליען וועט ניט טאָן איר חוב אלס פאַרבינדעטע ביז לעצט, וועלן מיר זיך אויך אָפּזאָגן פון אונזערע התחייבותן און באַטראַכטן איטאַליען ווי ארויסגעטראָטן פון דרייבונד".

צום שבח פון גראף בערכטהאלד מוז מען זאָגן, אז ער האָט ניט אָנגענומען דעם משונהדיקן פאָרשלאג פון זיין אמבאַסאַדאָר, ער האָט פאַרקערט מרמז געווען אף קאָמפּענסאציעס, טאָמער וועט עסטרייך מיט דער הילף פון איטאַליען עפּעס איינעמען אַפן באַלקאַן.

אָבער דער דאָזיקער שריט איז געווען פיל צו קליין און פיל צו שפּעט געטאָן, וואָרום בינתים איז ענגלאַנד אַריינגעטראָטן אין דער מלחמה, און מיט א קליינעם פּלאָט און א נאָך קנאַפּערן שוץ פון די ברעגעס האָט איטאַליען זיך ניט געקאָנט אריינלאָזן אין א קריג קעגן ענגלאַנד. סאַן דזשוליאַנא האָט, בכן, געפּאָדערט משכנות פאַר זיין נייטראַליטעט. אַז ער האָט צולעצט דערמאָנט דאָס וואָרט טרענטינא, האָט הער פאָן מעריי אָפּגעהאַקט דעם שמועס מיט די ווערטער:

„אויב איך בין אין משך פון די יאָרן אין אונזערע וויכוחים געוואָרן אמאָל שאַרף, ניט ווי דער שטייגער פון דיפּלאָמאַטן, פאַריכט איך איצט דעם דאָזיקן פעלער דורכדעם, וואָס איך ענטפער ניט מיט א גראַבקייט אף אייערע ניט דערלאָזלעכע רייד".

מיט דעם דאָזיקן גרויסאַרטיקן זשעסט איז דער עסטרייכישער מלוכה-מאַן אוועק פון איטאַליען און פריי געלאָזן איר דעם וועג זיך צו פאַרבינדן מיטן צד שכנגד.

און אַז קיסר ווילהעלם האָט געלייענט וויקטאָר עמנואלס דעפּעשע מיט די האַלבע דיבורים, האָט ער ניט נאָר אָנגעשריבן דערויף: „חוצפּה! זשוליק!", נייערט עס איז אים מיט אמאָל ליכטיק געוואָרן אין מוח און ער פאַרצייכנט: „די פאַרבינדעטע פאַלן נאָך פאַרן קריג אראָפּ ווי פאַרפוילטע עפּל! א פולקומע מפּלה פון דער דייטשער און אויך עסטרייכישער אויסווייניקסטער

דיפלאָמאַטיע. דאָס וואלט מען געקאָנט און געמוזט אויסמיידן". קיין מאָל האָט ווילהעלם דער צווייטער ניט געזען ריכטיקער און ניט גערעדט אמהער.

*

אז אין בריסל איז געגאַנגען איבער די גאסן יענע גוואלדיקע מאַסע, וואָס זשאָרעס רעדע האָט געהאַט אָנגעפייערט און האָט געשריען: נידער דעם קריג! האָט דער דייטשער אמבאַסאדאָר געמאָלדן דאָס קיין בערלין מיט דער הוספה: „א רעדע וואָס איבערגעבן איר אינהאַלט איז ניט כדאי".

דער דאָזיקער הער פאן בעלאָוו וועט מאָרגן קריגן צוגעשיקט דורך א קוריער א סודותפולן קאָנווערט מיטן באפעל צו עפענען אים, ווען ער וועט קריגן א טעלעגראַם. און אין דער אמתן האָבן די דייטשן ניט לאַנג געפייניקט דעם פארמשפטן מיט ספק. דאָס האַרץ האָט אים דאָס שוין לאַנג געזאָגט. זינט יאָרן איז די פירער פון בעלגיען געווען באוואוסט גראף פאָן שליפנס פלאַן, דורכצומאַרשירן דורך בעלגיען, בכדי איינצונעמען פראנקרייך. די דייטשן אָבער האָבן דאָס שטענדיק געלייקנט.

מיט דריי יאָר צוריק האָט בעטמאַן דאָס אָפּגעלייקנט אין רייכסטאג, מיט פופצן חדשים פריער יאַגאָוו — אין דער קאָמיסיע. אָבער אַז דאָס בעלגישע קעניגלעכע פאָר פאלק האָט באַזוכט בערלין, האָט ווילהעלם געמאַכט באַם טיש אזאַ „וויציקע" באמערקונג מכח דעם ענין, אז דער מיניסטער האָט נאָך אפּן וואָקזאַל געמוזט באמיען זיך צו פארווישן דעם איינדרוק באַם איבערגעשראקענעם קעניג, און האט דאָס ניט געקאָנט. אָט די מעשה, צוגלייך דאָס, וואָס דייטשלאַנד האָט געבויט סטראטעגישע באַנען, אויך ידיעות פון פראנצויזישע אגענטן האָבן געהאַט אזוי געפעסטיקט דעם גלויבן אין דעם דאָזיקן דייטשן פלאַן, אַז דער בריסעלער גענעראל-שטאַב האָט אָפּגערעדט מיטן בריטישן מיליטער-אטאַשע מכח אַלע הכנות פאר אן ענגלישן קאָרפוס, וואָס דאַרף אראפּגעשיקט ווערן קיין בעלגיען בא אַ דייטשן אָנפאַל. קיין מיניסטאָרן האָבן ניט פארהאנדלט, אין די פאפירן שטייט

כסדר בפירוש: אויב די דייטשן וועלן אָנפאלן. דאָס, וואס עס רעדט זיך דערביי ניט מכּה אַן אנפאל מצד פראנקרייך, באווייזט גאָרנישט לטובת פראנקרייך, נאָר מער ניט, אַז אין בעלגיען האָט מען די פראנצויזן געטרויט.

מיט צוויי דורות פריער איז דאָס געווען פארקערט. בכדי ניט צו דערלאָזן, אַז לואי פיליפּ זאָל איינעמען בעלגיען, האָט פּרייסן פארגעשלאָגן די פיר גרויסע מלוכות, אַז מען זאָל גאַראנטירן אייביקע נייטראַליטעט פאר בעלגיען, אַזוי ווי פאר דער שווייץ, אַפן יסוד פון אַט דער נייטראַליזירונג איז בעלגיען געוואָרן אויסגעבויט, צווישן אירע פינף קוואַטערס, וואָס זיינען געשטאַנען בא בעלגיענס וויג, איז פּרייסן בעצם געווען דער נאָענטסטער. דער דאָזיקער גאראַנטיע־אָפּמאַך איז בעצם געווען א מוסטער פון מאָדערנער אייניקונג פאר די פעלקער פון אייראָפּע.

אָבער וואָס פאַר א באַמערק האָט דער פּייעלעכסטער אָפּמאַך, בעת עס בייט זיך דער אינטערעס — א שטיקל פּאַפּיר! אַזוי האָט געטראַכט נאַפּאָלעאָן III, וואָס האָט געוואָלט האָבן בעלגיען און האָט פארגעלייגט ביסמאַרקן די אנערקענונג פון צפון־דייטשן בונד, אויב ער וועט אים העלפן איינעמען בעלגיען. ביסמאַרק האט זיך אָפּגעזאָגט און האָט באהאַלטן די אומפּאָר־זיכטיקע פּאַפּירן פון פראנקרייך. און אַז ער איז ארויס אין מלחמה, האָט ער זיי אריבערגעשיקט קיין ענגלאַנד, וואס איר נייטראַליטעט האָט ער באַדאַרפט האָבן. בא סעדאַן וואָלט א טייל פון דער ארומגערינגלטער אַרמיי זיך געקאָנט ראַטעווען קיין בעלגיען, נאָר דער גרענעץ איז געווען פארמאַכט, און נאַפּאָלעאָן האָט אָנגעוואָרן זיין מלוכה, ווייל אים איז געשטאַנען אין וועג דאָס לאַנד, וואָס ער האָט געהאַט בדעה זיך אויסצופּוצן מיט זיינע פענער.

אַז באַם אנהייב פון יענעם קריג האָט דער בעלגישער אַמבאַסאַדאָר געבעטן, אַז פּרייסן זאָל אַף דאָס ניי באַשטעטיקן די נייטראַליטעט, האָט ביסמאַרק ניט גערעדט מכּח דעם שוץ פון די קליינע פעלקער אדער מכּח אָפּמאַכן מיט שבועות, נאָר ער האָט געענטפערט די ניכטערע ווערטער: „מיך וואונדערט,

אַז אַ מענטש מיט אייער שכל זאָל דאָס קאָנען קלערן אַף מיר, אַז איך וועל זיין אזאַ טיפּש, אַריינצוטרייבן בעלגיען אין די אָרעמס פון פראַנקרייך".

היינט איז דאָס געווען דער קלאָרער זין פון פונם פאַרמאַכטן בריוו צום דייטשן אַמבּאַסאַדאָר.

לאָנדאָן האָט אָנגעפרעגט גלייכציייטיק אין בערלין און אין פּאַריז מכח בעלגיען: פּאַריז האָט צוגעזאָגט צו האַלטן דעם אָפּמאַך, יאַגאָוו דאָט זיך אַרויסגעדרייט: ער וואָלט מיט זיין ענט-פער אַרויסגעגעבן די דייטשע סטראַטעגישע פּלענער. דער אַל-טער פירנעמער הער דאַוויניאָן, אויסערן-מיניסטער פון בעלגיען, שאָקלט צו מיט זיין קאָפּ; זיין אַלטער חשד באַשטעטיקט זיך. ער שיקט זיינעם אַ מענטשן צום דייטשן אַמבּאַסאַדאָר, כּדי אים צוגעבן אַן אָנצוהערעניש. דער מענטש הורט איבער פאַרן דייטש די ענגלישע שאלה, די פראַנצויזישע תשובה, איז אויך מוסיף דערצו, אַז דער פראַנצויז וועט היינט פאַרעפנטלעכן דעם דאָזיקן באַשייד אָפיציעל אין דער ברּיסעלער פּרעסע. דערויף שפּאַרט זיך הער פאָן בעלאָוו אָן אַפּ לען פון זיין שטול, קוקט אַרויף — לויט דעם באַריכט — מיט האַלב-צוגעמאַכטע אויגן אַף דער סטעליע און הורט איבער פּינקטלעך ווי אַ פּאָנאָגראַף אַלץ, וואָס ער האָט געהערט. דערנאָך לאָזט ער דאַנקען דעם מיניסטער, באַט אָן אַ ציגאַרעט, כּדי צו ענדיקן דעם אָפיציעלן טייל, און זאָגט אין אַ גאַנץ אַנדערן שמועס-טאָן:

„איך בין איבעריקנס פעסט איבערציינגט, אַז בעלגיען האָט ניט וואָס מורא צו האָבן פאַר דייטשלאַנד. מיר וועלן געוויס אָפּגעבן די זעלביקע דערקלערונג".

אין שלאָס, אין מיניסטעריום, אין דער הויפּטשטאָט איז מען צעטראָגן; דאָס גאַנצע לאַנד איז פול שרעק, ווי פאַר אַ געוויטער. דערשראָקן פרעגט מען זיך: ווי איז דאָס געווען מעג-לעך, וואָס מיר האָבן געלאָזט נאָך ליגן אַף יענער זייט די פעסטונגס-טיילן, וואָס מיר האָבן געהאַט באַשטעלט בּאַ קרופּן און וואָס זיינען שוין לאַנג געווען געליווערט, נאָר ווייל אונזערע ערד-

ארבעטן זיינען נאָך ניט געווען פארטיק? וואָס פאר א דאָנ־קיכאָטעריי!

קעניג אַלבערט, שטיל, פארזיכטיק, קלוג, פון מוטערס צד א האָהענצאָלער, מיט אינטערעס פארן שיף־בוי, בערג־טוריסטיק, רייזן, קאָנגאָ, נטיה צו מאָדערנער קונסט, סען סאַנס, סעזאַר פראנק; די קעניגין, שיין ווי א סך פירשטינס פון באַיערן, טאָכ־טער פון בכבודיקן הערצאָג קאַרל טעאָדאָר, וואס איז געווארן א דאָקטאָר לויטן באַרוף און האָט פון רחמנות וועגן אויסגע־היילט טויזנטער ארימע לייט; באַ אָט דעם פארפאלק, וואס האָט דריי ביז פיר דורות פון דייטשן יחוס, הערשט איידלקייט, אייגנע־האַלטנקייט און יענע מישונג פון גאַלישער מיט דייטשער קולטור, וואָס איז בכלל כאַראקטעריסטיש פאר דער געשיכטע און פאר דער לאגע פון לאַנד. איצט שרייבט דער קעניג צום קיסר א זייער לאָיאלן בריוו אף דייטש מיט „דו״, בכדי צו דערמאָנען אים אָן זיינע פיל הבטחות.

אין דעם זעלביקן טאָג ווי נעכטן רעדט דער דייטשער אַמבאסאַדאָר דעם צווייטן טאָג צום מיניסטער, צו דער פרעסע. אום דריי באַווייזן זיך אין „סאָאר״ זיינע ווערטער. „דער דאַך פון אייערע שכנים וועט אפשר ברענען, אייער אייגן הויז וועט אָבער זיכער זיין״.

ווען די דיפלאָמאַטן ווערן פאָעטיש, טרעפט אלע מאָל באַ זיי אן אומגליק. גאַנץ בריסעל האלט זיך פארן דאָזיקן זאַץ. אין דריי שעה ארום ווייס איטלעך קינד אינם קליינעם לאַנד. צוגלייך א ידיעה: דייטשן זיינען אריינגעדרונגען אין לוקסעמבורג. בריסל אָטעמט אָפ: איצטער באַדארפן זיי ניט אונזער פראנט!

פלוצים, פארנאַכט צו, באַווייזט זיך בעלאָוו ווידער אין מי־ניסטעריום. מיט דריי שעה צוריק האָט ער געקראָגן דעם באַ־פעל צו עפענען דעם סוד. ער לייענט און איז ניט נשתומם. מען האָט אים געהייסן זאָגן, אַז ער האָט דעם אולטימאַטום אקארשט געקראָגן. ער פאָרט אריבער און גיט איבער זיין נאָטע.

דער בעלגיער לייענט: היות ווי מיר האָבן א באַשטימטע ידיעה, אַז די פראנצויזן וועלן „אָן ספק" דורכמאַרשירן דורך בעלגיען צו דער מאָס, און מיר האָבן מורא, טאָמער וועט בעלגיען אליין ניט זיין בכח זיך אנטקעגנצושטעלן, בכן געפינט זיך דייטשלאַנד אין סכנה און מוז זיך באַשיצן קעגן אנפאַל, דעריבער מוז זי „אויך פון איר זייט אַרויפטרעטן אַפן בעלגישן געביט". בלייבט דערביי בעלגיען אין גוטגינציקער נייטראַליטעט, ווערט איר צוגעזאָגט לאַנד אַפן חשבון פון פראנקרייך. אויב זי וועט זיך האַלטן פריינטשאַפטלעך, וועט דייטשלאַנד צאָלן פאַר אירע סאָלדאַטן און דעקן יעדער שאָדן, טאָמער וועט זי זיין פיינט־לעך, וועט זיין קריג. אין פיר און צוואַנציק שעה מוז זיין אַן ענטפער.

דער בעלגיער, וואָס איז נאָר נשתומם איבער דעם מאָן און דער באַגרינדונג, שווייגט; דערנאָך זאָגט ער מיט שטייגנדיקן ברוגז: „מיר האָבן זיך געריכט אַף וואָס איר ווילט, נאָר ניט אַף דאָס, עקסעלענץ! דייטשלאַנד. וואָס האָט געמאַכט דעם אנשטעל פון א גוטן פריינט, וויל אונז היינט אָנבינדן א מיאוסע ראָלע!"

דער מיניסטאָרן־ראַט זאָגט איינשטימיק ניין. אינאַוונט און באַדערנאַכט דריי ווצונגען אין שלאָס ביז פיר אויגער איני־דערפרי: איינשטימיקער באַשלוס זיך אנטקעגנצושטעלן. אין דער זעלביקער נאַכט האַלב צוויי קומט דער דייטשער אמבאַסאַדאָר אין בריסעלער אויסערן־מיניסטעריום, בכדי צו לאָזן וויסן: פראנ־צויזישע פליערס האָבן געוואָרפן באָמבעס, קאַוואַלעריע איז אַרי־בער דעם גרענעץ, גאָר אָן א קריגס־דערקלערונג!"

„וואו האָט דאָס געטראָפן, עקסעלענץ?"

„אין דייטשלאַנד, הער באַראָן!"

„דעמאָלט ווייס איך ניט, פאַר וואָס איר האָט זיך דאָס מטריח געווען צו קומען אַהער באַ־נאַכט, כדי צו מעלדן דאָס אין בריסל".

„כבדי איר זאָלט אַרויסדרינגען פון דעם דאָזיקן פאַרברעך קענען פעלקער־רעכט, אַז פראנקרייך וועט מאָן נאָך אַזעלכע מעשים".

די דאָזיקע גראטעסקע נאַכט־סצענע איז געווען דער לעצ־טער אפיציעלער אַרויסטרעט פונם דייטשן אַמבאַסאַדאָר אין בריסל. א שעה שפּעטער קלינגט אָן דער פראנצויז אין מיניסטעריום: „עס מיניען זיך ליכטלעך אין הימל! אָן ספק דייטשע לופטשיפן!" דער פראנצויז פיבערט: עס זיינען שטערן, אָבער אַז זיי מיניען זיך, גלויבט איטלעכער אין דער דאָזיקער נאַכט. פראנקרייך באַט אָן באוואָפנטע הילף. מען דאנקט און בעט נאר דיפלאמאטישע הילף, בכדי אָפּצונעמען באם דייטש יעטווידע אויסרייד. מען טעלעגראפירט אויך קיין ענגלאַנד און מען בעט — צו „אינטערווענירן".

דערווייל איז 7 אזייגער אינדערפרי אָפּגעלאָפן דער דייטשער אולטימאטום. ערשט מיט 23 שעה שפּעטער דערקלערט דער דייטשער אמבאסאדאר, אַז דייטשלאַנד וועט, „אויב עס וועט זיין נויטיק, ארויסטרעטן מיט געווער". מיט דריי שעה שפּעטער ווערן די ערשטע דייטשע מיליטער־טיילן באַשאָסן פון בעלגישע זשאַנדאַרמען בא געמעניך.

גלייכצייטיק קריגט דער דייטשער אמבאסאַדאָר א נאָטע און זיין האַר א טעלעגראם: „איך האָב דעם כבוד צו לאָזן וויסן אייער עקסעלענץ, אז די קעניגלעכע רעגירונג קאָן פון היינט אָן מער ניט אנערקענען אייך דעם דיפלאָמאַטישן כאַראקטער און רייסט איבער אַלע אָפיציעלע באציאונגען". דער קעניג טעלעגרא־פירט היינט צום קיסר, אין מוסטערהאַפטער האַלטונג:

„די פריינטשאַפטלעכע געפילן וואָס איך האָב ארויס־געוויזן צו אייער מאיעסטעט און וואס איר האָט מיר אָפט פאַרזיכערט אין זיי... האָבן מיר ניט געלאָזט משער זיין אפילו א מינוט, אז אייער מאיעסטעט וועט אונז צווינגען צום גרויזאַמען אַנטשייד, אויסצוקלייבן פאר די אויגן פון גאַנץ אייראָפּע צווישן מלחמה און שאַנד, צווישן געטריי־שאַפט און ביטול צו אונזערע אינטערנאַציאָנאַלע התחייבותן.

אלבערט."

## צוועלפטער קאפיטל.

# די וואג־שאל.

אין א זומפ זיינען געווען אופגעשטעלט די בוגרן פון דער אַלטער אייראפע. איטלעכער האָט געזוכט נאָר אריינצוציען דעם אַנדערן, געלאָקערט, צי וועט ער נאָר א טריט מאָן, וואו מען טאָר ניט, און דערנאָך באַלד געשריען גוואלד: דער רויבער האָט פאַרטשעפּעט מיין גרענעץ! העלפט! די קריסטלעכע מאָראל האָט פארבאָטן איטלעכן אנפאל, דערפאר האָט מען שטענדיק געמוזט מאַכן דעם אנשטעל, אז מען פארטיידיקט זיך; בכדי מחייב צו זיין דעם פארבינדעטן, האָט איטלעכע גרויסע געוואָרט אפן אנפאל פונם צד שכנגד.

אויך די פעלקער גופא, וואס האָבן באדארפט די מלחמות אויסקעמפן און אויסליידן, קודם כל די אונטערשטע קלאַסן, האָט מען געקאָנט אופוועקן נאָר דורך דער איבערצייגונג, אַז מען פאלט אף זיי אָן. בכן האָט איטלעכער געסטאַרעט זיך צו ברייני-גען דערצו, אַז דער צווייטער זאָל אָנפאַלן. אַזוי וואָלטן זיי גע-קאָנט האלטן איינע די אנדערע אונטער שאָך וואכן לאַנג, ביז עס וואָלט זיך אפשר אופגעבאַפּט בא וועמען דער שכל.

איז אָבער ארויסגעשפּרונגען דער ווילן פון די גענעראלן אין זייערע הויפטשטאָטישע פּאלאצן און אריבער ווי א פּונק צו די פאָדערשטע פּאָסטנס בא די גרענעצן, וואָס האָבן שוין קיין גע-דולד ניט געהאַט זיך איינצוהאַלטן. אומעטום זיינען ארומגעגאַנ-גען פּאַטרולן צו 5, צו 20 מאן, וואָס האָבן ארומגענישטערט ארום די גרענעצן, אַ טייל פון די „גרענעץ-אריבערטרעטונגען", וואָס אף זיי האָבן זיך באגרינדעט די קריגס-דערקלערונגען, האָבן געקאָנט זיין אמת; די וואָס זיינען געווען אויסגעקלערט, האָבן געקלונגען קרוב לאמת און האָבן אין א פּאָר שעה ארום טאַקע געקאָנט ווערן אמת אויך. ס׳איז ניט כדאי צו פּטרן די צייט בכדי ארויס-צוקריגן פון די דאָקומענטן דעם אמת, יוער עס האָט אנגעהייבן, מחמת איטלעכער פון די צדדים האָט זיי שפּעטער צורעכטגע-מאַכט, בכדי צו באַווייזן זיין אייגענע אומשולד. וויכטיק איז אָבער

דער מיין פון די פירערס הינטן, דער לייכטזין פון די פּאָסטנס פון פּאָרנט און די באַהאַלטענע כוונות פון די אָפּמאכן, וואָס ביידע האָבן דערויף זיך סומך געווען.

אַלע שטאַבן פון אייראָפּע האָבן איצט אויסגעקלערט איבערערטרעטונגען פון גרענעץ, בכדי צו שטופּן די דיפּלאָמאַטן. פּונקט ווי בערכטהאָלד האָט אויסגעקלערט די סערבישע שיפּן, וואָס האָבן געשאָסן אַפּן עסטרייכישן מיליטער, אַזוי האָט דער דייטשער גענעראַל־שטאַב פּאַרצייכנט אן אָנפאַל פון די רוסן בא יאָהאַניסבורג: „דערמיט האָט רוסלאַנד אָנגעהייבן דעם קריג קעגן אונז". האָבן די דיפּלאָמאַטן געהייסן שרייבן די צייטונגען. א פּירער פון א קליינעם מיליטער־טייל איז טאַקע געווען אַריבער דעם גרענעץ, נים צו וויסן, אַז דייטשלאַנד האָט בינתים דערקלערט קריג.

וויכטיקער איז געווען פאר פראנקרייך צו זיין די אָנגעפאַלענע: נים נאָר די סאָציאַליסטן, נייערט אויך זייערע קעגנער, די באַנקירן, האָבן נים געהאַט בדעה צו גיין זיך שלאָגן פון צאַרס כבוד וועגן; חוץ דעם, האָט מען געמעגט רעכענען אַף ענגלאַנד נאָר אין דעם פאל ווען דייטשלאַנד פאַלט אָן. איזוואָלסקי, דער העלפער פון די פראנצויזישע קריגס־מאַכערס, דערציילט אין זיינע מעלדונגען, וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט זיי שפּעטער אויפגעדעקט, א סך סודות. דער פראנצויזישער קריגס־מיניסטער זאָל האָבן ציניש אויסגעטייטשט דעם רוסישן מיליטער־אַטאַשע: „מיר קאָנען דאָך רואיק דערקלערן, אַז צוליב די העכסטע אינטערעסן פון שלום זיינען מיר גרייט צו פאַרפאַמעלעכן צייטווייליק די מאָביליזאַציע, אָבער דאָס באַדאַרף אונז נים שטערן צו מאכן ווייטער אונזערע הכנות און אַפילו צו פאַרשטאַרקן זיי, אבי מיר זאָלן נאָר קיין מאַסן־טראנספּאָרטן נים דורכפירן". און אז די דייטשן קומען טאַקע, דעמאָלט טעלעגראַפירט איזוואָלסקי מיט שמחה צו זיין שעף:

„די דייטשן טרעטן אריבער אין קליינע אָפּטיילונגען דעם גרענעץ. דאָס וועט געבן דער רעגירונג די מעגלעכקייט צו דערקלערן דעם פּאַרלאַמענט, אַז עס איז געמאַכט געוואָרן אַן אנפאל

אַף פראַנקרייך. דער דייטשער אריינמאַרש אין לוקסעמבורג וועט דאָ באַטראַכט פאַר זייער גינסטיק, וואָרום ער וועט באַשטימט ארויסרופן אַ פּראָטעסט מצד ענגלאַנד און אויפוועקן זי צו מעשים. נאָך מער וועט ענגלאַנד דערפילן, אויב בעלגיען וועט ווערן פאַרטשעפּעט, און דערין גלויבט מען דאָ". א טיפּולאָנישער דאָ־קומענט, וואָס אנטפּלעקט דעם ציניזם פון יענע קרייזן פון אייראָפּע!

די דייטשן האָבן אין דעם פּרט קיין מזל נישט געהאַט: זיי האָבן דערציילט וועגן „פאַרשיידענע פּונקטן" וועגן פּרוּוון צו צעשטערן באַנען בײַ וועזעל, נאָכדעם אין ריינלאַנד; צוגלייך האָט מען געשמועסט וועגן בריוו־טויבן, וואָס זיינען בײַ באַזעל אריבער־געפלויגן דעם גרענעץ, און אַף איבערגעטאָנע פראַנצויזישע אָפיצערן, וואָס זיינען בײַ וואַלבעק אַריבער דעם גרענעץ אין אויטאָס. באַזונדערס האָט מען אין די אויטאָס געזען א חטא; איי־נעם זאָל מען האָבן געכאַפּט, נאָר ער האָט זיך אַרויסגעריסן און איז אַנטלאָפן קיין האָלאַנד; אַזוי האָט מען געמאָלדן קיין לאָנדאָן, די מעשה מיט די באָמבעס, וואָס פראַנצויזישע פליערס זאָלן האָבן געוואָרפן אַף דער באַן־ליניע בײַ נירנבערג, האָט מען שפּעטער אָפּגעלייקנט. אין רוים האָט מען געמאָלדן מכח פראַנ־צויזישע דאָקטוירים, וואָס האָבן אָפּגעסמט ברונימער בײַ מעץ מיט כאָלערע־באַצילן, אין מיטן אָט דער מהומה און דער שרעק וואו מען האָט געזען הימל און ערד פול מיט שונאים, האָט נאָר דער פּאָליציי־דירעקטאָר אין שטוטגאַרט באַהאַלטן זיין הומאָר; ער האָט געמאָלדן: „וואָלקנס נעמט מען אָן פאַר פליערס, שטערן פאַר לופט־שיפן, וועלאָסיפּעד־שטאַנגען פאַר באָמבעס."

אַן אנדער וועג איז געשטאַנען אָפן. דורך דער העכסטער פאַרזיכטיקייט און דער איינזייטיקייט פון דער מאָביליזאַציע וואָלט מען געקאָנט שטאַרקן אין פּאַריז די מעכטיקע שטימונג קעגן קריג. פראַנקרייך האָט די איינציקע צווישן די אַלע לענדער, וואָס זיינען געווען פאַרמישט אין סיכסוך, געהאַט אָפּגעצויגן איר מי־ליטער אַף 10 קילאָמעטער פון גרענעץ; דאָס איז געשען אונ־טערן דרוק פון די סאָציאַליסטן, אָבער עס האָט מער געהאַט מילי־

טערישע מאַטיוון. אבער דעם אריינטריט פון פראנקרייך אין קריג האָט מען געקאָנט נאָך פארהאַלטן.

*

אין פאריז האָט דער דייטשער אַמבאסאדאר זיך באַגעזעגנט מיט דער ראלע פון א קוריער. מער ניט וואָס ער האָט די „באפוילענע נאָטעס" ניט איבערגעגעבן פארמאכטערהייט. אף זיין אָפיציעלער פראגע מכח דער נייטראליטעט פון פראנקרייך האָט ער געקראגן דעם אפיציעלן ענטפער: זי וועט טאָן „לויט אירע אינטערעסן".

אפן צווייטן טאָג האָט וויוויאני באצייכנט די האלטונג פונם אַמבאסאדאר פאר איבערגעווייגטלעך און זיין פראגע ווי א סטראַשונעק, און האָט געוואָרט, צי יענער וועט איצט ניט פאָדערן זיינע פעסער. האָט יענער געזאָגט: „איך בין גרייט צו פארן".

דעם זעלביקן טאָג טעלעגראפירט קאמבאן פון בערלין קיין פאַריז: היות ווי די טעלעגראפישע פארבינדונג מיט בערלין איז געשטערט, מוז ער ארויסטרעטן „זעלבשטענדיק, ער האָט אבער בדעה ניט צו פארלאנגען זיינע פעסער, נאָר ער ווארט ביז מען וועט אים הייסן פאָרן.ביידע אמבאסאדארן זיינען זיך באגאנגען לאָגיש לויט דער נאַטור פון זייערע בונדן: ביידע האָבן גע-וואָלט, מען זאָל זיי טרייבן, בכדי זיי זאָלן קענען שרייען גוואלד.

דערווייל גייט די מאביליזאציע, אין פאריז פון 3 מיט 40 מינוט, אין בערלין פון 5. אויך מכח דער דאָזיקער צייט האָט מען זיך שפעטער געאַמפערט, און איטלעכע נאציע האָט געוואלט זיין די לעצטע. אָבער היות ווי אַלץ איז געווענדט אין די אי-נעווייניקסטע כחות, און ניט אין וויזער פון זייגער, דעריבער מעג מען אויך דאָ דערקלערן מיט סאזאָנאָווס איראניע: „לאָזט צו רו די כראנאָלאָגיע!"

ווי דער דייטשער אמבאסאדאר ווארט אַזוי מיט געפאקטע טשעמאָדאַנעס, פאלט אריין אַ בערלינער דעפעשע: א הפלאדיקער

פארשלאג פון דייטשלאַנד: אויב פראנקרייך וועט בלייבן נייטראל, דעמאָלט וועלן די דייטשן אף איר נים אָנפאלן, אָבער פאר אן ערבות מוזן זיי פארנעמען די פעסטונגען טול און ווערדען. אויב דו זאָגסט מיר צו, אַז די וועסט אף מיר ניט אנפאלן, בעת איך שלאג זיך ארום מיט דיין גוטן פריינט, מוזטו מיר נאָך דערפאר אוועקגעבן דיין ביקס.

דאָס דאָזיקע געווער האָט נאָך אויסגעפּעלט דעלקאַסע, וואָס האָט טאַקע באלד איבערגענומען דאָס אויסערן־מיניסטעריום, ווי עס האָט אים געקומט אין א קריג מיט דייטשלאַנד.

צולעצט האָט דאָך איינער געמוזט מאַכן דעם ערשטן שריט, און דאָס איז געווען נים מאָלטקע אָדער פאָ, נים קאַס־טעלנאָ אדער טירפּיץ. דאָס איז געווען א קליינער גענעראל אין בערלין, וואס האָט געדארפט זיין דער שעף פון דער פּאָליציי און האָט געטראָגן דעם גרויסאַרטיקן טיטל: אויבערקאָמאַנדיר אין די מאַרקן. ער האָט געלאָזט וויסן אין אויסערן ־ מיניסטעריום: „היות ווי עס איז זיכער באַוויזן געווארן, אז די פראנצויזן זיינען אריבער דעם גרענעץ, בכן מוז מען אָננעמען קעגן דער פראנ־צויזישער אַמבאַסאַדע און די פראנצויזן אין בערלין די זעלביקע מיטלען, וואָס עס זיינען אָנגענומען געווארן קעגן דער רוסישער און קעגן די רוסן". דעמאָלט האָט יאגאָוו אליין גענומען זיין רויטע פען און האָט ארופגעלייגט א רעזאָלוציע: „וואס זיינען דאָס פאר אַ מיטלען! מיר געפינען זיך נאָך ניט אין קריגס־צו־שטאַנד, די דיפלאמאַטן זיינען נאָך אקרעדיטירט".

ווארום אויך די דאָזיקע קריגס־דערקלערונג איז שווער גע־ווען צונויפצושטעלן: אָנצוכאַפּן זיך פאר דער אומקלאָרער תשובה פון פראנקרייך האָט ניט געפּאסט, האָט מען גענומען די מעשיות מיטן אריבערגעטראמפּעלטן גרענעץ און מיט די נירנבערגער באָמ־בעס. דאָס האָט אפילו דער גערוּלדיקער טעלעגראף צווישן בער־לין און פאריז ניט געקאָנט אריבערטראגן, און אז די דעפּעשע איז אָנגעקומען קיין פאריז, האָט מען זי ניט געקאָנט פאנאנ־דערקלייבן.

פונדעסטוועגן האָט הער פאן שײן זיך אָנגעשטויסן, אז עס גײט מכח א קריגס־דערקלערונג. און ער האָט זי אויסגעבוים מיטן אײגענעם שכל. און נאָכמיטאג האָט ער דערלאַנגט די דערקלערונג הער וויוויאַני; צווישן אַנדערע מאטיוון האָבן אויך פיגורירט די נירנבערגער באמבעס, וואָס קורץ, נאָכדעם ווי די דעפּעשע איז אָפּגעשיקט געוואָרן, האָט דער פּרײסישער פאַר־שטײער אין מינכן אָפּגעלײקנט זײער עקסיסטענץ.

אף אָט דעם משונהדיקן יסוד האָט זיך אָנגעהייבן דער „דײטש־פראנצויזישער קריג”.

*

נאָך אלץ האָט בריטאַניא געהאַלטן די וואגשאָל אין האַנט. אָבער די אויגן זײַנען שוין בא איר ניט געווען פארבונדן, נאָר זי האָבן ארויסגעלוגט מיט די שארפסטע גלעזער אין קאָנטינענט אריין, בכדי אויסצוקוקן, וואו עס זײַנען פאַראַן מער שאַנסן.

אין דײַטשלאַנד האָבן די אַלטדײַטשן, לכל הפחות אין ציוויל, געהאַט אזעלכע פארשטעלונגען: „א קלײנע דײַטשע מיליטער־אפּ־טײלונג איז גענוג, בכדי צו פארשטאָפּן דעם מויל די העלדן אַף יענער זײַט קאַנאַל... נאָר א דיוויזיע באדארפן מיר אריבער־ווארפן, און ענגלאַנד איז געעקט.” די בערלינער דיפּלאָמאַטן פון זײער זײַט האָבן געהאַט אזאַ געפיל: פאלש, פול קנאה־שנאה, אָבער דאָך גאַנץ ווײַט אין מיטן וואסער און באוויײַזט אפילו ניט צו קומען מיט די פּאָר טויזנט געדונגענע זעלנער. אײדער מיר זײַנען אין פּאַריז; און בכלל מענטשן, וואָס ווילן בא אלץ פאר־דינען, און וועלן דערפאר בלײַבן נײַטראַל. נאָך צולעצט, אַז גריי האָט געלאָזט אָנזאָגן, אז ווין און פּעטערבורג מוזן וואָס גיכער דעמאבליזירן, אַניט איז אלץ פארפאלן, מײנט צימערמאַן, אז ליכ־נאָווסקי וויל זיך נאָר זיכערן מיט זײַנע התראות, בכדי ניט גע־שטרויכלט צו ווערן, אזוי ווי פּורטאלעס, און אין לעצטן מאָמענט וועט ער ארויסשטעלן, אז די בארואיקונג פון ענגלאַנד איז דאָס זײַן אויפטו, בכדי צו קריגן אין דעם קיסרס אויגן דעם פּנים פון

אַ גרויסן מלוכה-מאַן און צו ירשען בעטמאַנס שטול. ליכנאָווסקי, וואָס זיינע שונאים אין דער אמבאַסאַדע האָבן פאַנאַנדערגעטראָגן אַזעלכע רכילותן, האָט זיך דאָס דערוואוסט און האָט געזאָגט: „דאָס איז שטומס קוילן!“ סקעפּטישער זיינען געווען די גענע-ראַלן. פון שליפן האָט זיי געלערנט, אַז מען מוז זיך רעכענען מיט ענגלאַנדס איינשטעל. דעם קיסר האָט די שנאה פאַרבלענדט די קורצזיכטיקע אויגן. היות ווי ער איז פערזענלעך געווען פאַר-אינטערעסירט אין פלאָט און אין קאָלאָניעס, האָט ער שטענדיק געטראַכט, ווי אַזוי קומט מען דורך מיט דער דאָזיקער דינאַסטיע און היות ווי אַלע האָבן געהאַלטן, אַז אין ענגלאַנד קאָן מען אַלץ קויפן, בכן האָט מען אין פּאָטסדאַמער קרוינראַט דעם 29-טן גערעדט נאָר מכּה דעם מקה. און מען האָט מיטגעגעבן דעם קאַנצלער פאַר די דאָזיקע „הענדלער“ אַן אָנבאָט.

קריגערישער געשטימט האָט בעטמאַן זיך אומגעקערט אין אויטאָ קיין בערלין: עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאָביליזירן, אָבער זיך נאָך אָפּצוהאַלטן. בעטמאַן האָט אָבער אַליין געהאַט געשריבן, אַז „מאָביליזאַציע מוז ניט אַנדערש ציען נאָך זיך מלחמה“. עס איז געווען שפּעט, ער האָט געהאַט פאַרבעטן צו זיך סער עדוואַרד גאָשן נאָך אָף 10 אַזייגער.

— וועט ער עס נאָך היינט אַרויסריידן, דאָס געגאַרטע וואָרט? האָט געטראַכט דער ענגלענדער, אַרופגייענדיק אויף דער הויכער טרעפּ צום קאַנצלער. נאָר וואָס האָט ער געמוזט הערן: „מיר האָבן אייך געוואָלט מאַכן אַזאַ פאָרשלאַג פאַר דער ענגלישער נייטראַליטעט אין פאַל פון אַ קאָנפליקט“.

— פּלוצים, באַנאַכט, אָן זאַנדירונג, און באַלד מיט אַ טאָפּל-פונקט? טראַכט גאָשען.

„ערשטנס, וואָלטן מיר צוגעזאָגט, ניט צוצונעמען בײַ פראַנקרייך קיין לאַנד, אין פאַל ווען מיר וועלן זיגן“, האָט גע-זאָגט בעטמאַן.

„איז דאָס גילטיק אויך פאַר די קאָלאָניעס?“

„דאָס קאָן איך ניט צוזאָגן“, האָט געזאָגט בעטמאַן אַ דער-שראָקענער, וואָרום דערפון איז גאָרנישט געשטאַנען אין פּאָטס-

דאַמער אָנבאָט. „צווייטנס, וואָלטן מיר געשווינט האָלאנד, כּל זמן עס וועלן דאָס טאָן די אַנדערע".

— איצט וועט ער מיר באַלד אָנבאָטן די אומבאַרירלעכ־קייט פון טיבעט, טראַכט גאָשען; נאָר בעטמאַן רעדט ווייטער:

„וואָס איז דריטנס שייך בעלגיען, וואָלט עס געווען אָפּ־געהאנגען פון פראַנקרייך, צי דייטשלאַנד וואָלט געווען געצוואונ־גען, דאָרט אריינצומארשירן. בּכל אופן וואָלטן מיר גאַראַנטירט די גאַנצקייט פון בעלגיען נאָך דער מלחמה, אויב זי וועט ניט פירן מלחמה קעגן אונז".

— אַ חלום, טראַכט גאָשען, דאָס קאָן בשום אופן ניט זיין דער קאַבּינעט פון דייטשן קאַנצלער. נאָר ער טוט זיך אָן א כּוח און זאָגט: „איך גלויב ניט, אַז ענגלאַנד קאָן איצט געבן הבטחות. אָבער איך וועל אייער פאָרשלאָג איבּערגעבן אין לאָנדאָן".

אין 36 שעה אַרום האָט דער ענגלענדער געבראַכט גרייס תּשובה. אַז בעטמאַן הערט זי אויס, בלייבט ער שטיין א דער־שראָקענער, אָבער ער פּרואווט ניט צולאָזן דערקענען זיין שרעק: „איך בין איצט פאַרוואָרפן מיט אזוי פיל ערנסטע ארבעט, אזוי אַז איך מוז בעטן מיר צו דערלאַנגען די תּשובה שריפט־לעך".

דער ענגלענדער האָט געהאַלטן די פראַגע מכּח ענגלאַנדס נייטראַליטעט פאַר ערנסט געענוג, בכדי מיטצוברענגען די נאָטע; ער גייט און לאָזט זי איבער. ענגלאַנד זאָגט זיך אָפּ, ווייל פראַנקרייך קאָן ווערן אָפּגעשוואַכט, אפילו ווען זי זאָל ניט אָנ־ווערן קיין לאַנד: „באַזונדערס אָבער, ווייל אָט דער האַנדל מיט דייטשלאַנד אפן חשבּון פון פראַנקרייך באַטייט פאַר אונז א שאַנד. וואָס פון איר וועט ענגלאַנדס גוטער נאָמען קיין מאָל זיך ניט קאָנען אָפּוואַשן. דער הער אימפּעריע־קאַנצלער פאַרלאַנגט ווייטער פון אונז, אַז מיר זאָלן זיך לאָזן אָפּהאַנדלען אַלע התחייבותן און אינטערעסן, וואָס מיר האָבן בנוגע דער נייטראַלי־טעט פון בעלגיען, דאָס איז אַן אָנמוטונג, וואָס מיר מוזן אָפּוואַרפן".

בעטמאן דרייט דאָס בלאַט אַהין און אַהער. איז דאָס סוף כל סוף גאָר ניט געווען קיין מייסטער־שטיק?

*

משערטשיל איז גליקלעך. אומעטום גייט ער אַרום אין לאָנדאָן מיטן דייטשן אָנבאָט, צי עס לוינט ניט פירן מלחמה מיט אַזעלכע מענטשן. נאָר אלע היטן זיך נאָך אָנצונעמען א החלטה, וואָרום דער מאַן פון גאַס איז ניט קיין פריינט פון די סערבן און ניט קיין פריינט פון באַלקאַן, און די ליבעראלע צייטונגען שרייבן נאָך אלץ, אונז גייט דער עסק ניט אָן.

צו ללאָיד דזשאָרדזש זיינען שוין מיט עטלעכע טעג פאר יענעם בערלינער אָנבאָט געקומען פירערס פונם גרויסן האַנדל און פון דער בערזע און האָבן געפאָדערט נייטראליטעט אין נאָמען פון זייערע קרייזן: אפילו א זיגרייכע מלחמה וואָלט זיי בדלות געשטעלט. בלייבן זיי אָבער נייטראל, ווערן זיי סוף כל סוף די באנקירן פון אייראָפּע. אַז זיי זיינען אַוועק, האָט ללאָיד דזשאָרדזש ווידער גענומען טראכטן פריינטלעכער וועגן די דייטשן און האָט גריי אופּסניי געשטארקט. אָבער איצט, נאָך בעטמאנס אָנבאָט?

היות ווי גריי וואוינט איצט גראָד בא לאָרד האָלדיין, האָט מען געלייענט אין די בלעטער, אַז צו האָלדיין פארפאָרן איצט דיפלאָמאַטן, בכן איז ער איצט דער בעל־דעה. אין דער אמתן האָט אַפילו קאַמבאָן, וואָס פלעגט צוויי מאָל אַ טאָג זיך מעלדן בא גרייען און, פּונקט ווי דער פּעטערבורגער, מאָנען בא אים, ער זאָל אָננעמען א באשלוס, ניט געקאָנט פועלן.

„איז שוין געקומען דער מאָמענט?“ פרעגט קאמבאָן און דערשטיקט אין זיך א זיפץ.

„ער וועט קומען, ווען דייטשלאנדס שטעלונג וועט זיין אינגאנצן קלאָר“, זאָגט גריי אומבאַשטימט און גייט אף דער זיצונג פון קאבינעט. היות ווי ער געפינט דאָרט קוויינקלדיקע שטימונגען,

טעלעגראפירט ער פון דאָס ניי צו גאָשענען: „נאָר געווינען צייט, אַז קיינער זאָל ניט אָנהייבן זיך שלאגן". אין זיינע בעסטע רגעים גלויבט ער נאָך אין אלגעמיינעם שלום; ער סטאַרעט זיך · אים אופצוהאלטן פאַר יעדער פרייז, וואָרום ער האָט פיינט מלחמה און האָט ליב ענגלאנד.

— פאר וואָס בין איך ניט געווען שטארקער, טראכט ער צייטנווייז. וואָס האָב איך פון אונזער יורידישער פרייהייט! מיר זיינען דאָך פאָרט מאָראַליש געבונדן! אף וואָס ער האָפט אין יענע טעג און פאַר וואָס ער האָט מורא, איז א שפאלטונג אין קאבינעט.

זיין אינעווייניקסטער אומרו וואקסט אין יענע טעג, ער דערקלערט אָפן זיין מאָרגעדיקן קעגנער, דעם אמבאסאַדאָר פון עסטרייך: „מען רעקאָמענדירט מיר צוויי אנטקעגנדיקע וועגן: זיך צו שטעלן אָן טענות אפן צד פון רוסלאנד און פראנקרייך, און דורך דעם קאָן פארהאלטן ווערן דער קריג, אָדער צו דערקלערן ענגלאנד נייטראל בא אַלע אומשטאַנדן: דאָס אָבער וואָלט דאָך אויך ניט אָפגעהאלטן דעם קריג".

צוגלייך באמיט זיך דער דייטשער אַמבאַסאַדאָר צו דערגיין בא אים, דאָס גלייכן דער קיסר באַם קעניג, וואָס זיינען די תנאים, וואָס בא זיי וואָלטן זיי געקאָנט גאַראַנטירן די נייטראלי־טעט פון פראַנקרייך. נאָר צו פעסט האָט שוין ארומגעכאפט די נעץ, און גערעכט איז פאלעאָלאָג, בעת ער שרייבט: „די צייט פון חשבונות, פון דיפלאָמאטישע קונצן איז פאַרבײ... ניטאָ קיין פערזענלעכע איניציאַטיוו, ניטאָ קיין מענטשלעכער ווילן, וואָס זאָל קאָנען זיך אַנטקעגנשטעלן קעגן דעם מעכאניזם פון די ארויס־געלאָזענע כחות, וואָס ווירקט שוין פון זיך". הגם פואַנקאַרע טעלעגראַפירט קיין לאָנדאָן צום קעניג, זיי זאָלן זאַלבעדריט פאר־אייניקט ווירקן פארן שלום, און דער קעניג ענטפערט אים מיט זייער מאָראַלישע ווערטער, ווייסן דאָך ביידע, וואָס דאָס באמיט.

יאָ, אויב דייטשלאנד וואָלט דעמאָביליזירט, דעמאָלט וואָלט ענגלאנד געצוואונגען אירע גוטע פריינט צו טאָן דאָס נעמלעכע!

אָבער דערצו איז צו שפּעט אפילו ווען מען זאָל קאָנען פּועלן באַם קיסר, ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון טראָן, וואָלט אף מאָרגן זיין זון אין אויטאָ מיט פּויק און מוזיק אַרייַנגעפאָרן אין פּרישן, פּרייַלעכן קריג.

שטיל קלינגען נאָך צוויי רופן פון יענער זייט קאַנאַל אין דעם קיסרס אויערן אריין:

„בעלגראַד איז געפאַלן, סערביען באַשטראָפּט, פּועלט איצט באַ עסטרייך, זי זאָל זיך אָפּשטעלן!.. נאָר אייער מאַיעסטעט קענען... גאָט זאָל זיין מיט אייער מאַיעסטעט איצט און שטענדיק. דעזי".

נאָך אַ פּריוואטמאַן, פיינער און וואָגיקער, בעט פון קיסר עפּעס אַ פאָרשלאָג, וואָס ער וואָלט געקאָנט איבערגעבן דורך זיינע גוטע פריינט קיין פּעטערבורג און קיין ווין. דייזי איז די שיינע ענגלישע פירשטין פּלעס, דער צווייטער איז לאָרד ראָטשילד.

זי צוואַנציק יאָר אינגער פאַרן אַדרעסאַט, ער צוואנציק יאָר עלטער, זי עלעגאנט און רייצנד, ער קלוג און מעכטיק, אַזוי בעטן זיי זיך ווי גוטע פריינט, אומזיסט. דייזי לייגט דער קיסר אָן אַ זייט, אונטערן צווייטן שרייבט ער: „אַן אלטער, זייער פאַרערטער באַקאַנטער פון מיר!" דערוף צימערמאַנס נאָטיץ: „ענטפער אין נאָמען פון זיין מאַיעסטעט?" דערביי דער ענטפער: „היות ווי דער קאַבעל איז פארמאכט, האָט דאָס קיין זין ניט. שטום".

הערט מען די שטימען פון דער ווילהעלמשטראַסע? כסדר ווערט טעלעגראפירט פון בערלין קיין לאָנדאָן, ניט געקוקט דערויף וואָס דער קאבעל איז כלומרשט פארמאכט. אָבער דאָ איז נאָך געבליבן אַ לעצטע קליינע סכנה, אַז דער באנקיר זאָל מיט זיין אידישן געלט אָפּטאָן אַ שפּיצל, ווי אַנומלט יעקב שיף די רוסן אין ניו־יאָרק; דעריבער: „האָט קיין זין ניט „שטום".

צולעצט ווערט דער ענגלישער קאבינעט באפרייט פון דער דאָזיקער שפּאנונג דורך בעלגיען. אַז דייטשלאנד וועט אָנפאלן, האָבן טשערטשיל און קיטשענער שטענדיק געטענעט, צי בעלגיען

וועט זיך אַנטקעגנשטעלן, איז געווען א ספק: לויט אַ טראַדיציע פון יאָרהונדערטער האָט ענגלאנד געמוזט וועלן דאָס און אונטע־שטיצן בעלגיען, האָט זי דען ניט זינט עדוואַרד דעם ערשטן פאַרטיידיקט דאָס דאָזיקע ברעג־לאנד קעגן שפּאַניען, בורבאָן און נאַפּאָלעאָן? קיין גרויסע מלוכה האָט ניט געטאָרט זיך אריינכאַפּן אהער: דערפאר האָט מען דאָך געשאָנקען דעם, אייביקע נייט־ראַליטעט.

עס גייט ניט וועגן שוץ פונם שוואכן. די נייטראַליטעט פון לוקסעמבורג, וואָס ביסמארק האָט אמאָל געהאט פאָרגעשלאָגן, האָט ענגלאנד ניט געוואָלט גאַראַנטירן: דאָס איז צו ענגלאַנד ניט שייך, בעלגיען דוקא יאָ — דאָס רירט זי דירעקט אָן.

גלאַדסטאָן האָט אַנומלט געגעבן דעם באַווייז. א קעמפער פאר פעלקער־רעכט, א פּאַציפיסט, אַן עכטער ענגלענדער, גרייס פאָרגייער און מוכטער, האָט ער געשריבן אין יאָר 70, בעת ביסמאַרק האָט אים געלאָזט וויסן מכּח נאַפּאָלעאָנס חשק איינצו־נעמען בעלגיען: „דאָס וואָלט פאר אונז געווען אוממיגלעך צוצו־קוקן, ווי מען ברייַנגט א קרבן פרייהייט און אומאָפּהייַנגיקייט" און האָט געזאָגט דעם אמת אף זיין שטייגער, הגם ער האָט ניט איינגעשטעלט פאר די דאָזיקע אידעאַלן מער, וויפיל עס איז נויטיק, וואָרום צוגלייך האָט ער פאָרגעשלאָגן ביידע רעגירונגען א גאַראַנטיע פאר בעלגיען: ערשטנס צו זיכערן דאָס אינטער־נאַציאָנאַלע רעכט, צווייטנס, צו זיכערן, אַז קיין איין קאָנטינענ־טאַלע מלוכה זאָל ניט אויסוואקסן צו גרויס: עכט ענגליש.

דאָס אַלץ האָט אין יענע טעג פאָרגעשוועבט פאַרן קאַבי־נעט, און אין די קומענדיקע יאָרן פון דער מלחמה פאר דער ענגלישער עפנטלעכקייט, וואָס האָט איר העכסטן אינטערעס פאר־מאַסקירט מאָראַליש און האָט מיט פּקחותדיקן קוק אויסגעקליבן דעם פלאַג; וואָס ארום אים האָבן זיך צונויפגעקליבן אַלע פריינט פון יושר. מער פון אַלעמען האָט ללאָיד דזשאָרדזש יאָרן לאנג דורכגעפירט דעם דאָזיקן געדאַנק, אַז ענגלאַנד באַשיצט דעם יושר, אין גלענצנדע רעדעס און האָט געוואונען דעם געוויסן פון איראָפּע, בכדי אים ווידער צו פארלירן אין ווערסאל. ער האָט

קודם כל געוואוסט, אז א רוב אין פּאַרלאַמענט אליין איז ניט געניג צו פירן די מלחמה אין אזא לאנד, וואָס זיין אַרמיי איז געווען צונויפגעשטעלט פון פרייוויליקע, און וואָס זיינע קאלאניעס אין די וויטע ערד־טיילן זיינען געווארן זעלבשטענדיק און קריטיש.

דערצו איז נאך צוגעקומען בא אים און בא מיטערטשיל דער נאטירלעכער פארלאנג צו בלייבן בא א מאַכט, וואס איז דורך דער אירלענדישער פראגע געווען שטארק צעטרייסלט. נאר די מלחמה האט געקאנט נאך אמאל אפשוואכן די קאנסערוואטיווע, ווארום זיי זיינען דאך, ווי אומעטום די אַגראַריער און פריצים, געווען קריגס־גלוסטיקער ווי די ליבעראלע סוחרים און אַרבעטער, וואָס האבן דא ווי אומעטום געוואלט שלום. וואלטן דעמאָלט די ליבעראלן געזעסן אין דער אפאזיציע, און ניט אין דער רעגירונג, וואלטן זיי אן שום ספק געהאט געבראכן דעם קריגס־ווילן פון די קאנסערוואטיווע. איצט אבער האבן זיי זיך געפילט געשטארקט דורך זייערע קעגנער.

און דאך איז גראד אין יענע טעג געווען אומבאשטימט ניט נאר די האלטונג פון קאבינעט, נייערט אויך פון גריי גופא. קעגן דעם פארוואורף פון מאַקיאַוועליזם וואלטן אים אין דער געשיכטע געשיצט זיינע פיר פארשלאגן מכח פאַרמיטלונג, אַפילו ווען מען וואלט ניט געקענט זיין כאראקטער, וואס איז פונקט דער היפוך דערפון. אבער הגם ער האט ליב געהאט שלום, און ענגלאנד האט קיין שום אינטערעס ניט געהאַט פאר מלחמה, האט ער דאך געפילט, אַז ענגלאנדס כבוד און זיין כבוד איז פארבונדן און משועבד צו די פאַרבינדעטע, און האָט זיך אריינ־געפלאנטערט אין די לעצטע טעג אַלץ מער אין די רעזולטאטן פון א בונד־פּאָליטיק, וואָס האָט זיך ניט געוואָלט לאָזן אָנרופן מיטן דאָזיקן נאָמען. דעם 29־טן האָט ער פארשוויגן פארן דייטשן אַמבאַסאַדאָר, וואָס ער האָט אים געגעבן אַזעלכע ערנסטע התראות פאַר בערלין, אז ענגלאנד האלט פארזאמלט דעם פלאָט, דאָס הייסט, אז מען האָט טיילווייז מאָביליזירט. דעם 30־טן האָט ער נאָך א מאָל געפּרואווט פאָרלייגן פארמיטלונג אין בערלין און

אין פעטערבורג און האָט דאָס נעמלעכע געעצהט אין פאריז.

אָבער דעם 31־טן האָט ער גענומען קווינקלען זיך, קענ־טיק, אז דאָס האָבן געווירקט צוויי דאָקומענטן, א בריוו און א מעמאָראנדום, וואָס ער האָט געקראָגן אין דעם זעלביקן טאָג פון זיינע צוויי מיטארבעטער, קראָו און ניקאָלסאָן, וואָס זיינען ביידע געווען אָנהייגער פון דער אנטאַנטע; א באזונדער גרויסן איינ־פלוס האָט געהאט קראָו, וואָס האָט געדינט אין אויסערן־מיני־סטעריום זינט 30 יאָר.

אין קאַבינעט האָט גריי געהאַט שוין פריער מרמז געווען, אז אויב ענגלאַנד בלייבט די גאַנצע צייט נייטראל, מוז ער דע־מיסיאנירן; אבער קיינער האָט ניט געוואוסט, צי אסקוויט וועט אפשר אננעמען זיין דעמיסיע, אין דעם פאל ווען דער צד שכנגד, וואס איז געווען גרופירט ארום טשערטשיל און ללאָיד דזשאָרדזש, וועט אויך מעלדן, אז ער דעמיסיאָנירט אין פאל פון נייטראליטעט. ווארום עס איז געווען א סכנה פאר א שפאלטונג אין קאַבינעט. אין די דריי מאָנאַרכיעס וואו די מושלים האָבן געהאַט די פולע סוווערענע דעה איבער מלחמה און שלום, זיינען בכלל ניט געווען אזעלכע פראבלעמעס, און אין פאריז האָט די קאאַליציע זיך געהאלטן פעסט; אין לאָנדאָן אָבער האָבן אין דער לעצטער וואָך פארן 4. אויגוסט געקעמפט צווישן אַנאַנד, מער אין דער שטיל ווי אפן, ביידע פליגלען פון די רעגירנדיקע לי־בעראלן, דערביי זעט עס אוים, אז בא אייניקע מיניסטאָרן האָט דער אויסקוק אפן שטול פונם מיניסטער־פרעזידענט פארשטעלט דעם אויסקוק אף אייראפע. אָבער דער געדאַנק, אז ענגלאַנד זאָל גראד אין מאָמענט פון העכסטן קריזיס בלייבן פלוצים אן א קאַבינעט, ווייל די פארטיי וועט זיך שפאלטן אין צוויי גרופעס, איז פאר איטלעכן ענגלישן פּאָליטיקער געווען כמעט אזוי שלעכט ווי דער קריג גופא. דערפאר האָט מען זיך נאָך געהאלטן אין איינעם; נאך דעם 31־טן האָט דער קאַבינעט אָפּגעוואָרפן יעט־ווידע בינדונג און דערקלערט, אז נייטראליטעט איז דער איינ־

ציקער מיטל צו פארהאלטן דעם פּולן הורבן פון אייראפּייאישן קרעדיט; דאָס האָט געקאָנט „אין עצם" באַשטימען די האַלטונג פון ענגלאַנד.

א ציטערנדיקער שטייט קאַמבאָן און האָט מורא, אז אָט פאר־לירט ער דעם יאָרן לאַנג קונציק צוגעגרייטן שאַנס פאר פראנק־רייך: אים איז צו מוט ווי מעפיסטא, וואס א פּאָר מלאכים ווילן בא אים ארויסכאפּן פאוסטס נשמה, וואס צוליב איר האָט ער אזוי לאנג געדינט. נאָך מער, ער מוז אפילו רואיק אויסהערן פון גרייען, אז רוסלאַנד האָט פארשאַרפט דעם קריזיס „און דער־וועקט דעם איינדרוק, אַז די דייטשע מאַבּיליזאציע איז געווען געצוואונגען דורך דער רוסישער". (דאס איז, אגב, א באַווייז פאר רוסלאַנדס שולד). קאַמבאָן פון זיין זייט וואָרנט, אז ענג־לאַנד זאָל ניט איבערהזרן דעם טעות פון 1870. ווען זי האָט צוגעלאָזן, אז דייטשלאַנדס מאכט זאל אומגעהייער אויסוואקסן". דעם 1־טן אַווגוסט איז, ניט געקוקט אַף דער קריגס־דערקלערונג, גריים לאגע ניט געווארן פעסטער; פונדעסטוועגן וויל ער ניט מאַכן דייטשלאַנד קיין שום הבטחות, אפילו אויב זי וועט ניט אָנרירן בעלגיען. די דאָזיקע האלטונג, הגם עס איז שוין בעצם געווען נאָך אֶלעמען, וואלט געקאָנט ארופּווארפן א געוויסע שולד אַף ענגלאַנד, אויב מאָלטקע אליין וואלט ניט מודה געווען, אז אפילו די ענגלישע נייטראליטעט וואלט געווען צו טייער פאר דער שוינונג פון בעלגיען, ווארום דער אָנפאל־קריג איז מעגלעך נאָר אַף דער ליניע פון בעלגיען".

אין דעם דאָזיקן לעצטן טאָג כאַפּט זיך גריי פאר זיין לעצטן מיטל: ער שלאָגט פאָר, אַז דייטשלאַנד און פראנק־רייך זאָלן זיך אַוועקשטעלן באוואפנט איינס קעגן אנדער בא די גרעניצן און ניט רירן זיך, דעמאלט וועט ענגלאַנד ווי א גא־ראַנט בלייבן נייטראַל. די דייטשן זיינען מסכים: זיי האָט דאָס אויסגעוויזן ווי א גוואלדיקער גליק, וואס אנשטאט צו פירן קריג אַף צוויי פראנטן, וואָס פאר דעם האָבן זיי שטענדיק מורא גע־האַט, באדאַרפן זיי איצט פירן קריג נאָר אַף איין פראנט! אז גריי לאָזט וויסן דעם דאָזיקן ענטפער קאַמבאָנען, איז ער קאַלט

מוסיה, אזוי ווי ער וואלט ניט געוואוסט, וואָס איז פראנקרייך מחויב לויטן בונד מיט רוסלאַנד: „אויב פראנקרייך קאָן דעם דאָזיקן פאָרשלאג ניט אויסנוצן, איז דאָס נאָר דערפאַר, וואָס זי איז געבונדן דורך א בונד, וואָס ענגלאַנד איז אין אים ניט באַטייליקט און זיינע באַשטימונגען קען זי ניט".

דאָ הויבט זיך קאַמבאָן אויף צו א סצענע, וואָס איר גלייבן איז נאָך ניט געווען, ער רופט אויס: „די דאָזיקע בשורה קאָן איך אין פּאַריז ניט אָנזאָגן! דאָס וועט ארויסרופן א מוראדיקן כעס! מיין פאָלק וועט זאָגן, איר האָט אין אונז געפּעלשט!" צי קאָן גריי ברוגז זיין אף זיין גוטן פריינט? מוז ער אים אין הארצן ניט מוחל זיין פאר אופרעגונג? ער האָט אמת ניט אונטערגעשריבן קיין ענגלישן בלאַנקאָ-וועקסל, ווי ווילהעלם האָט דאָס געטאָן לטובת עסטרייך; אָבער זינט אכט יאר, באַזונדערס זינט צוויי יאָר האָט ער אַלע מאָל כסדר געגעבן צו פארשטיין, אַז אין אַ שעה פון נויט וועלן מיר אייך בּיישטיין. און איצט? „איצט קאָן דאָך דער דייטשער פלאָט ארײַנפאַרן אין קאַנאַל און אנפאלן אף אונזער אומבאַשיצטן ברעג!" טענעט קאמבאָן.

„דאָס וואָלט באַ אונז אומגעביטן די עפנטלעכע שטימונג", ענטפערט גריי.

דעם אנדער נאכמיטאָג, דעם 2-טן, — קאַמבאָן האט געארבעט אף אלע כלים און האָט צו דער זיצונג פון מיניסטאָרן-קאבינעט געלאָזט צוטראָגן ידיעות וועגן דייטשע גרענעץ-אריבערטרעטונגען. — האָט גריי געפּועלט, אַז דער קאבינעט זאָל גאַראנטירן דעם שוץ פון פראנצויזישן ברעג, אויב די דייטשן זאלן אף אים אנפאלן, אָבער אויב נאָר דער פּארלאמענט וועט צושטימען; דאָרט אבער האָט שוין די אפּאזיציע געהאט דערקלערט, אז מען מוז זיך ארײַנמישן אין קריג. דער קאַבינעט האָט באַשלאָסן צו מאָבליזירן דעם גאנצן פלאָט, וואס איי ערנעכטן האָט ער געהאַט דאָס אָפּגעוואָרפן, און טשערטשיל האָט דאָס נעכטן געהאַט אויסגעפירט אף דער אייגענער אחריות. קאַמבאָנס האָפענונג שטייגט: פּיבעריש האָפט ער אבן ארײַנמאַרש פון די דייטשן אין בעלגיען, וואס אלע מבינים האָבן דערויף גערעכנט אין פאל

פון א קריג. בא א פרישטיק פון די געמעסיקטע מיניסטאָרן נאָך אָט דער זיצונג האָט מען געשמועסט, אז „דער קאַבינעט ווערט אף א גאַנץ דרייעריישן שטייגער טריט פאר טריט אריינגעצויגן אין קריג לטובת פראנקרייך״. און אז גריי שטעלט די באשליסנ־דיקע פראגע צו דייטשלאַנד און צו פראנקרייך, צי ווילן זיי שוינען בעלגיען, זאָגט דאָס צו נאָר קאמבאָן; ליכנאָווסקי קאָן לויטן באַפעל פון בערלין ניט געבן קיין קלאָרע תשובה. אט דאָס האָט גריי באדארפט האָבן אין יענעם מאָמענט, הגם פריער האָט ער דערפאר מורא געהאַט: איצטער האָט ער א פאפולערן גרונט פארן אנטייל פון ענגלאַנד אין דער מלחמה, וואס דער מענטש פון גאַס האָט אים געקאָנט פארשטיין!

שוין נעכטן האָבן חוץ דעם מוטיקן וויצע־מיניסטער טרע־וועליאן, דעמיסיאנירט פיר מיטגלידער פון קאַבינעט, הגם די החלטה איז נאָך ניט געווען קיין ענדגילטיקע, נאָר דער פארלא־מענט האָט ערשט געמוזט באשליסן. צוויי פון זיי האָבן נאָך דעם בראך פון דער בעלגישער נייטראליטעט צוריקגענומען זייער דע־מיסיע. עס זיינען געבליבן נאָר צוויי מענטשן! וואָס האָבן פאר־געשטעלט צוויי וועלטן און צוויי לעבנס־קרייזן: דער 76 יאָריקער שיינער, פירנעמער פרעזידענט פון געהיימען־ראט, לאָרד מארליי, וואָס איז אין גאַנצן ענגלאַנד געווען באַוואוסט אונטער נאָמען „ערלעכער דזשאָן״, טאַלענטירט ליטערעריש און פאליטיש! און דער ארבעטער־פירער דזשאָן בערנס: א ריז, וואס מיט פופציק יאָר צוריק האָט ער א צען־יאריק אינגל געדרייט און געשניטן ליכט, דערנאָך אליין פון זיך אויסגעוואקסן, געוואָרן א סאָציאליסט ווייל מיל האָט אים ניט באַפרידיקט, געזעסן עטלעכע מאָל אין טורמע, און איצט, נאָכדעם ווי ער איז זעקס יאָר אָפגעווען מי־ניסטער, האָט ער דעמיסיאָנירט, בכדי אויסצודריקן דעם וועטאָ פון מערכטיקע טרעד־יוניאנס קעגן דער מלחמה.

דאָס זיינען געווען די איינציקע מענטשן אין איראָפּע פון די, וואָס זיינען געשטאַנען בא דער מאַכט, וואָס האָבן זיך אָפּ־געזאָגט צו התמען אַ דאָקומענט, וואָס אין זיין אומרעכט זיינען געווען איבערצייגט צו עטלעכע מענטשן אין איטלעכן קאבינעט,

אָבער זיי האָבן געשוויגן, דורך דעם, וואָס זיי האָבן זייער הסכמה ניט געגעבן, דורך דעם וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער מאכט, פארנעמען מאָרליי און בעדנס אין דער געשיכטע א בכבודיקערן אָרט, ווי די קיסרים, מיניסטאָרן, גענעראַלן, וואָס האָבן געמיינט דורך די מלחמה־דעקרעטן צו פאַרפעסטיקן זייער מאכט און האָבן זי פאָרט אָנגעוואָרן, וואָרום נאָר צוויי מלוכה־מענער פון איירָאָפּע, ללאָיד דזשאָרדזש און פאַשיטש, זיינען גע־בליבן בײַ דער מאַכט די גאַנצע צייט פון דער מלחמה, וואָס זיי האָבן געהתמעט איר אָנהייב, און אויך די ביידע האָבן באַלד נאָכדעם פארלאָרן די מאכט.

דעם אַנדער טאָג זיינען פאַר דער זיצונג און בעת דער זיצונג פון פאַרלאַמענט אָנגעקומען איינע נאָך דער אנדערער קריגס־ידיעות: מיטאָג־צייט איז באוואוסט געוואָרן דער אריינמארש פון די דייטשן אין בעלגיען, בעת דער זיצונג איז באקאנט גע־וואָרן קעניג אַלבערטס דעפּעשע מיט דעם רוף נאָך הילף. דעם מיעוט האָט מען ניט געלאָזט ריידן, מאַקדאָנאַלד דער פירער פון די ראַדיקאַלן, האָט נאר געקאָנט ריידן אין פאַרלאַמענט עט־לעכע ווערטער קעגן גריי; צוויי טעג שפּעטער האָט די לייבאָר־פאַרטיי אָפּגעגעבן איר שטים קעגן קריג. דערמיט האָט זי גע־געבן א מוסטער, וואָס וועט אין דער געשיכטע לייגנער זיך האַלטן און גלאנצן, ווי די נעמען פון אלע שלאַכטן, וואָס זיינען אין יענער מלחמה געוואונען און פארלאָרן געוואָרן אף דער יבשה צי אפן ים.

צום ערשטן מאָל האָט מען געזען גריי אן אומרואיקן, ער האָט געוואָלט וואָס גיכער קומען צום וואָרט, ער האָט געשפּירט דעם וועלט־געשיכטלעכן באַטייט פון זיין רעדע. ער האָט געזוגט ניט ווייל זי איז געווען טאַקע אַ גוטע רעדע, נאָר ווייל זי אי־געווען די איינציקע רעדע אין איירָאָפּע, וואו א פירער פון דער אויסווייניקסטער פּאָליטיק האָט אָפן פאָרגעשטעלט די פארטרעטער פון פאָלק אַלע מאָטיוון פאַר און קעגן, אַלע אינטערעסן און גע־פילן, אויפגעקלערט דעם גאנצן פּלאָנטער, כדי די מענטשן זאָלן קאָנען אָננעמען א באשלוס פריי לויט זייערע געפילן. אין די

דריי מאָנאַרכיעס האָט אין יענע טעג איין מענטש דערקלערט דריי ביז פינף מאָל קריג אָן יעטווידער קאָנטראָל, איגנאַנצן זעלבשטענדיק, נאָכדעם ווי ער האָט זיך נאָר מיישב געווען מיט אַ פּאָר מענטשן. אין פראַנקרייך און בעלגיען איז אמת די פראַגע געשטעלט געוואָרן, זי איז אָבער נאָר געווען אַ רעטאָרישע פראַגע, וואָרום דער איין פּאַרלאַמענט איז אויסגעהערט געוואָרן ערשט נאָך דער קריגס־דערקלערונג, און דער אנדערער האָט קיין ניין ניט געקאָנט זאָגן. נאָר אין ענגלאַנד האָט דער מיניסטער אויסגעמאָלט דאָס גאַנצע בילד פאַר די מענער, וואָס טראָגן די אחריות:

„מיר האָבן ביז נעכטן ניט מער צוגעזאָגט, ווי דיפּלאָמאַטישע אונטערשטיצונג... איך האָב נאָר דערקלערט דעם פראַנצויזישן און דייטשן אַמבאַסאַדאָר, אז די מיינונג פון ענגלאַנד וועט מסתמא זיך שטעלן אפן צד פון פראַנקרייך, אויב מען וועט איר אופצווינגען אַ קריג. צונויפרײַדן פון מיליטער־ליים האָב איך שטענדיק ערלויבט נאָר מיטן תנאי, אז ביידע רעגירונגען זאָלן בלייבן פריי, ווי אַ שטייגער בעת דעם מאַראָקאָ־קריזיס. אין יאָר 12 האָבן מיר אונז געגעבן קענגזייטיק באַשטימטע דערקלערונגען, בכדי צו זיכערן די פרייהייט פון די רעגירונגען (ער לייענט פאַר זיין בריוו־בייט מיט קאַמבאָן פון נאָוועמבער 1912)... פראַנקרייך איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דעם קאָנפליקט דורך איר בונדס־חבר פון איר כבוד וועגן. מיר זיינען מיט איר באַפרײַנדעט זינט לאַנג, און ווי ווייט פרײַנטשאַפט ברענגט מיט זיך התחייבותן, זאָל איטלעכער פרעגן זיין אייגן הארץ און געפיל און לויט דעם אפּשאַצן די מאָס פון די התחייבותן.

מיין פערזענלעכע מיינונג איז די: דער פלאָט פון פראַנקרייך ליגט אין מיטללענדישן ים, דער צפון־ און מערב־ברעג איז ניט באַשיצט. זאָל קומען אַ פרעמדער פלאָט און אָנפאַלן אף די דאָזיקע ברעגעס, וואָלט ענגלאַנד זיך באַדאַרפט רירן. פראַנקרייך, מיין איך, האָט דאָס רעכט צו וויסן, און צו וויסן דאָס באַלד, צי זי קאָן רעכענען אף דער הילף פון ענגלאַנד, ווען עס וועט זיין אַן אָנפאַל אַף אירע צפון־ און מערב־ברעגעס... באַ בעלגיען

זיינען פאַרכאַפּט אונזער כבוד און אונזערע אינטערעסן לכל הפּחות אזוי שטארק, ווי אין יאָר 1870, מיר קענען אונזער חוב ניט אופנעמען גרינגער, ווי גלאַדסטאָן האָט דאָס געטאָן". (ער לייענט פאָר די ענטפערס פון בײדע מלוכות און קעניג אַלבערטס רוף).

אויב עס גייט פאַרלאָרן די אומאָפּהייננגיקייט פון בעלגיען, דעמאָלט איז אויך פאַרפאַלן די אומאָפּהייננגיקייט פון האָלאַנד. באַקלערט זיך נאָר, וואָסערע בריטישע אינטערעסן עס זיינען דאָ איינגעשטעלט, אויב מיר האַלטן זיך אָפּ אין אַזאַ קריזיס. צו וועט דאָס, וואָס מיר וואָלטן באם סוף פון קריג אָפּגעשפּאָרט אין כחות, זיין גלייכווערטיק מיט דעם, וואָס מיר וועלן פארלירן אין אַכטונג? בכלל גלויב איך ניט, אויב א גרויסע מלוכה, צי זי קעמפט אָדער זי בלייבט נייטראַל, וועט צום סוף קאָנען ארויסווייזן איר גרעסערע מאַכט. מיר מיט אונזער מעכטיקן פלאָט, וועלן ניט קיין סך מער האָבן צו ליידן, ווען מיר גייען מיט, ווי ווען מיר וואָלטן געבליבן פאַסיוו, וואָרום אויף אלע פאלן וועלן מיר דורך אָט דער מלחמה מוזן שרעקלעך ליידן. אונזער אויסווייניקסטער האַנדל וועט אופהערן, און אויך אין גינסטיקסטן פאל ויעלן מיר צום סוף ניט זיין שטארק גענוג, בכדי צו מאכן פאַר ניט געשען דאָס, וואָס קאָן געשען: אַז גאַנץ מערב־אייראָפּע זאָל זיך פאַראייניקן קעגן אונז אונטער איין מאַכט... ווען דאָס לאַנד באקלערט זיך, וואָס דאָ איז איינגעשטעלט, דעמאָלט, מיין איך, וועט עס שטיצן די רעגירונג אייניק און שטענדיק".

אין דער דאָזיקער רעדע איז אַלץ אָפּגעוואויגן, אָן שום גוזמאות, אַ ביסל פאַרשטעלט. מכּח דער הייליקייט פון אָפּמאַכן איז קיין וואָרט ניט געזאָגט; ענגלאנד האָט געוואוסט, אַז אין אַלע קאַבינעטן שטייען פּאַפּיר־קערב פאר ניט־באקוועמע אָפּמאכן.

נאָך אָט דער רעדע פון ליבעראלן מיניסטער, וואָס האָט גערעדט קענען דער פראָגראם פון זיין פּאַרטיי און קעגן זיין האַרץ פאַר דער מלחמה, זיינען זיינע ליבעראַלע חברים געזעסן געדריקט און שווייגעדיק, זיינע קאָנסערוואטיווע קעגנער אָבער האָבן

שטאַרק אָפּלאָדירט. וואָרום גרייס ווערטער האָבן פאַרשוויגן זיין אינטוויינטיקסטן הויפּט־ציל. אין דערין ליגט אַ מין טראַגישער יושר קעגן זיין שוואכקייט.

ערשט אַסקוויט האָט דאָס ארויסגעזאָגט דעם 6־טן אויגוסט אין פּאַרלאַמענט: „מיר קעמפן אין די איצטיקע טעג, ווען די מענטשהייט געפינט זיך אָפּטמאָלס אונטער גוואַלד־הערשאַפט, פאַרן פּרינציפּ, אַז די קליינע נאַציעס זאָלן ניט דערשטיקט ווערן קעגן אינטערנאַציאָנאַלן יושר דורך אַ שטאַרקערער מאכט. איך האַלט, אַז קיין מאָל איז אַ נאַציע ניט אריינגעטראָטן אין אַ גרויסער מלחמה מיט אַ ריינערן געוויסן; וואָרום מיר קעמפן ניט פאַר פאַרגרעסערונג און ניט פאַר די אייגענע אינטערעסן, נייערט פאַר דער פאַרטיידיקונג פון פּרינציפּן, וואָס פון זיי איז אָפּגע־האנגען די ציוויליזאַציע פון דער וועלט“:

אַזוי האָט ענגלאנד אריינגעוואָרפן אין וואָגשאָל אירע אייזערנע, אירע זילבערנע קוילן און אויך די לופטיקע קוילן פון גייסט.

*

בעת עס זיינען געגאנגען די דאָזיקע פאַרהאַנדלונגען צווישן בערלין און לאָנדאָן, האָט עס אייז רגע אויסגעוויזן, אַז דער דייטש־פראנצויזישער קריג קאָן געשטערט ווערן דורך דער ענגלי־שער גאַראַנטיע. עס איז דאָ געווען אמת אַ פאַרדרייעניש, אָבער ווען מען קלייבט זיך גוט פאנאנדער, ווערט קלאָר די טבע פון יענער מיליטערישער מאַשין, וואָס קיינער, וואָס האָט זי אָנגע־דרייט, קאָן זי שוין מער ניט אָפּשטעלן, די זעלביקע אימה פונם שעף פון רוסישן גענעראל־שטאב אין פּעטערבורג, בעת דער צאַר האָט געוואָלט זי ארויסנעמען פון זיינע הענט, איז אָנגעפאַלן מיט צוויי טעג שפּעטער אף זיין דייטשן קאָלעגע אין בערלין. נאָך יענער גוטער בשורה פון לאָנדאָן האָט דער קיסר געזאָגט צו מאָלטקע: „איצט מאַרשירן מיר מיט דער גאנצער ארמיי קיין מזרח!“

מאָלטקע: „דאָס איז ניט מעגלעך, מאַיעסטעט. דעם מאַרש פון אַ מיליאָנען־אַרמיי לאָזט זיך ניט אימפּראָוויזירן. אויב אייער מאַיעסטעט באַשטייט דערויף, צו פירן די גאַנצע אַרמיי קיין מזרח, וועט איר האָבן נאָר אַ המון באַוואָפנטע מענטשן אָן פּראָוויאַנט".

דער קיסר: „אייער פעטער וואָלט מיר געהאַט געגעבן אַן אַנדער ענטפער!"

מאָלטקע: „עס איז לחלוטין ניט מעגלעך צו מאַרשירן אַנדערש, ווי עס איז אָנגעמערקט אין פּלאַן: שטאַרק קיין מערב, שוואַך קיין מזרח".

דערויף טעלעגראַפירט דער קיסר צום קעניג פון ענגלאַנד: „מחמת טעכנישע טעמים מוז מיין מאָביליזאַציע, וואָס איז שוין היינט נאָכמיטאָג באַפוילן געוואָרן, גיין קיין מזרח און קיין מערב, ווי דאָס איז געווען צוגעגרייט. קיין באַפעל דאָס צו בייטן קאָן ניט געגעבן ווערן... איך האָף, אַז פראַנקרייך וועט ניט ווערן נערוויעז". בכדי צו מילדערן דעם דאָזיקן סטראַשונעק, באַפעלט דער קיסר: „די 16־טע דיוויזיע אין טריר זאָל ניט גיין קיין לוקסעמבורג".

מאָלטקע, וואָס באַשרייבט די דאָזיקע סצענע, איז זיך מודה: „מיר איז געווען צו מוט, אַזוי ווי דאָס האַרץ וואָלט אין מיר צעבראָכן געוואָרן, ווידער אַ מאָל איז געווען אַ סכנה, אַז אונזער מאַרש זאָל צעפּלאָנטערט ווערן. געקומען אַהיים, בין איך געווען ווי צעבראָכן און האָב פאַרגאָסן טרערן פון יאוש... אַזוי בין איך געזעסן אין געדריקטער שטימונג אין מיין צימער, ביז מען האָט מיך אום 11 אַזייגער אין אָוונט ווידער גערופן צו זיין מאַיעסטעט". אויפקלערונג, אַ טעות, מלחמה קעגן פראַנקרייך, דער מאַרש ווי פאָראויסגעזען. מאָלטקע פאַרענדיקט: „איך האָב ניט געקאָנט אויס־מעקן דעם איינדרוק פון דער דאָזיקער איבערלעבעניש. עפּעס וואָס איז אין מיר געווען צעשטערט, וואָס מען האָט ווידער ניט געקאָנט אָפּבויען, זיכערקייט און בטחון זיינען געווען צע־טרייסלט".

די לאָגיק פון דער מאשין צעדריקט דעם קאָנסטרוקטאָר, ווי האָט אים געמאכט פאַר איר שקלאַף. יאַנושקעוויטש און מאַלט-קע, וואָס זייער גאַנצע נשמה איז אַ לעבן לאַנג געווען געווענדט אַף קריג, האָבן איבערגעלעבט זייער שרעקלעכסטן אויגנבליק, בשעת מען האָט געוואָלט אָפּשטעלן זייערע טייערע צאַצקעס אין דעם מאָמענט, ווען מען האָט זיי געלאָזן אין גאַנג. „עפּעס וואָס אין מיר איז געווען צעשטערט", שרייבט דער קריג-פירער, איידער ער הייבט אָן זיין צעשטער-אַרבעט.

## דרייצענטער קאַפּיטל.

## די אַפּגעגאַרטע.

וואו זיינען געבליבן די מאַסן? צי זיינען די גאַסן שוין גע-בליבן ליידיק, נאָכדעם ווי די טענער זיינען אַוועקגעטריבן געוואָרן צו די גרענעצן און די פרויען אין טרערן אריינגעטריבן אין די הייזער? צי קאָנען די געשרייען פון אָנטעכטיקע מיליאָנען ניט פאַרטייבן צען איינזאַמע, מעטאַלענע באַפעלן פון די עטלעכע מאַכטהאָבערס? צי האָט ניט דער שכל געווירקט צו שטאַרקן די קרבנות, כדי זיי זאָלן זיך ארויסמאכן פון זייערע שוחטים מיט שפּאָט אַף דער הייליקייט פון אזעלכע מזבחות?

נאָך אַלץ רעשן די גאַסן, נאָך אַלץ גייען די קרבנות אַרום פאַר די סודותפולע פּאַלאַצן פון די כהנים און רופן ארוף זייער ווילן צום לעבן סטראַשענדיק צו די הויכע פענסטער.

אָבער זיי האָבן שוין מער קיין פירערס ניט. אין פאַר-מאכטע חדרים, ניט אנדערש ווי די דיפּלאָמאַטן, זיצן די פירערס פון אַרבעטס-פאָלק בא טישן און באַקלערן שעהן לאַנג, וואָס צו טאָן. זייערע שטולן זיינען האַרטער, די ציגאַרן וועלוועלער, די מלבושים גרעבער, ניטאָ אויך די דינערס, וואָס מאַכן צו די טירן, אויך זיינען ניטאָ יענע קאַנצעלאַריסטן, וואָס זיצן מיט דער רעכ-טער פּלייצע איינגעבויגן איבער די פּאַפּירן. הגם עקסעלענץ קוקט

שוין לאנג אין אן אנדער זייט. אָבער זיי האָבן אויך סודות פארן המון, זיי זיינען שוין אויך געוואָרן כהנים. זי פילן שוין, אָבער זיי זאָגן נאָך ניט אויס, אַז מאָרגן אפשר וועלן זיי שוין מוזן שווייגן.

אפשר. נאָך האָפן זיי, און נאָר די שוואַכע צווישן זיי, וואָס זיינען מיד געוואָרן פון שטענדיקן זיין קעגן, וואָס האָבן פאר זייערע קינדער אָפגעשפּאָרט אַ זיכערן מצב, זיי פירן שוין איצט אריבער צום נאַציאָנאַלן געדאַנק און וואָלטן וועלן גיין אַמאָל צו־זאַמען מיט דער מלוכה.

בערלין: „די פאַרזאַמלונג, וואָס איז צונויפגערופן אַף זונטאָג אין טרעפּטאָווער פּאַרק, איז געווענדט קעגן קריג, דערפאַר מוז מען באַ היינטיקע ערנסטע צייטן זי האלטן פאַר אַ סכנה פאַר דער עפנטלעכער זיכערקייט". ווי צו דעם, ווער עס הויבט אוף זיין שטים קעגן מלחמה; ער וואָלט נאָך געקאָנט ראַטעווען דעם שלום. אין 39 פאָלקס־פאַרזאַמלונגען האָבן דערנאָך די סאָציא־ליסטן געפּרואווט דערגרייכן אונטערן דאך דאָס, וואָס אונטערן פרייען הימל איז געווען פאַרבאָטן, אומזיסט. מיט צוויי טעג שפּעטער האָבן זיי געפּרואווט דאָס זעלביקע טאָן אין 17 פאר־זאמלונגען. פּאָליציי האָט אַלע צעטריבן.

זי פילט זיך זיכער. זי לייענט דאָך דעם „פאָרווערטס" און זי ווייס, אַז ער בורטשעט נאָך, נאָר ער טרעט צוריק: „מיר וועלן די קלעמעדיקע געשעענישן איבערלעבן ניט מיט פּאַטאַלי־סטישן גלייכגילט. מיר וועלן בלייבן געטריי אונזער פאָן, דורכגע־דרונגען מיט דער גרויסקייט פון אונזער קולטור־מיסיע, מיט מוראדיקער שארפקייט טרעפן די שטרייגנע געזעצן פונם קריגס־רעכט די אַרבעטער־באַוועגונג. ניט באקלערטע ארויסטרעטונגען, אומנוציקע און פאלש פארשטאנענע קרבנות ברייגגען שאָדן אין דעם מאָמענט ניט נאר יעדן איינציקן, נייערט אונזער כלל־זאַך. מיר רופן צו אייך, איר זאָלט אָפּוואַרטן, ביז די צוקונפט וועט געהערן דעם סאָציאַליזם, וואָס פאַרבינדט די פעלקער".

דער סאָציאַלדעמאָקראַט האַפּמאַן אין בייערישן לאַנדטאַג: „מיר שטייען דירעקט פאַר אַ היסטאָרישער געשעעניש, וואָס קאָן

איינשטעלן אין סכּנה דעם גאַנצן קיום פון דער אימפּעריע און וועט אפשר פאָדערן איינצושטעלן דעם לעצטן מאַן אויף צו פאַר־טיידיקן דאָס פאָטערלאַנד. ווען דאָס דייטשע פאָלק זאָל אין עט־לעכע טעג אַרום געראָפן ווערן צו געווער, וועלן אויך די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד".

אַז די פאַרטיי האָט גענומען גיין צוריק, האָט זי געפילט: פיר מיליאָן וויילער זיינען צו שוואַך פאַר אַ רעוואָלוציע, בכן מוז מען זיך אונטערגעבן. מיר וועלן פאָלגן. אָבער ניט אָן ווידערשטאַנד, מיר וועלן קיין מאָל אין פאַרלאַמענט ניט באַוויליקן דאָס געלט פאַר דער גרויסער שחיטה. אונזער ברוגזדיק שווייגן וועט געבן צו פאַרשטיין אונזערע פיינטלעכע ברידער אויף יענער זייט גרענעץ, וואָס מיר פילן. אויף להכעיס די אָפיצערן וועלן מיר באַלד איינע די אַנדערע דריקן די הענט!

אַזוי זיינען קענטיק אַנטשלאָסן דער רוב, נאָר ווינציק ריידן אין דער ערשטער באַראַטונג אַנדערש. קיין החלטה ווערט ניט אָנגענומען. אַ שליח מיוחד ווערט געשיקט קיין פּאַריז, בכדי ער זאָל זיך אָן עצה האַלטן מיט זשאָרעסן, וואָס האָט אייערנעכטן נאָך פעסט צוגעזאָגט דעם דייטש האַזע, אַז ער וועט זיך אַנט־קעגנשטעלן! דאָס בעסטע וואָלט געווען, אַרויסצוזאָגן אַ גלייכן ווּעטאָ אין אַלע פאַרלאַמענטן. דעם זעלביקן פאַרנאַכט פאָרט הער־מאַן מילער קיין פּאַריז, בכדי צו באַווייזן דעם געוויסן פון דייטש־לאַנד פאָרן קעגנער.

נאָר די דייטשע אַרבעטער זיינען געווען דייטשן. אמת־זינט דרייסיק יאָר האָט מען זיי געזידלט ווי באַנדיטן אָן אַ פאָטערלאַנד; אָבער זיי דערמאָנען זיך גערן אָן די צוויי יאָר ווען זיי האָבן געדינט. ווייטער איז פאַראַן אַ געלעגנהייט־אַרויסצוגיין אויף אַ ווייַלע פונעם יאָך פון פאַבריק, פאַר די קינדער אין דער היים זאָרגט די מלוכה. סכּנה? אַזוי ווי עס קאָן ניט מאָרגן צע־שפּרונגען ווערן דער קעסל, און ניט איטלעכע קויל טרעפט! די פירער אָבער, וואָס ווייסן, וואָס די מאַסע קלערט, און ווייסן אויך, אַז זי איז צו שוואַך צו מאַכן אַ רעוואָלוציע, פאַרענטפערן

זיך פאַר זייער געוויסן מיט איין וואָרט: דער בלוטיקער צאַר איז אונזער שונא!

בעטמאַן טוט ווי אַ דיפּלאָמאַט: איצט תיכּף פאַרעפנטלעכן דעם קיסרס שלום־דעפּעשן, פאַרקערט אויסבאַהאלטן אלצדינג, וואָס דורך דעם האָבן מיר אין משך פון פיר וואָכן געטריבן אין קריג אריין, ער באַהאַלט אויך דעם צאַרס פאָרשלאָג מכּח האַאַג! שטייט אוף! דערמאָנט זיך אָן אייער בעבעל, וואָס האָט געוואָלט קעמפן קעגן צאַר! מיר קעמפן פאר דער פרייהייט קעגן דער ווילד־הערשאפט פון די באַרבאַרן!

וואָלטן נאָר דריי פונקטן פון דער אויסווייניקסטער אַקציע געווען אזוי פיין אַרומגעאַרבעט, ווי אָט די איינע אף אינעווייניק, מען וואָלט פאַרשפאָרט דעם וועלט־קריג. דאָרטן האָט גאווה גע־טריבן צו ליכטזין, דאָ האָט שרעק געלערנט זיין אָפּגעהיט. ווען עס גיט זיך איין ארויסצושטעלן דעם דאָזיקן קריג, ווי אַ קאַמף קעגן אַזיאַטישע האָרדעס, דעמאָלט וועט די רויטע פאָנע זיך מוזן באַהאַלטן; ס'קאָן אפשר גאָר ארויסקומען א שפּאלטונג צווישן אירע קעמפער.

יאָ, שוין האָבן זיך געהערט חילוקי דעות.

דער „באַדישער פאָלקספריינד": „אין דער דאָזיקער מורא־דיק ערנסטער שעה מוזן שווייגן די פאַרטיי־לײדנשאַפטן... די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געטאָן אַלצדינג, וואָס זי איז געווען ביכולת, כדי אויסצומיידן דעם קריג, זי וואַרפט אָפּ יעדער אחריות דערפאַר, וואָס ער איז געקומען. איר פּאָליטיק איז ניט זינט נעכטן און אייערנעכטן, נייערט זינט צענדליקער יאָרן געווענדט דערויף, אויסצומיידן די מאַומדיקע קאַטאַסטראָפע".

די „כעמניצער פאָלקסשטימע": „אונז אַלעמען באַהערשט נאָר איין פראַגע: „ווילן מיר זיגן?: קודם כל פילן מיר דעם חוב צו קעמפן קעגן דער רוסישער ווילד־הערשאפט. דייטשע פרויען און קינדער זאָלן ניט ווערן קרבנות פון רוסישער ווילד־חיהשקייט. וואָרום אויב עס וועט זיגן דער דרייפאַרבאַנד. וועט געוועלטיקן איבער דייטשלאנד ניט אַן ענגלישער גובערנאַטאָר אָדער אַ פראַנ־צויזישער רעפּובליקאנער, נייערט דער רוסישער צאַר... אונזערע

הכרים וועלן ארויסגיין אין קאַמף ניט מיט הוראַ און ניט מיט שנאה קעגן דעם רוסישן אַרבעטער, נים מיט גאָט פאַרן קעניג, נאָר זיי זיינען פעסט בא זיך נים צו לאָזן זיך אריבערשטייגן דורך קיין וואָרט־פאטריאָט און טאָן זייער חוב פאַרן פאָטער־לאַנד".

די „עסענער אַרבעטער צייטונג": „אויב דאָס דאָזיקע לאנד ווערט איצט באַדרויט מצד רוסלאַנד, וועלן די סאָציאַלדעמאָקראַטן נים לאָזן קיינעם אריבערשטייגן זיי אין טאָן זייער חוב און אין גרייטקייט צו קרבנות. וואָרום דער קאמף ווערט געפירט קעגן רוסישן בלוטיקן צאַריזם, דעם מיליאָנען־פאַכיקן פאַרברעכער קעגן פרייהייט און קולטור... נידער דעם צאַריזם! נידער די פעסטונג פון באַרבאַריזם! דאָס וועט זיין דער פאַראָל".

שטיי אוף, דייטשער בערג־ארבעטער! דו זאָלסט שיסן דיין ברודער פון דער שבנישער לאָטרינגער גרוב, וואָס אייערע ביידנס שאַכטעס גייען זיך אזוי נאָענט צונויף, אַז דו קאָנסט במעט הערן דעם קלאַפ פון זיין האַמער, אין גאָטס נאָמען און אפן קיסרס באפעל; אָבער טראַכטן זאָלסטו, בעת דו צילעוועסט, אַז דעם פיינט, וואָס דו הרגעסט, האָסטו ליב מיטן גאַנצן האַרצן, דעם קיסר, וואָס אים האָסטו געשוואָרן, האָסטו פיינט, אז דאָס געשעט בא דער מאַרנע נאָר צוליב דעם, כדי דער קיסר פון רוסלאַנד זאָל נים קאָנען שענדן דיין טאָכטער, ווען ער וועט ווערן דער האַר פון דייטשלאנד! דער פלאָנטער איז פאַראַן, אָבער ער האָט נאָך אַלעמען נים פאַרכאַפּט. „חשודיקע טויטער פון טיראַ־נען" רופט אָן די „לייפּציגער פאָלקסצייטונג" אירע ברידער, וואָרנט דערפאַר, מען זאָל נים ציטירן איצט מאַרקס און בעבעל. וואָס האָבן דערמאָלט געוואָלט מלחמה קעגן רוסלאנד. וואָרום „איצט שטיצן די זין פון יענע, וואָס זיינען געשטאַנען אף די באַריקאַדעס, די אַלטאַרן און די קרוינען, וואָס זייערע עלטערן און זיידעס האָבן זיי געמאכט ציטערן... ווער קאָן דאָס באהויפּטן, אז א מיטל־אייראָפּייאישע מלוכה, וואָס פירט מלחמה מיט רוס־לאנד, טראָגט היינט אַהין די רעוואָלוציע!... דער טיין פון דער

דייטשער רעגירונג איז, אריינצוטרייבן די דייטשע אַרבעטער אין מלחמה מיט רוסלאַנד דורך דער פּאַרופונג אף א פּאַרעלטערטער אידעאָלאָגיע. דער שווינדל איז קלאָר!"

אפילו נאָך דער קריגס־דערקלערונג איראָניזירט דער „פאָר־ווערטס" איבערן פרואוו ארויסצושטעלן דעם דאָזיקן קריג ווי אַ סאָציאליסטישע פאָדערונג און וואָרנט קודם כּל, אַז די סאָציאל־דעמאָקראטן זאָלן ניט צושטימען אין רייכסטאג. וואָרום דעמאָלט קאָן דער צאַר זאָגן: „אָט די ידיעה דארף איך האָבן! איצט איז בּא אונזער אייגענער רעוואָלוציע צעבּראָכן דער רוקן־בּיין! איצט קאָן איך ארויסלאָזן די נאציאָנאלע היה רעה! איך בּין גע־ראַטעוועט!"

מאָרגן וועט דער „פאָרווערטס" מוזן ריידן אנדערש, וואָ־רום היינט איז די אַנטשיידונג. נאָר מיט צוויי טעג צוריק האָט דער פּאַרטיי־פאָרשטאַנד דערקלערט דעם קאַנצלער, אַז זיי מוזן אָפּוואַרפן די קרעדיטן, און היינט?

בּאַ הונדערט מאַן זיצן זיי איצט אין פראַקציע־צימער. צוזאמען מיט עכטע פאָלקס־מענטשן, בּעלי־מלאכות, וואָס קלאַפּן צו מיטן פויסט אין טיש אריין, ווען זיי זיינען אופגערעגט, צוזא־מען מיט רעוואָלוציאָנערן לויטן כאראקטער און לויט דער דערציאונג, זיצן דאָרט דאָקטוירים און אדוואָקאטן, וואָס האָבן פון אויסווייניק דעם פּנים פון בּירגער, וואָס פון זיי שטאַמען זיי. די פאָר־שטייער פון רוב שטייען אויף אַף דער זיצונג און זאָגן:

פונם נייעם ווייסן בוך פון דער רעגירונג איז קענטיק, אז רוסלאַנד האָט צוערשט מאָבּיליזירט. דערנאָך, ניט אָפּגעוואַרט אף אונזער קריגס־דערקלערונג, איז זי אַריבּער דעם גרענעץ. אויך אין מערב שטייט דער פראַנצויז, לויטן אָפיציעלן בּאַריכט, שוין אַף דייטשער ערד: דאָס איז, בּכן, א פאַרטיידיקונגס־קריג! אין אזא קריג טאָרן מיר ניט שטימען קעגן קרעדיטן, וואָס כּמעט אַ אַ העלפט פון זיי וועט פאַרניצט ווערן פאַר די פרויען און קינ־דער פון אָרימען פאָלק, היוה ווי מיר. וואָס מיר זיינען נאָר א פּערטל פון אַלע דעפּוטאַטן, קאָנען דאָך די אַסיגנירונג פאַקטיש ניט שטערן, וועט אונזער אָפּוואַרפן מאכן בּא די מאַסן דעם

אײנדריק, אַז די אינוואַזיע און די מפּלה רירט אונז ניט אָן, אַז מיר זײַנען אפשר צופרידן דערמיט. אױף א גענעראַל־שטרײק קאָן זיך אײנשטעלן נאָר דער, װאָס איז שטאַרק גענוג איבערצונעמען די רעגירונג. אויב ניט, העלפט דער בירגער־קריג נאָר דעם שונא. אזוי רעדט די מערהײט.

דער בעסטער קאָפּ אין דער פאַרזאַמלונג, קאַוטסקי, איז פאַר אָפּהאַלטן זיך פון שטימען, אזוי װי בעבעל אין יאָר 70. ער בלײַבט אָבער אײנער אלײן.

װאָרום דער מיעוט אונטער האַזע, לעדעבור, ליבקנעכט האַלט, אַז מען קאָן זיך ניט פאַרופן אױף יענע אַלטע צײַטן, בעת אין רײַכסטאַג זײַנען געזעסן צװײ סאָציאַליסטן; הײַנט פאַרטרעטן 110 במעט אַ דריטל פון פאָלק. דאָס װײַסע בוך קאָן זײַן געפעלשט. פאַר װאָס זאָל הײַנט זאָגן דעם אמת אַ רעגירונג, װאָס מיר האָבן איר קײן מאָל ניט געטרויט? אונזער הסכמה, װאָס מיר זײַנען די גרעסטע פּאַרטײ אין אײראָפּע, װעט אַרײַנברענגען אַ מהומה אומעטום. דאָס קאָן מסתמא חרוב מאַכן דעם גאַנצן אינטערנאַציאָנאַל. טעלעגראַמעס פון נעכטן און פון הײַנט, פון לאָנדאָן, פּאַריז, מילאַן, בריסל רופן אונז צו װידערשטאַנד. װער עס אָסיגנירט געלט, דער טראָגט די אחריות אױך פאַר דער פירונג פון קריג און פאַר די צילן פון קריג. זאָל זיך דער קאַנצלער נאָך הײַנט מתחײב זײַן ניט צו מאַכן קײן אַנעקסיעס. דאָס װעט ער זיך אָפּזאָגן, און דעמאָלט װעט פאַר די מאַסן זײַן קלאָר, פאַר װאָס מיר װאַרפן אָפּ די קרעדיטן.

שעהן לאַנג גײט דער װיכּוח. דער מיעוט באַקלערט זיך צי זײ זאָלן ניט שטימען באַזונדער. אָבער זײ זאָגן זיך אָפּ דערפון, כדי ניט אָפּצושװאַכן די פּאַרטײ: נאָך פּרואװן גלויביקע פון צװײ װעלטן צו בלײַבן אונטער אײן דאָגמע. אָפּשטימונג: 78 קעגן 14. האַזע, דער פאָרזיצער, פאָלגט דער דיסציפּלין און נעמט אױף זיך איבערצולײענען אין רײַכסטאַג אַ דעקלאַראַציע, װאָס ער האָט אַלײן אָפּגעװאָרפן. נאָר אײן זאַץ האָט דער מיעוט געפּועלט אַרײַנצושטעלן: „װי נאָר דער קריג װערט אַ באַצװינג־קריג, װעלן מיר זיך קעגן אים װענדן מיט די שאַרפסטע מיטלען". דער

לעצטער אויסגעשריי פון פאַציפיסטישן געוויסן! אז מען באַווייזט אין אָוונט דעם קאַנצלער די דעקלאַראַציע, בעט ער, מען זאָל דעם תנאי פון דעם זאַץ אויסמעקן. עס איז א שמועס אונטער פיר אויגן, דער זאַץ אין דער פאָרם ווערט אויסגעמעקט.

אָט די דאָזיקע שטעלונג פון די דייטשע סאָציאַליסטן איז פאַר דער גאַנצער וועלט געקומען אַזוי אומגעריכט, אז דער בוקאַרעשטער פאַרטיי־אָרגאַן האָט נאָך אין אַ וואָך אַרום באַ־צייכנט די דאָזיקע ידיעה פאַר אַ ליגן און האָט אויסגעלאַכט די ווינער אַרבעטער־צייטונג, וואָס האָט די דאָזיקע ידיעה געבראַכט פון בערלין, אַז זי איז געוואָרן א רעגירונגס־בלאַט.

ווין האָט נאָך פריער געמוזט נאָכגעבן, וואָרום די עסטרייכישע פאַרטיי מיט איר מיליאָן ווײלער איז געווען אַ סך שוואַכער. דאָרט האָט די רעגירונג געמעגט רופן אָפיציעל די בירגער צו מסרן אַלעמען, ווער עס וועט אַרויסווייזן אַנטי־מלוכהשע געפילן. אין משך פון צוויי וואָכן האָבן די עסטרייכישע סאָציאַליסטן גע־קעמפט מיט היץ קעגן גראַף בערכטהאָלדס פּראָוואָקאַציעס. הײַנט האָבן זיי געהערט „די אײַזערנע שטים פון דער געשיכטע, דער פאַרהאַנג ווערט אויפגעהויבן פון דער עזותדיקער שפּיל פון דער צאַריסטישער פּאָליטיק". אָבער וואָס זיי פילן מיט אַן אמת, די פירער, קוקט אַפיר פון דעם איראָנישן זאַץ באַם סוף: „דאָס לעבן פאַרן צאַר — די גאַנצע קולטור־מענטשהייט אויף די דאָזיקע אָפּערע ווי א בלוטיקע וועלט־גראָטעסק־שפּיל!" פונדעסטוועגן פאַרצייכנט די ווינער אַרבעטער־צייטונג דעם טאָג, ווען די סאָ־ציאַליסטן אין בערלין האָבן געשטימט פאַר די קרעדיטן, „פאַר א טאָג פון דער שטאָלצסטער און גוואַלדיקסטער דערהויבונג פון דײַטשן גייסט", און אַזוי אין בודאפּעשט און פּראָג, אין לעמבערג און אין קלאַגענפורט, בא אַלע פעלקער פון עסטרייך.

*

די סיבה? די רעגירונגען פון אייראָפּע האָבן אָפּגענאַרט די פעלקער! אין דריי פון די פינף גרויסע קאַבינעטן לאָזט זיך דאָס באַווייזן לויט דאָקומענטן.

אין ענגלאַנד לאָזט די טראַדיציע ניט אָפּנאַרן, און אויך דער קאָנטראָל פון פּאַרלאַמענט איבער דער רעגירונג דערלאָזט ניט קיין גענאַר. די דאָקומענטן — די איינציקע, וואָס אַ רע־גירונג האָט ארויסגעגעבן מיטן גוטן ווילן, וואָרום אין די דריי מאָנאַרכיעס האָט עס געטאָן די רעוואָלוציע — האָבן דאָס באַ־שטעטיקט; כּמעט אַלע פּרואוון, צו געפינען סתירות צווישן דעם בלויען בוך פון אויגוסט 1914 מיט דער דאָקומענטן־זאמלונג פון 1926, וואָס מען זאָל זיי קאָנען באַצייכענען פאַר פעלשונגען, האָבן זיך ניט איינגעגעבן. די ווינציק פאַרשיידנהייטן האָבן קיין באַטרעף ניט, אוודאי פעלן נאָך דאָקומענטן, אָבער נאָר ווינציק איז אויסגעלאָזט לטובת ענגלאַנד. אמת איז דאָך, אז גרייס פּריוואַ פאַרבינדונג מיט פראנקרייך און רוסלאַנד פון יאָר 1912 און 1914 איז געמאַכט געוואָרן אָן וויסן פון פּאַרלאַמענט, נאָך מער, א האַלבער קאַבינעט האָט דערפון ניט געוואוסט. דעם 4 אויגוסט האָט דער „מאַנטשעסטער גאַרדיאַן" געמעגט שרייבן: „סער עדו־אַרד גרייס רעדע פון נעכטן פאַרנאַכט האָט אַנטפּלעקט, אז זינט יאָרן האָט ער געהאַלטן בסוד דעם גאַנצן אמת". אויך האָט אין די קריזיס־טעג אַ טייל פון דער פּרעסע געדרייט דעם עולם דורך די מיאוסטע ליגנס איבער דייטשע אָנפאַלן און כּוונות.

דאָס געלע בוך פון פראַנקרייך לאָזט זיך נאָך ניט קאָנ־טראָלירן, אָבער מען קאָן דאָך אומדירעקט ארויסדרינגען, אַז עס זיינען פאַראַן פעלשונגען; שוין דאָס, וואָס מען האָט באַדאַרפט האָבן 4 חדשים, בּכדי עס ארויסצוגעבן, איז חשודיק. פראַנצויזישע פריינט פון אמת האָבן שוין 5 פעלשונגען ארויסגעקראָגן. אזוי האָט מען ניט דערציילט דעם פראַנצויזישן פאָלק, אַז די רעגי־רונג האָט געוואוסט מכּח דער רוסישער אלגעמיינער מאָביליזאַציע, מען האָט אונטערגעשטראָכן די אייגענע ליבע צו שלום, דערוויזן, אַז דייטשלאנד האָט געוואָלט קריג. נאָך צוויי נומערן זיינען אין גאַנצן אויסגעקלערט פון קאָפּ, וואָס שפּעטער האָט פּואנקארע אומזיסט געסטאַרעט זיך זיי צו דערקלערן דורך דעם „סוד פון שיפר". וויטער זיינען פאַראַן באַווייזן, אַז דאָס דאָזיקע געלע בוך איז געפעלשט, אין דער עקספּערטיזע פון די צוויי פראַנצויזישע

געלערנטע יוריסטן לאַרנאָד, דעקאַן פון פאריזער יורידישן פאַקול־טעט, און לאַפּראַדעל, דעם מומחה אין פעלקער־רעכט, וואָס האָבן פאַר אַן אָפיציעלער קאָמיסיע בעת די שלום־אונטערהאנד־לונגען באוויזן, אַז „ווילהעלם דער צווייטער איז קרימינעל שולדיק", אפן סמך פון א בריוו, וואָס ווילהעלם זאָל האָבן געשריבן צו פראַנץ יאָזעף: „מיין הארץ באגיסט זיך מיט בלוט, אָבער אלצו דינג מוז ווערן צעשטערט מיט פייער און שווערד, מענער, פרויען, קינדער און אלטע לייט מוזן ווערן אויסגעקוילעט, מען טאָר ניט לאָזן שטיין קיין בוים און קיין הויז. מיט אָט די טעראָר־מעשים, וואָס זיי אליין זיינען בכח צו דערשלאָגן אַזאַ דעגענערירט פאָלק ווי די פראנצויזן, וועט די מלחמה זיין גע־ענדיקט אין צוויי חדשים, ווען איך זאָל זיך אָבער רעכענען מיט מענטשלעכע געפילן, קאָן זי זיך פארציען אַף יאָרן". עס איז באמת א חידוש, וואָס מיט אַזאַ מאַכעריי וואָס איז קעגן יעדער פסיכאלאגיע, האט מען געהאט בדעה אָפּצונארן א גרויס פאלק פון פסיכאלאגן, אויך דער באריממטער „אפיציעלער און גע־היימער מעמאראנדום מכח דער פארשטארקונג פון דער דייטשער ארמיי אין אפּריל 1913", וואס זאל בלומרשט זיין לודענדארפס ארבעט, איז באשיימפערלעך געווען אויסגעקלערט.

די פעלשונגען פון דער רוסישער רעגירונג זיינען אופגע־דעקט געווארן דורך דער פובליקאַציע פון די באָלשעוויקעס: אנ־שטאט 79 נומערן, וואָס זיינען פארעפנטלעכט געווארן דעם 7־טן אווגוסט 1914, זיינען דארט געווען אין דער אמתן 208. פון די דאָקומענטן, וואָס זיינען פובליצירט געווארן באם אָנהייב קריג, איז א פערטל אן ערך פאלסיפיצירט, בפרט די טעלעגראמעס צווישן סאזאנאוון אין פעטערבורג און זיין אמבאסאדאר איזוואלסקי אין פאריז. מען איז אויסן געווען ארויסצושטעלן, אַז דייטשלאַנד האָט בפירוש ניט געוואלט לאקאליזירן די מלחמה, נאר דוקא זי צו מאכן פאר אן אלגעמיינער. ווייטער צו באהאלטן אלצדינג, וואָס מען האָט געקאָנט אויסטייטשן אין דעם זין, אז פראנקרייך און רוס־לאנד האָבן געוואלט מלחמה! די מעלדונגען מכח די אייגענע

הכנות צום קריג זיינען געווען געמילדערט, וועגן עסטרייכס הכנות פארשאפט.

מער פון אלעמען האָט געלייגט גראף בערכטאָלד. ער האָט באדארפט האָבן א האלב יאָר, ביז ער האָט פארעפנטלעכט פאַר זיינע אונטערטאַנען 69 דאקומענטן; אין פיר יאר ארום האָט די רעוואלוציע פּובּליקירט 352, ווי א „הוספה און מילואים", צווישן זיי געפינען זיך די וויכטיקסטע מקורים מכח דער פראגע ווער איז שולדיק אין קריג. פון בערכטאָלדס 69 שטיק קאָן מען 9 נישט קאָנטראלירן, 12 האָט מען נישט געקאָנט פעלשן, וויל זיי זיינען געווען באוואוסט אויך די אנדערע מלוכות, 10 זיינען איבערגעגעבן געווארן ריכטיק, 38, דאָס הייסט צוויי דריטל פון די 57, וואָס מען האָט געקאָנט פעלשן, זיינען געווארן גע-פעלשט. מיר כאפּן ארויס פון די פעלשונגען:

אויב אין נומער 6 האָט דער אמבּאַסאַדאָר געשריבּן, „אז דער מאָמענט איז א גינסטיקער (פארן קריג), און סיי די אַי-נעווייניקסטע סיטואציע שטעלט פאר גינסטיקע תנאים און גע-לעגנהייטן — מסתמא די לעצטע אין אונזער תקופה", פעלט דער דאָזיקער בפירוש פּראוואצירנדיקער זאץ אינגאנצן. דער אול-טימאטום און זיין פירוש זיינען דאַטירט מיט צוויי טעג פריער (פרגל. בּערלין). אויב עס ווערן איבּערגעגעבּן פון פּאריז העך בּיענוועניס גינסטיקע באַמערקונגען פאר עסטרייך (נומ. 11), פעלט דאָרט דער אנטשיידנדיקער זאַץ. „אף דער פירונג פון דער אויסוויינקסטער פּאליטיק האָט ער (דער יוסטיץ-מיניסטער) נאַ-מירלעך קיין שום השפּעה נישט". אין נומ. 13 פעלט די התראה פון פראנצויזישן קאַבּינעט פארן אולטימאטום אין רוסלאַנד. די ידיעה מכח דער סערבּישער מאָבּיליזאציע ווערט צונויפגעשטו-קעוועט אין איינעם מיט דער מעלדונג וועגן איבּעררייסן די בּא-ציאונגען פון עטלעכע טעלעגראמעס (נומ: 23 און 24) אזוי, אז מען זאָל מיינען, אז די מאָבּיליזאציע אין סערבּיען האָט דאָס געבּראכט עסטרייך דערצו, זי זאָל איבּעררייסן די באַציאונגען, בעת דער אמת איז געווען פארקערט. אין נומ. 28, א טעלע-

גראמע פון 26־טן אין פעטערבורג, איז אויסגעמעקט דער סוף: „האָב געהאט דעם איינדרוק, אַז מען איז שטאַרק נערוויז און פאַרזארגט. איך האַלט דעם פארלאַנג נאָך שלום פאר אופּריכ־טיק... גרונט־שטריך פון דער שטימונג: האפענונג אף דייטש־לאַנד און פאַרמיטלונג פון זיין מאַיעכטעט.

טעלעגע שלום־פארשלאגן פון סאזאָנאָוון, למשל פון 27־טן, אַז דער קעניג פון איטאליען, ד. ה. דער פארבינדעטער פון קעגנער, זאָל פארמיטלען, זיינען אין נומער 31 אויסגעמעקט. אויב בערכטהאלד האָט געגעבן רשות זיין אמבאסאדאָר אין בער־לין צו דערקלערן, אַז ער „האָט ניט בדעה איינצונעמען טערי־טאָריעס". פעלט (נומ. 32) די אַנטשיידנדיקע הוספה, „אָן זיך צו בינדן". אין נומ. 38 זיינען אויסגעמעקט צוויי ערטער, וואָס באווייזן סער עדוארדס גרייס שלום־שטימונגען. אין איין טעלע־גראם קיין בערלין, נומ. 42, איז אויסגעמעקט אן ארט, וואו עס איז געשטאַנען, אז גענעראל קאָנראד פאן העצענדאָרף האָט נאָך דעם 28־טן, דאָס הייסט, פאַר דער רוסישער מאָביליזאַציע, גע־פאָדערט, „אַז סיי עסטרייך־אונגאַרן און סיי דייטשלאַנד זאָלן תיכף אָננעמען געהעריקע מיטלען". בעת עס ווערט אינגאַנצן אַרויסגעוואָרפן די טעלעגראם פון גראף סעגיעני פון 28־טן ווייל דאָרטן וואַרפט בערלין אָפּ די ענגלישע פארמיטלונג און שיקט זי נאר פאָרמעל קיין ווין, ענטפערט בערכטהאלד אין זיין רויטן בוך פונקט דעם היפוך דערפון, וואָס עס באווייזט דער שפּעטער געפונענער דאָקומענט.

דערנאָך ווערט געפעלשט בעטמאנס התראה פון 28־טן, מיט דער ידיעה וועגן דער ענגלישער דרויאונג (נומ. 44). נומ. 47 האָט 8 פעלשונגען: פון דער דאזיקער טעלעגראמע פון דעם עסטרייכישן אמבאַסאַדאָר אין פעטערבורג איז ארויסגעוואָרפן דער אָרט, וואו עס שטייט מכח דער שווערער ווירקונג, וואס די באמבאדירונג פון בעלגראַד האָט געמאַכט אף סאַזאָנאָוון, און די ידעה, אז די רוסישע מאביליזאַציע, וואס איז דורכדעם ארויסגע־רופן, האָט ניט קיין אגרעסיווע צוועקן. אין נומ. 56 זיינען

אויסגעמעקט סאַזאָנאָווס דערקלערונגען, אַז מאביליזאציע באַטייט נאך ניט מלחמה, און אז דעם אמבאסאדאר איז געוואָרן גרינגער אפן הארצן נאָך אט דעם ערנסטן שמועס.

די דייטשע רעגירונג האָט דעם 3=טן אווגוסט צוגעשטעלט דעם רייכסטאַג א מעמאָראנדום פון 30 נומערן מיט 7 פאנאנ= געוואָרפענע שטיק; אז די רעוואלוציע האָט אין יאָר 1919 ארויסגעגעבן די אמתע „דייטשע דאָקומענטן“, זיינען זיי געווען ביז צו יענעם טאג 702. נעמען מיר נאָר די 30 געוויסע, און צו רעכענען די 7 פאנאנדערגעוואָרפענע נומערן, פאַלן קודם כל אָפּ 7 שטיק, וואָס האָבן ניט געקאָנט ווערן פאלסיפיצירט, ווייל זיי זיינען געווען באוואוסט אויך די קעגנער. פון די 23 דאָקו= מענטן, וואָס מען האט געקאָנט פעלשן, האָט די רעגירונג 18 גע= פעלשט. צווישן זיי געהערן א גאַנצע ריי צו אזעלכע פונקטן, וואָס וואָלטן געקאָנט באווייזן, אז אויך דייטשלאנד איז שולדיק אין דער מלחמה; עס איז בכן, קלאר דער מיין צו באהאלטן דעם אמת פארן פאָלק. צווישן די פעלשונגען דערמאָנען מיר די ווייַ= טערדיקע:

די הוספה 1, וואס אנטהאַלט אין זיך דעם צירקולאר צו סערביען, איז אָפּגערוקט פונם 21=טן אפן 23=טן, בכדי צו פאר= שטעלן, אז די דייטשע רעגירונג האָט מסכים געווען צום עסט= רייכישן אולטימאַטום, וואָס זי זאָל אים האָבן געקראגן ערשט גלייכצייטיק מיטן קעגנער, אפילו נאָכדעם ווי זי האָט זיך מיט אים באקענט. אין הוספה 18, דער טעלעגראמע פונם פרייסישן גענעראל פון פעטערבורג דעם 30=טן יולי, איז אויסגעמעקט די אַנטשיידנדיקע פראזע: „איך האָב דעם איינדרוק, אַז מען האָט דא מאָבליזירט מחמת מורא פאר די קומענדיקע געשעענישן אָן אגרעסיווע כוונות, און איצט איז מען דערשראקן דערפון, וואָס מען האָט אפגעטאָן“. אין הוספה 19 איז אויסגעמעקט א פאָרשלאג, וואָס רוסלאַנד האָט דעם 31=טן געמאַכט אין בערלין, צו פארהאַנדלען. אין הוספה 24, דעם דייטשן אולטימאַטום צו רוסלאַנד, איז אויסגעמעקט א וויכטיקער זאַץ, וואָס פון אים איז

געווען געדרונגען, אַז רוסלאַנד האָט געגלויבט, אַז די דייטשע מאָביליזאַציע איז נאָר אַף דערווייל. פון דער הוספה 27, וויוויאַנים ענטפער אפן אולטימאַטום, איז אויסגעמעקט זיין האָפענונג, אַז ענגלאַנד וועט פאַרמיטלען און אַז ביידע הויפט־קעגנער וועלן זיך נאָך באַטראַכטן, בכדי עס זאָל מאַכן דעם איינדרוק, אַז ער זאָגט זיך אָפּ קאַטעגאָריש, און דערפאַר האָט דייטשלאַנד געמוזט דערקלערן קריג.

קודם כל פעלן פאַפירן קיין ווין און פון ווין, וואָס וואָלטן געקאָנט באַווייזן דייטשלאַנדס שולד! בכדי אָפּצונאַרן דאָס אייגענע פאָלק, האָבן די דייטשע דיפּלאָמאַטן פאַרשטאַנען קונציק אויסצומעקן זייערע אייגענע פעלערן, כמעט אַלע התראות פון די פּרעמדע רעגירונגען, מכח בערכטהאָלדס פאַרברעך, מכח בעט־מאַנס שוואַכקייט, ווילהעלמס בלאַנקאָ־אַקצעפּט, מכח גרייס ווייטערדיקע פאַרמיטלונגען, האָט דער דייטשער לעזער אָדער רע־דאַקטאָר גאָרנישט געטאָרט געוואר ווערן. וויבאַלד מען האָט דעם אונטערטאַן באַוויזן נאָר דעם צאַרס ניט האַלטן וואָרט, סער עדוואַרדס פאַלשקייט, צי וויוויאַנים ניט וועלן נאָכגעבן, האָט דער מענטש פון גאַס, און אַפילו דער ליבעראַלער אָדער סאָציאַלדע־מאָקראַטישער דעפּוטאַט זיך געמוזט זאָגן: מען איז אף אונז אָנ־געפאַלן ווי רוצחים! שטייט אוף צו באַשיצן דאָס פאָטערלאַנד! וואָלט די קייזערלעכע דייטשע רעגירונג פאַרעפנטלעכט כאָטש א טייל פון די געהעריקע דאָקומענטן דעם 3־טן אווגוסט, וואָלטן די דייטשע סאָציאַליסטן דעם 4־טן געשטימט אַלע קעגן די מלחמה־קרעדיטן, דאָס ריכטיק פאַרויסגעזען, האָט זי געפעלשט דאָס ווייסע בוך.

*

אין רוסלאַנד, דער צווייטער אגרעסיווער מלוכה נאָך עסט־רייך, האָבן די אַרבעטער גראַד ערב דער מלחמה, אַזוי ווי א מין פאָרגעפיל, גראַד אַרויסגעוויזן א ווידערשטאַנד, עס זאָלן האָבן

געשטרייקט 150.000 מאַן. אין מיטן יולי האָבן שוין געהאַט געשטייגט אין ביידע הויפּט־שטעט די מקחים פון די לעבנס־מיטלען אין דרייען, טראַמוויי, שיף־פּאָרעדיי איז געווען געשטערט, געוועה־פאַבריקן פאַרמאַכט, אף באַנען אָפּגעשטעלט די באַוועגונג, דראַטן צעריסן. אפילו דער אינערן־מיניסטער וואָס איז אַרום־גערינגלט מיט קריגס־העצער, זאָגט נאָך דעם 29־טן: „דער קריג קאָן בײַ אונז טיף אין דער פאָלקס־מאַסע קיין מאָל ניט ווערן פּאָפּולער".

אָבער קיין איין פּאַרטיי האָט ניט געטאָרט ריידן אָדער דרוקן. ־בן טרעפט די מאָביליזאַציע פאַרשטיקט שוויגעדיקע אַר־בעטער, שטום שטייען זיי אין יענעם פרימאָרגן פאַר די רויטע צעטלעך, וואָס זענען אויס גיכער ווי אויפרופן צום שטרייק, איי־דער קייזערלעכע באַפעלן צו דער אַרמיי. דערנאָך טשעפּעט מען זיי צו קאַקאַרדעס צו די היטלען, איצט זיינען זיי געצייכנט, דאָס איבעריקע גייט שוין פון זיך אָדער איבער גוואַלד. אין די פאַבריקן שטילט מען איין איינער דעם אַנדערן: פון קריג וועט קומען די רעוואָלוציע, דאָס זאָגט זיי דער אינסטינקט.

נאָר פאַראַן א פאַרזאַמלונגס־זאַל אין רוסלאַנד, וואָס איז ניט געשלאָסן, פאַר זיין טויער שלאָגן ניט קאָזאַקן אַן אַרבעטער וואָס קומט צו דאָרט, אין דער דומע, פאַר די יאָנישע זיילן, וואָס אין אירע לאָזשעס האָבן זיך צונויפגעשפּאַרט היינט הויף־לייט, מענטשן פון דער געזעלשאַפט, האָט נאָך די פּאַטריאָטישע און קריגס־גלוסטיקע רעדעס אויך א גראָער מענטש מיט א שטאָלענעם בליק געמעגט פאָדערן די פרייהייט פון דער טריי־בונע:

„מיר טאָרן ניט ריידן, ווי מיר ווילן, ווי אין אַנדערע לענדער, אָנשטאָט אַמניסטיע גיט די רעגירונג דאָס פאָלק נאָר שווערע שטייערן, פעסטיקט אייער גייסט, אַרבעטער און פּויערים, קלייבט אייערע כחות — און אַז איר וועט האָבן פאַרטיידיקט אייער לאַנד, באַפרייט דאָס! דאָס איז קערענסקי, וואָס רעדט

אַזוי, אויך ער שטימט פאר די קרעדיטן, אויך ער גלויבט, אַז רוסלאַנד איז דעפענסיוו, אָדער ער וויל דערין גלויבן. פונדעסט־ וועגן אָפּענע אויפמונטערונג צו רעוואָלוציע! פון היינט אין דריי יאָר ארום וועט ער דאָ רעגירן; יענע אָבער, וואָס קוקן אריבער צו אים בּרוגז פון הינטער די יאָנישע זיילן, וועלן פוילן אין די ווינקעלעך אָדער זיצן אין אויסלאַנד און בּייסן די ליפּן. נאָך שטאַרקער רעדט נאָך אים שוסטאָוו פאר די סאָציאַליסטן און בּאָלשעוויקעס: ער בּאוויליגט ניט די מלחמה־קרעדיטן: „אונזערע הערצער קלאפּן אין איינעם מיט די הערצער פון אונזערע בּרידער אין אייראָפּע. מיר האָבּן ניט געקאָנט שטערן דעם דאָ־ זיקן קריג פון די אימפּעריעס, נאָר מיר ויעלן אים ענדיקן. דאָס איז דאָס לעצטע שפּיצל פון בּאַרבּאַריזם, מיר פעלקער וועלן שליסן שלום, ניט איר, די הערן דיפּלאָמאַטן!“

מיר זיינען אין רוסלאַנד — און אָט דער טונקעלער, אויפגערעגטער מענטש האָט ניט מורא, צו פאַרלירן זיין לעבּן. ווי נאָר ער פארלאָזט דעם זאַל? ווער שטערט דעם גרויס־ פירשט, אים אוועקצוהרגען? קלינגט איין איינציקע שטים אזעלכע פון די טריבּונעס פון די פרייערע פעלקער?

פונדעסוועגן דערציילט אין עטלעכע טעג אַרום דער פּרע־ זידענט פון דער דומע דעם פראנצויזישן אַמבּאַסאַדאָר א ליגן: „דער קריג האָט פלוצים געמאַכט א סוף צו אונזערע אינעווי־ ניקסטע מחלוקתן. אין אלע פארטייען פון דומע קלערט מען נאר מכח מלחמה מיט דייטשלאַנד. דאָס רוסישע פאָלק האָט זינט 1812 ניט דורכגעמאַכט אזא פאטריאָטישע אופלעבּונג ווי איצט“.

*

אין ענגלאַנד, וואו די ליבעראלע רעגירונג האָט זיך גע־ גליטשט אין קריג אריין, איז די סאָציאַליסטן געווען גרינגער. און די גאנצע לייבּאר פארטיי האט בּאלד אין אָנהייב געשטימט

קעגן. די דאָזיקע פּאַרטיי מעג זיך באַרימען, אַז זי האָט פאַר־פאַסט דעם בעסטן מאַניפעסט אין אייראָפּע. ניט קיין אויסרופן, נייערט אמתן, ניט קיין פּאַטאָס, נייערט שכל: אַ מייסטער־שטיק!

„אַרבעטער פון גרויס־בריטאַניען. איר האָט ניט קיין מחלוקת מיט די אַרבעטער פון אייראָפּע. זיי האָבן ניט קיין מחלוקת מיט אייך. די הערשנדיקע קלאַסן האָבן זיך צעקריגט. מאַכט דאָס ניט פאַר אייער קריג. אַ מיליאָן סאָציאַליסטן פון עסטרייך האָבן פּראָטעסטירט, מיליאָנען אין דייטשלאַנד האָבן פּראָטעסטירט. פאַרלאָזט זיי ניט. פאַראייניקט זיך מיט די אַרבע־טער פון פראַנקרייך און פון רוסלאַנד און זאָגט דער רעגירונג, אויב איר דערקלערט קריג, דערקלערן מיר שלום. די פאָן פון אינ־טערנאַציאָנאַל ווייעט איבער אַלע פאָנעס. וואָס האָט איר צו געווינען פון קריג? צוואַנציק טויזנט אַרבעטער זיינען דערשאָסן געוואָרן אין בורן־קריג. נאָך היינט צאָלט איר יעדער יאָר 12 מיליאָנען פונט צו שטיצן זייערע משפּחות. אָבער דעם אַרבעטער אין דרום־אַפריקע איז איצטער ערגער ווי פריער. נאָר די רייכע מאַגנאַטן האָבן געוואונען... די הערשנדיקע קלאַסן ווילן ניט אַליין שלאָגן זיך, זיי ווילן נאָר אייך רופן צו שלאָגן זיך... קיין רעגי־רונג קאָן ניט פירן קיין קריג, אויב דאָס פאָלק וויל שלום. זאָגט דאָס! מאַרשירט דורך די גאַסן און זאָגט דאָס. גייט אַף די פּלע־צער און מערק און זאָגט דאָס, זאָגט דאָס אומעטום... נידער די מלחמה!"

זיי האָבן דאָס געזאָגט אומעטום. צען טויזנט האָבן גע־רעשט זונטיק נאָכמיטאָג אַפן טראַפאַלגער־פּלאַץ, מיט זייערע פאָנעס זיינען זיי זיך צונויפגעקומען, וואָרום קיינער האָט דאָ ניט געשטערט דעם מענטשן פון גאַס צו זאָגן, וואָס ער וויל; קיינער האָט דער מאַסע ניט געשטערט אים צוצוהערן! פון גאַנץ אייראָ־פּע האָט נאָר ענגלאַנד אין יענע טעג ניט פאַרבאָטן קיין פאַר־זאַמלונג, קיין רעדע, קיין צייטונג. עס האָט געהערגנט. דער זייל פאַרשווינדט אין נעפּל, נעלסאָן אויבן אַף דעם דיינקמאָל איז נאָר

אַ שאָטן. און אָט דעם שאטן פונם קריגס־העלד ווילן זיי פאר־טרייבן! דער אַלטער קייר האַרדי שטייט אף די שטאַפּלען און רעדט. דער המון שאָקלט צו און רופט. נאָר זיי בלייבן אלע געלאַסן ווי ענגלענדער.

נאָר אָט קומען ארוף דער גאַס עטלעכע הונדערט יונגע־לייטלעך. פראנצויזן זיינען צווישן זיי. מען הערט דאָס פון זייערע אויסרופן. אין רעגן פּאַטשן זיך די פלאַגן פון די לענדער. איצט זיינען דאָרט פאראן אפשר 600 מאַן. עטלעכע ווילן ריידן. די אַרבעטער לאָזן זיי נישט. מען שלעפּט זיי אראָפּ פון די טרעפּ. אין דער צייט ווען די ארבעטער אַפּלאָדירן צו הענדערסאָנס רעזאָלוציע קעגן קריג, שרייען די קריג־רופערס פאַר דער דייטש־שער אַמבאַסאַדע: נידער די פרייסן! דערנאָך גייען זיי צום בו־קינגהעם־פּאַלאַץ. נאָר דער קעניג גייט נישט צו צום פענסטער. וואָרום זיי שרייען איצט די מאַרסעליעזע.

אין א וואָך אַרום איז אלץ געווען פארענדערט. דער גרעסטער רוב פון די סאָציאַליסטן איז פאר צונויפקליבן פריי־ווילי־קע זעלנער. באַלד שטייען צו אפילו די פּאַציפיסטן. און אַפילו די ראַדיקאַלסטע, די אומאפּהענגיקע שטערן שוין נישט זייערע מענטשן צו שטיצן דעם קריג. נאָר עטלעכע לאָזן זיך נישט בויגן: "מיר קעמפן", האָט מאַקדאָנאלד געשריבן אָפנהאַרציק, "נישט פאר דער אומאָפּהענגיקייט פון בעלגיען, נאָר מיר קעמפן, ווייל די פּאָליטיק פון אויסערן־מיניסטעריום איז זינט א ריי יארן געווען אָריענטירט אַנטידייטש, און ווייל די דאזיקע פּאָליטיק איז גע־פירט געוואָרן פון א געהיימער דיפּלאָמאַטיע אונטער דעם שטאַנד־פּונקט צו שליסן בונדן, בכדי איינצוהאַלטן די גלייכוואָג אין אייראָפּע".

אומגעביכן האָט זיך די שטימונג דערפאר, וואָס די דייטשן זיינען אריין אין בעלגיען: איצט האָבן זיי זיך ווידער אמאָל דערפילט ווי די שומרים פון אייראָפּע.

בריסל האָט געמוזט אָפּטרעטן.

נאָך האָבן אין די גאַסן אָפּגעהילכט די טריט פון די צענדליקער טויזנטער, נאָך האָט דער צירקוס זיך געדאמפט פון שטויב, רוף און אָטעם פון היסן המון, וואָס צווישן אים האָט זשאָרעס אראָפּגערופן דעם שלום. נאָך שבת האָט דער „פּעדע־ראטיווער קאָמיטעט" גערופן אף מאנטאג מענער און פרויען צו א ריזן־דעמאָנסטראציע.

אָבער זונטאָג האָט מען אַלץ מבטל געווען. אין די דריי לעצטע טעג האָט זיך אף בעלגיען אָנגערוקט א שרעקלעכע צרה. וואַנדערוועלדע, וואָס איז דאָרט אין צירקוס געווען דער פּאָרזי־צער, איז איצט געוואָרן אן אַריינגייער אין מיניסטעריום. ער האָט זיין גרויסע פּאַרטיי פארבונדן פאר דער נאַציע און האָט אפילו באדארפט ווערן מיניסטער. און היינט אַרבעט ער אויס צוזאמען מיטן צענטראל = קאָמיטעט פון פּאַרטיי דעם מאניפעסט אף מאָרגן:

„מיר סאָציאַליסטן טראגן ניט קיין אחריות! היינט איז די צרה דאָ, און אונז באַהערשט נאָר איין געדאַנק: באַלד אפשר װעט אונזער לאנד זיך מוזן באשיצן קעגן אינוואזיע. דעמאלט וועלן מיר קעמפן מיט גרעסערע היץ, וויל מיר פארטיידיקן דעם קיום פון לאַנד קעגן מיליטערישן באַרבאַריזם... נאָר אויך אין שרעקלעכסטער לאַגע זאָלט איר ניט פארגעסן, אז מיר געהערן צום אינטערנאציאָנאַל און בלייבן ברידערלעך און גוט, ווי ווייט דאָס לאָזט זיך פאראייניקן מיט דער פארטיידיקונג פון לאנד".

דעם צווייטן טאָג האָט דאָס פארטיי־בלאַט גערופן אפילו, עס זאָלן זיך פארשרייבן פרייוויליקע, ווארום בעסער צו שטארבן פאַרן געדאַנק פון מענטשלעכקייט, איידער זיך אונטערצוגעבן דעם געזעץ פון די הונען און וואנדאַלן!"

*

אין פּאַריז איז געלעגן דער אַנטשייד פון די מאַסן. די דייטשע פּאַרטיי איז געווען די גרעסטע, אָבער זי איז

נאָך אַלץ, ווי מיט 40 יאָר צוריק, געשטאַנען לחלוטין פּיינטלעך צו דער רעגירונג, און ווי ווייט זי האָט געזוכט צום גענעראַל־שטרייק, האָט זי געהאַט די ברירה נאָר צווישן קריג און בירגער־קריג. אין פראנקרייך זיינען שוין געווען אין דער רעגירונג סאָ־ציאַליסטן, אמת אזעלכע, וואָס זיינען פאַרבירגערלעכט געוואָרן: ווי־וויאני דער פּרעמיער, מאַלווי דער יונגער אינערן־מיניסטער זיינען אייערנעכטן נאָך געווען סאָציאַליסטן. אמת, מיט די לייט פון דער „הומאַניטע" האָבן זיי זיך ארומגעקריגט, אָבער באַגעגענען באַגעגנט מען זיך, פערזענלעך איז מען געבליבן גוטע פריינט; געזעלשאַפט, אַרמיי, אַדל קומען אין באַרירונג מיט די ראדיקאלע פירער, לייענען זייערע ביכער, די קולטורן גיסן זיך צונויף, דאָ איז קיינער ניט כשר און קיינער ניט פארשטויסן. דאָס האָט געהאַט די פּעולה אין יענע טעג, אז די פיינטלעכע פירער האָבן געקאָנט זיך צונויפריידן, און נאָר די עקסטרעמע פליגלען זיינען געבליבן אָפּגעפרעמדט פון אנאנד.

אז פּואנקארע איז דאָנערשטאָג אָנגעקומען אין פּאַריז, האָבן אים באַגריסט אפן וואקזאַל ווי אַ זיגרייכן מאַרשאַל אפי־צערן, אַדמיראַלן, דעפּוטאַטן, אַקאַדעמיקער, דיכטער. נאָר אין מיטן דעם דאָזיקן רעש האָט דער פּרעזידענט געזוכט מיט די אויגן די בליקן פון איזוואלסקי און פון ענגלישן אמבאסאַדאָר, וואָס האָבן אים שווייגעדיק געדריקט די האַנט. אַפן גאַס האָט דער המון אַרומגערינגלט דעם צפון־וואקזאַל, בלומען, פאָנעס, אויסגעשרייען, לידער, און אַן אדמיראל האָט אַראָפּגערופן פון קאַ־ראָט צום באַגייסטערטן עולם: האלט זיך איין! פאַראַן שעהן, ווען שווייגן באַטייט אלץ! מיר זיינען ניט קיין בעליבתים איבער דער השגחה, אָבער מיין געפיל זאָגט מיר, אז ווען די שעה וועט שלאָגן, וועט פראנקרייך זיין גרייט!"

אף מאָרגן באַ האַלבן טאָג איז אָנגעקומען זשאָרעס אפן זעלביקן וואָקזאַל, אָן פּאראד. ער איז געקומען ניט פון צאר, נאָר פון פאַרבּרידערטע פעלקער. ביידע פירערס האַלטן זיך אן עצה מיט זייערע גוטע פריינט און מיט זייערע שונאים. זשאָרעס

נאָך פול מיט דער שכרות פון דער בריסעלער מאסע, נאָך דורכגעדרונגען מיטן צוזאג פון זיין דייטשן חבר. נאָך נעכטן האָט ער געשריבן אין א מאניפעסט: „די סאָציאַליסטישע פּראַק־ציע לאָזט וויסן אַלעמען, אַז פראַנקרייך אליין האָט צו שאַפן איבער פראנקרייך, אַז זי טאָר בשום אופן ניט אַריינגעפּלאנטערט ווערן אין א מוראדיקן קאָנפליקט... דורך געהיימע אָפּמאַכן און אומבאוואוסטע התחייבותן. און אז זי מוז האָבן די פולע פרייהייט צו טאָן וואס זי וויל, בכדי צו ווירקן אין אייראָפּע פארן שלום... ווען אָבער רוסלאַנד וועט ניט נאָכגעבן, איז דאָס אונזער חוב צו דערקלערן: מיר ווייסן נאָר איין אָפּמאך, וואס פארבינדט אונז מיט דער מענטשהייט". — היינט איז ער פול זאָרג. וואָס וועט געשען? דאָ ריידן אויך די געטרייסטע וועגן דער מעגלעכקייט, אַז דייטשלאַנד זאָל אנפאלן?

אין זעקס ריזן־פּארזאמלונגען אין פּאריז, אין א סך שטעט פון דער פּראווינץ גיבן זיי דער מאסע דעם פּאַראָל: גענעראַל־שטרייק און שלום! נאָר אין איינגעהאַלטענע טענער שרייבט זשאָרעס זיין ארטיקל אף מאָרגן. דער וואָס איז געווען געדרוקט היינט פרי, האָט געשטאַמט נאָך פון בריסל און איז געווען פון פלוק פול גלויבן און פעסטקייט.

היינט אין אָוונט, צווישן די נייע דרויענדיקע דעפּעשן פון בערלין, אין דער איינגעהאַלטענער אופרעגונג פון פּאריז, שרייבט ער צום ערשטן מאל וועגן דעם אנפאל פון דייטשלאנד, הגם ער האלט, אַז ער קאָן ניט געמאלט זיין. היינט ליגט ניט די סכנה אין די קאַבינעטן, זי ליגט אין אלעמענס נערוויייזקייט, אין די פּלוצימדיקע, פון שרעק געבאָרענע אימפּולסן... דעריבער רו. קלאָרע קעפּ! אף זונטאָג זיינען אלע איינגעלאַדן צו א פּארזאמ־לונג, וואו מען וועט אָננעמען באשלוסן, שטענדיקע אַקציע, וואָ־כער געדאַנק: דאָס זיינען די אמתע היטערס פון שכל!" א באַ־שאָטנטע נשמה, וואָס האָט מורא זיך אונטערצוגעבן דער נויט־ווענדיקייט: נעכטן נאָך האָט זי געמאַכט צו שאַנד די פּארברע־כערס אומעטום, היינט עצהט זי רו, שטופּט אָפּ ענדגילטיקע

אַנטשײדן, פֿאַרשװײגט מעשה פּאָליטיקער דאָס. װאָס די מאסע קלערט נאָך נים װעגן דעם.

װאָרום אפֿן צװײטן טאָג, בעת דער ארטיקל װערט גע־לײענט, פֿאַרהאַנדלט זשארעס װי אַ פּאָרשטײער פֿון זײן פּארטײ מיט דער רעגירונג מכח דער מעגלעכקײט צו ראטעװען דעם שלום, דער גאַנג פֿון דעם שמועס קאָן מען נאָך הײנט נים קאָנטראלירן, אָבער קענטיק, אַז ער האָט צוגעגרײט א הסכם.

פֿאַרװאס?

פּונקט װי זײנע דײטשע חברים, פֿילט ער, אַז קענן אן אָנפֿאל װײל אױך דער ארבעטער שיצן זיך און די זײניקע. קודם כל װיל זשאָרעס זײן דערבײ, בכדי צו קוקן די מיניסטאָרן אף די פֿינגער. כדי זײ צו כאַפּן בא זײערע ליגנס, װאס זײ גרײטן שױן צו אין דער פֿאָרם פֿון גרענעץ־אריבערטרעטונגען, און היות װי פֿאר דער רעגירונג איז איצט זײן דערנענטערונג זײער װיכ־טיק, װעט ער אין געהעריקן מאָמענט קאָנען אױסרופֿן: איר לײגט! די דײטשן רירן נים קײן פֿוס! איר װילט נאָר אפּציען פֿון פֿארשאָלטענעם צאר די האלבע דײטשע מאכט און פּראװאצירט זײ צוליב עלזאס װעגן! פּרואװן נאָך, טראַכט ער, די דײטשע חברים ארױסצוקריגן דורך פּיקחות, סטראשונקעס און המצאות די סודות, װאָס א פֿארעלטערטע קאָנסטיטוציע באהאלט פֿאַר זײ, דעמאָלט קאָנען מיר אפשר פֿאָרט נאָך אָפּװענדן די צרה, װאָס רוקט זיך אָן!

קאָלט בלוט און קלאָרן קאָפּ! ער פֿילט, הײנט איז דער אַנטשײדנדיקער טאָג פֿון זײן לעבן, ער לױפֿט צוריק פֿונם מי־ניסטעריום, װאָס איז קראנק מיט קריג, צו דער פֿרידלעכער רעדאַקציע פֿון דער „הומאַניטע״: װאָס װעלן מיר מאָרגן זאָגן די מאַסן? װי דערקלערן דאָס? עס קלינגט דאָס טעלעפֿאָן פֿון בריסל: אַ דײטשער חבר אונטערװעגס קײן פּאריז, באװעגונג, נײע האָפֿענונג!

שפּעט פֿאַר־לאָזן זײ די רעדאַקציע, בכדי צו עסן װעטשע־

רע. זיי זעען ניט דעם יונגען מענטשן, וואָס וואַרט באַם טויער, ער אָבער זעט זיי יא און גייט זיי נאָך. ר׳ מאָנמאַרטר, קאפיי ד׳ קרואסאַן, באַ זייער שטענדיקן טיש מיט דער אלטער סאָפע זיצן זיי צווישן די פענסטער, עס איז הייס, די פענסטער זיינען אָפן, קיין ווינטל רירט זיך ניט. דאס פארהאנגל הייננט אַראָפּ. זשאָרעס איז אופגערעגט, ער וואַרט אפן דייטש מארגן פרי.

מיט אמאָל רוקט א האַנט אָפּ דאָס פארהאנגל, קיינער באַ־וויזט ניט צו זען, צוויי מאָל קנאַלט עס, אַלע שפרינגען אוף: נאָר זשאָרעס איז אנידערגעפאלן אף דער סאפע באַם פענסטער. זיי לייגן דעם קרעפטיקן מענטשן אף צוויי קאפיי־טישלעך, מיט די הענט מאַכט ער עפּעס א באַוועגונג, רויט שטראָמט אַרויס פון זיין קאָפּ, אַ מינוט לאַנג זעט מען, ווי זשאָרעס מארך קלאַפּט פאר אַלעמען אין די אויגן. מען בינדט ארום סערוועט־קעס ארום דעם געחלשטנס קאָפּ. דאָקטוירים, זיי שאקלען מיטן קאָפּ, אין פופצען מינוט אַרום איז ער טויט. אַז מען האָט דעם בלייכן, אויסגעבלוטיקטן מענטשן אָפּגעפירט אין א קאַראָט אהיים, האָבן טויזנטער זיך געשפּאַרט אין גאַס, דער פאָטער פון פאָ־מערלאַנד, האָבן זיי אינסטיקטיוו געפילט. א סך וויינען. ארום האַלבער נאַכט הילכט וועגן דעם אין אלע גאַסן פון פאריז.

ווילען, דער מערדער שיעור ניט געלינטשט, א יונגער, בלאנדער, רואיקער סטודענט, בשום אופן ניט פאנאַטיש, ניט אין מאַנירן, ניט אין ווערטער, ניט אין לעבנס־שטייגער, א זון פון אַ קאַנצעלאַריסט, זאָגט אוים: „איך האָב געוואלט טויטן דעם קעגנער פון דריי־יאריקן מילימער־דינסט. ער האָט צו פיל שאָדן אָנגע־טאָן פראַנקרייך, איך האָב געוואלט שוין שיסן באַ דער טיר פון זיין צייטונג, נאָר איך האָב ניט געקאָנט רעכט“. האָט ער ניט געקאָנט פארטראָגן דעם געלאַסענעם בליק פונם דאָזיקן גרויסן קאָפּ? א פארהאנג האָט אים איינגעגעבן מוט. ער האָט פארשטעלט פאר אים דעם פיינט פון פאָטערלאַנד.

„בירגער: א מוראדיקער מאָרד איז אָקאָרשט אפגעטאָן גע־וואָרן, זשאָרעס, דער גרויסער רעדנער, וואס האָט באַצירט די

טריבונע פון פראנקרייך, איז דערהרגעט געווארן. איך נעם אראָפּ מיין הוט באם קבר פונם דאָזיקן סאָציאַליסט, וואָס האָט גע־קעמפט פאר אזעלכע גרויסע זאַכן, און וואָס האָט אין די דאָ־זיקע שווערע טעג געשטיצט די פּאַטריאָטישע האַלטונג פון דער רעגירונג אין זין פון שלום!" אַזוי רופט עס אַראָפּ מיט גרויסע אותיות אַף יעדער ראָג גאַס אין פּאַריז. איז דאָס אַן אופרוף פון דער פּאַרטיי? עס איז די רעגירונג גופא, מיט וויוויאַני בראש. מען קלערט מסתמא מכח דעם, אַז נאָך גאָר ניט לאַנג האָט דער טויטער געפונען פארן פּאָטערלאַנד אזעלכע ווערטער: "די נאַציע איז די שאַצקאַמער פונם מענטשלעכן זשעני און פּראָג־רעס, און עס וואָלט דעם פּראָלעטאַריאַט שלעכט אָנגעשטאַ־נען צו צעברעכן דעם דאָזיקן כלי יקר פון דער מענטשלעכער קולטור".

פּואנקאַרע, וואָס האָט מסתמא גרינגער אָפּגעאָטעמט איבער דעם גליקלעכן פלי פון דער דאָזיקער קויל, דריקט אויס זיין צער אין א בריוו צו דער אלמנה. די פיינטלעכע צייטונגען שרייבן: "אַ פּאָליטישער פאַרברעכער, מיט גרויסע כשרונות, האָט ער שטענדיק געריידט קעגן פראנקרייך. איצט אָבער, גראד אין דאָזיקן קריזיס, איז, ווייזט אויס, געווארן אין אים א פאַר־ענדערונג".

שפּירן זיי, אז זייער צייט איז געקומען? ער איז געפאַלן אין לעצטן יולי־אווונט: אַף מאָרגן האָט באַדאַרפט ווערן באַ־שטימט דער גזר־דין פון אייראָפּע, מאָרגן האָט אויך באַדאַרפט קומען דער דייטש. אפשר איז אלץ געווען אָפּגעהאַנגען פון מאָרגנדיקן שמועס, וואָס דורך אים האָבן גלייך געשטימטע צוויי מיעוטים זיך באַדאַרפט שטאַרקן איינער דעם אנדערן, בכדי צו ווערן דער רוב. איצט אָדער קיין מאָל ניט איז אַלץ געווענדט אין דער געניאַלער קראַפט פון א פּערזענלעכקייט, וואָס האָט געקאָנט איינגעבן מוט די איבערראַשקענע גוטע פריינט און אריינאָגן שרעק אין די מוטיקע שונאים; דאָס וואלט געקאָנט אופטאָן אַ מענטש ווי דער, וואס זיין טויט האָט באקלאגט אפילו אַ פיינטלעכע רעגירונג.

דער דאָזיקער מאָרד איז געשען אין פינף וואכן ארום, נאָכדעם ווי דער סערב האָט דערשאָסן דעם האַבסבורגער. צוויי יונגע נאַציאָנאַליסטן האָבן פון איבערצייגונג דורכגעשאָסן די פּי־רערס, וואָס זיי האָבן זיי געהאַלטן פאר שונאים פון זייער פאַ־טערלאַנד.

אָבער גערדאַנק און איינריידעניש האָבן זיך אין זיי אויסגע־מישט פארשיידן, ווי פארשיידן עס זיינען זייערע נעמען: פּרינציפּ און ווילען, דער פּרינציפּיעלער און דער מיאוסער. פּרינצעפּס און וויליאַנוס: דער פירער און דער קנעכט. אָפּצוזייסן מיליאָנען אונטערדריקטע סלאַוון פון אַ יאָרהונדערטער אלטער קייט: א גרויסער ציל. מסופּקדיקער איז אין פלוק אופּצוזוועקן די מלחמה קעגן דייטשלאַנד צוליב עלזאַס און לאָטרינגען, א געמישט לאנד, בכדי אָנדערהאַלב מיליאָנען מענטשן זאָלן זיך אָפּשיידן פון 60 מיליאָן און זיך פאַרבינדן מיט 40 מיליאָן אַנדערע.

דער ערשטער שאָס האָט פריי געלאָזט די סטיכיע, דער צווייטער האָט אָפּגעשאַפּט דעם לעצטן שטער. אָבער פּרינציפּ איז געוואָרן א נאַציאָנאַלער העלד, בעת זיין קרבן איז פארגעסן. ווילען איז פארגעסן, אָבער אַלץ קלאָרער האָט זיך אנטפּלעקט די לעבעדיקע קראַפט פון זיין קרבן, וואָס פון זיין בילד האָבן מיליאָנען אין אַלע שפּראַכן זיך געפורעמט א סימבאל פון פרייהייט.

דעם צווייטן טאָג, בעת דייטשלאַנד דערקלערט קריג אין פעטערבורג, בעת פיר לענדער מארשירן קעגן אנאַנד אף טויט און לעבן, זיצן די חברים פון טויטן זשאָרעס, וואָס איז נאָך ניט צו קבורה געבראַכט, און א בעלגיער צוזאַמען מיטן דייטש אין דעם פּאַרטיי־צימער אין פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט, וואָס זיינע קולוארן פלאַקערן פון שנאה צו דייטשלאַנד. זעקס גוטע פריינט פון די אונטערשטע שטאַנדן, וואָס געהערן צו דריי פיינטלעכע לענדער, האַלטן זיך אַן עצה, ווי אזוי קאָן מען אָפּשטעלן דעם מאַרש. פון די מיליאָנען־ארמייען פון די קיסרים און מושלים. אַלע חשובע מענטשן, און גוט איז זייער ווילן, אָבער צעטומלט

שוין און פאַרלאָרן די האָפענונג: עס שפריצט קיין פונק ניט אַרויס פון די נשמות. זיי מוזן זיך אונטערגעבן, וועגן גענעראל־שטרייק רעדט מען שוין גאָר ניט, זיי פארהאַנדלען נאָר איבער די קרעדיטן, פאר וואָס? איבער די ליגנס פון זייערע רעגירונגען, וואָס זיי מוזן זיי גלויבן.

דער דייטש פארזיכערט, אז אין בערלין שטייט די פראגע נאָר, צי אָפּוואַרפן, צי אָפּהאלטן זיך. די פראנצויזן דערקלערן, אַז וויבאלד דייטשלאַנד פאַלט אָן, קאן קיין איין פראנצויז ניט אָפּזאָגן דאָס געלט, אף צו ראַטעווען. דער געדאנק, זיך אָפּצו־האַלטן סיי אין בערלין און סיי אין פאַריז מיט איין און דער זעלביקער מאָטיווירונג, גייט ניט דורך, דער עיקר דערפאר, ווייל עס האָט אויפגעהערט דער טעלעגראפישער פארקער. נאָך אָט דער ריכטיקער, אָבער טראגיקאָמישער באגרינדונג פארלאזט דער דייטש פאריז בא פולער פרייהייט פארביידע פארטייען.

אין גרויסע פארזאמלונגען דערקלערן דערנאָך די פירערס זייער נאַציאָנאַלע האַלטונג דורכדעם, וואָס די רעגירונג האָט בסדר געארבעט פאר שלום, צוזאַמען מיט זייערע עלטער־זיידעס פון יאָר 1793 רופן זיי אויס ווי רעוואָלוציאָנערן: שלום די כאַ־לופעס, קריג די פּאַלאַצן! אָבער זיי ענדיקן זייערע רעדעס ווי פראנצויזן מיטן רוף: „פארן פאָטערלאַנד! פאר דער רעפובליק!" אַלע ווילן זיי זיך נעמען פאר געווער, בכדי צו באשיצן פראנק־רייך קעגן דייטשלאַנד; ניט אַנדערש געשטימט ווי זייערע דייטשע ברידער, וואָס מיינען זיך צו שיצן פאר רוסלאַנד, ניין, זיי זיינען ניט קיין אָפּנאַרערס, זיי זיינען אליין אפגענאַרט. ווארום פונקט ווי דער רוסישער פּויער האָט גאָרנישט געהאַט צו דייטשלאנד אַזוי האָט קיין דייטשער בירגער אָדער ארבעטער גאָרנישט גע־קאָנט האָבן צו פראנקרייך, אין ביידע לענדער האָבן א הייפל מענטשן אריינגעפירט די נאציע אין טעות, אַז אין מערב איז פאראן וואס פיינט צו האָבן און וואָס איינצונעמען.

*

אין יענע טעג האָט אַ רומענער ריכטיק פאָרמולירט די לאַגע פון די מאַסן: סערבן, בולגיער, פראַנצויזן, האָט ער געשריבן, מוזן פאַרטיידיקן זייער לאנד, אָבער אויך אלע איבעריקע האָבן נאָך דער קריגס־דערקלערונג קיין אנדער ברירה ניט, ווי „ארויסצוגיין אין פעלד מיט אַ קללה קעגן קריג און מיט אַ שבועה צו קעמפן קעגן אים נאָכן שלום און צו זיין סאָלדאַטן מיט צעריסענע הערצער. די רעגירונגען האָבן נאָך דעם כח אונז טראַגיש צו צווינגען, אַז ברידער זאָלן שיסן אף ברידער".

## פערצענטער קאפיטל.

# די לאווינע.

עס ברענט. פונדעסטוועגן שלאָגט אין ערגעץ ניט ארויס קיין ריינע פלאַם פון די קאַבינעטן: אפילו אין די לעצטע שעהן האָבן זיי זיך ניט פאַרגונען אָפן די דאָזיקע שפּיל פון שרעק און שנאה, וואָס זיי האָבן אופגעהעצט אין זייערע פעלקער. יאַגאָוו איז ניט געווען סענטימענטאַל; געלאָזן אַלע ליגנס אָן אַ זייט, האָט ער געזאָגט צו גאָשען, דעם ענגלישן אַמבאַסאַדאָר, בעת יענער איז געקומען נעמען זיינע פּעסער:

„מיר מוזן אריינמארשירן קיין פראנקרייך אפן גיכסטן און באַקוועמסטן וועג... גיכקייט פון דער אַקציע איז דער גרויסער טרומף פון די דייטשן, דער כח פון די רוסן באַשטייט אין דער צאָל פון די זעלנער".

מיט זשיל קאַמבאָן האָט ער געפירט אַ פלאַטאָנישן שמועס מכח די שרעקנס פון קריג, וואָס זיי ביידע וועלן אליין זיך ניט באַקענען מיט זיי. דער פראנצויז זאָגט: „ווען עס שטארבט אויס דער אלטער דור, און עס קומט אוף אַ נייער, וואָס געדיינקט ניט די שרעקנס פון קריג און האָט חשק צו קריג, און דאָס טרעפט אַן ערך אַלע 40 יאָר. דעמאָלט ווערט די מענטשהייט געשלאָגן מיט קריג. אזוי איז דער סדר העולם".

ווייניקער אָפנהאַרציק רעדט אין זעלביקן פאַרנאַכט דער דייטשער קאַנצלער מיטן ענגלישן אַמבאַסאַדאָר: זעלטן האָט מען אף ביידע זייטן געזאָגט אזוי פיל ליגן, ווי אין דער דאָזיקער היסטאָרישער שעה. בעטמאַן, וואָס האָט דורכאויס געוואָלט אויס־מיידן קריג און האָט איצט צושפּעט איינגעזען, ווי אזוי זיין שוואכקייט האָט אים געבראַכט די מפּלה, זאָגט מאָראַליש אופגע־רעגט: „עס איז דאָך אזוי ווי מען באַפאַלט פון הינטן עמיצן, וואָס קעמפט מיט צוויי קעגנער פאַר זיין לעבן!"

גאָשען: „מיר גייען אין קאַמף אף לעבן און טויט, פאַר אונזער כבוד, וואָס מיר האָבן פייערלעך איינגעשטעלט פאַר דער נייטראַליטעט פון בעלגיען".

בעטמאַן: „פאַר וואָסער פּרייז! נאָר איבער איין וואָרט: נייטראַליטעט, וואָס ווערט אָפט געבראָכן אין קריגסצייט, און איבער אַ שטיקל פּאַפּיר וועט ענגלאַנד קעמפן מיט א קרובישער נאַציע, וואָס האָט פאַרלאַנגט ניט מער ווי פריינטשאַפט! מיין גאַנצע פּאָליטיק פאַלט איין!"

דאָס דאָזיקע „שטיקל פּאַפּיר" איז אין זיין ציניזם געוועזן עכטער ווי דעם ענגלענדערס פּראַזעס מכח זיין כבוד. בכדי ניט צו ריידן וועגן ענגלאַנדס אינטערעסן אין בעלגיען, ווערט גאָשען איצט עסטעטיש: „דאָס איז דער דראַמאַטישער שפּיץ פון דער טראַגעדיע", זאָגט ער, „די נאַציעס ווערן פאַנאַנדערגעריסן גראָד אין דעם מאָמענט, ווען זייערע באַציאונגען זיינען געוואָרן פריינט־לעכער און האַרציקער, ווי שוין לאַנג ניט". ערשט באַם אוועק־גיין געפינט ער ווערטער צו באַצייכענען די גאַנצע מעשה ווי א קריג פון די קאַבינעטן: „צום באַדויערן האָט דער קריג אויסגע־בראָכן, ניט געקוקט אף אונזערע באַמיאונגען אופצוהאַלטן דעם שלום צווישן רוסלאַנד און עסטרייך, און אונז געשטעלט פאַר א לאַגע, וואָס מיר... האָבן גאָר ניט געקאָנט אויסמיידן... דאָס צווינגט אונז פּלוצים צו שיידן זיך פון אונזערע ביז איצטיקע מיטאַרבעטער. קיינער באַדויערט דאָס ניט מער פאַר מיר".

מיט אַזעלכע אַלגעמיינע פראַזעס פון באַרויערן האָבן דער פראַנצויז און דער ענגלענדער פאַרלאָזן בערלין.

*

גראַף בערכטהאָלד, וואָס האָט די שפּיל אָנגעהייבן, האָט בשום אופן קיין חשק ניט געהאַט זי דורכצופירן ביזן סוף. אַז ער האָט געזען, אַז צווישן בערלין און פּעטערבורג איז אַלץ אויס, האָט אים אויסגעוויזן, אַז עס איז געקומען די צייט אופּסנייַ צו בלייבן צווישן ביידע קאַבינעטן, ווי מעטערניכס אַ תלמיד האָט ער אָן שהיות זיך געשטעלט אויפן צד פון די רוסן! דעם לעצטן טאָג פון יולי, אַז דער דייטש-רוסישער קריג, וואָס בערכטהאָלד האָט אים גורם געווען, איז געוואָרן אַ פאַקט, אין דער זעלביקער שעה האָט דער ווינער גראַף ווידער צום ערשטן מאָל איבער-געשמייכלט צו דער נעווא און האָט אָנגעהייבן פלוצים דעם „שמועס". די זעלביקע פאַרהאַנדלונג, וואָס גריי האָט אַ גאַנצע וואָך אומזיסט זיך געפּלייסט צו פּועלן, איצט ערשט האָט בערלין דערקענט די סכּנה. „מיר האָבן פאַרגעסן", שרייבט טירפּיץ. „צו פרעגן בײַ עסטרייך, צי זי וועט קעמפן מיט אונז קעגן רוסלאַנד. מאָלטקע האָט צו מיר געזאָגט צו מיין שרעק, אַז אויב די עסטרייכער האַלטן זיך אָפּ, זיינען מיר געצוואונגען צו שליסן שלום פאַר יעדער פּרייז".

אַף אַזוי פיל גליקלעכער איז דער שונא איבער דער דאָזי-קער ווענדונג אין לאַגער פון די געטרייע פריינט: נאָך אין לעצטן מאָמענט פּרואווט מען צו צעשיידן ווין פון בערלין. דעם ערשטן טאָג, בעת דייטשן און רוסן שיסן שוין איינע אַף די אַנדערע, שמועסט גראַף בערכטהאָלד, וואָס איז פּלוצים געוואָרן אַ רודף שלום, מיטן רוסישן אַמבאַסאַדאָר „אַף אַ פריינטשאַפט-לעכן שטייגער" איבער רוסלאַנד. יענער באַקלאָגט זיך פאַר אים אַף דייטשלאַנדס קריגס-גלוסט און ענדיקט דערמיט, אַז ער ווייס ניט, צוליב וואָס מען פירט קריג. בערכטהאָלד דערציילט אַליין,

אַז ער האָט ניט געפונען קיין וואָרט לטובת דייטשלאנד, וואָס ער האָט זי געהאט אריינגעצויגן אין קריג, ניט אנטקעגן דעם רוס און ניט שפּעטער אנטקעגן דעם פראנצויזישן אַמבאַסאַדאָר, וואָס ער דערלויבט זיך צו באַקלאָגן אף קיסר ווילהעלם.

בינתים רעגנט מיט דעפּעשן פון בערלין קיין ווין: בערלין פאָדערט ענערגיש מיט פולן רעכט, עסטרייך זאָל ארויסטרעטן קעגן רוסלאַנד. און די עסטרייכישע קריגס־דערקלערונג צו רוס־לאַנד מאַכט טאַקע אין איר גראָטעסק פאַרפּלאָנטערטן אָפיציעלן סטיל דעם איינדרוק, אַז בערלין האָט דאָס געשטופּט ווין צו מלחמה.

נאָר פארוואָס צערייסן מיט פראַנקרייך? פאַרוואָס מיט ענג־לאַנד, וואָס איז מיט איר קולטור און געשעפטן געווען אזוי לאנג היימיש אין ווין? שוין ליגן טויזנטער דייטשע הרוגים אף די שלאַכט־פעלדער און פוילן צוליב דעם דערהרגעטן האַבסבורגערס כּבוד ווען: גראַף בערכטהאָלד נעמט אוף אַלע טאָג העפלעך דעם שונא פון זיין פאַרבינדעטן. אַ שאָד, וואָס די פראנצויזן נעמען אַזוי ערנסט זייער פּאָליטיק: זיי ווילן דורכאויס איינרייסן מיט ווין, הגם מען קאָן להלוטין ניט געפינען קיין גרונט דערצו! אַ וואָך נאָכן אָנהייב פון דער מלחמה מיט דייטשלאנד פרעגט דער פראנצויז אָן אין ווין, צי עסטרייך האָט געשיקט מיליטער קיין עלזאַס. בערכטהאָלד לייקנט שטיין און ביין. ייי קאָן מען דאָס אף אים אויסקלערן אַזאַ זאַך! די דייטשן אָבער, וואָס ווילן, אַז דער פאַרבינדעטער זאָל אויך אַריינגעצויגן ווערן אין מערב־דיקן קריג, פאַרשפּרייטן איצט ידיעות אין נייטראַלן אויסלאנד. אז זיי קעמפן כּמעט אומעטום „זייט בא זייט מיט עסטרייך”. איצט הייבט דער אַלטער הער דימען אין ווין אַלץ מער אָן צו מאָנען: ווידער שטעלט ער זיין פראַגע, מען באַרואיקט אים נאָך אמאָל, ביז ער קאָנסטאַטירט קורץ, אַז עסטרייכיש מיליטער איז געשיקט געוואָרן קיין מערב, און בעט זיינע פּעסער. אין אויסערן־מיני־סטעריום באַדויערט מען שטאַרק. נאָר דער בירגער־מייסטער פון ווין טראַכט זיך: אויב די דאָזיקע פראנצויזן ווילן דוקא שיסן אף

אונז, וועט ער זיי אָקאָרשט ווייזן, וואָס ער קאָן, און דעם זעל־ביקן אָוונט איז ער מכריז ומודיע פון באַלקאָן פון ראָטהויז אַראָפּ: „אין פּאַריז איז רעוואָלוציע! דער פּרעזידענט דערהרגעט!"

דערווייל זיצט נאָך דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר רואיק אין חין, דער עסטרייכישער אין לאָנדאָן. בשעת פּירשט ליכנאָווסקי פאָרט אָפּ פון לאָנדאָן, באַגלייט אים דער פאַרבינדעטער אַמבאַ־סאַדאָר צום באַן אַרויס און דערקלערט אים אין צופרידענער שטימונג, אַז ער האָפט צו בלייבן, און ער בלייבט טאַקע נאָך ניין טעג, אָבער ער טאָר ניט שיקן קיין שיפרירטע טעלעגראַמעס. ער שמועסט כסדר מיט גריי, צי מען קאָן זיך ניט ווי עס איז צונויפריידן.

„וואָלט ניט געווען בעסער אויסצומיידן די מלחמה צווישן אונז?" פרעגט גראַף מענסדאָרף. „וואָלט ניט געווען גלייך, ווען צוויי מלוכות, צו איינער פון איטלעכער גרופּע, זאָלן בלייבן אין קאָנטאַקט מיט אַנאַנד?" און אַז די פרעסע פּאָדערט פון אים, ער זאָל סוף כל סוף אָוועקפאָרן, זאָגט צו אים גריי, דער שונא: „איך האָף, איר שפּירט זיך ניט באַליידיקט".

לאָרד ראָזבערי באַזוכט אים נאָך אין דער אַמבאַסאַדע, באַקלאָגט זיך פאַרן דאָזיקן עסטרייכער איבער דעם רוסישן פאַר־בינדעטן און זאָגט נביאות, אַז ענגלאַנד וועט אין דער דאָזיקער שפּיל העלפן דעם צאַר צו פאַרכאַפּן די ממשלה איבער דער וועלט. גלייכצייטיק לאָזט בערלין ניט צו רו דעם גראַף בערכט־האָלד: די דייטשע שיפן אין מיטללענדישן ים מוזן האָבן די עסטרייכישע הילף קעגן ענגלישן פלאָט. נאָך אַמאָל פּרואווט דער פירנעמער פאַרבינדעטער זיך ארויסצומאכן, ביז עס קומט אָן פון בערלין אן אולטימאטום: „עס מוז דערקלערט ווערן קריג קעגן ענגלאנד אין משך פון 5 טעג, שפּעטסטנס דעם 12־טן אווגוסט".

סאַראַ פיינלעכע ענערגיע די דאָזיקע פּרייסן האָבן דאָס! טראכט בערכטהאָלד און האָפט נאָך אלץ אף א קליינעם אויסוועג.

אָבער אז עס קומט דער 12־טער, באפרייען איס די העפלעכע ענגלענדער פון זיינע ספקות: זיי שיקן דעם גראף מענסדאָרף אהיים.

דעם צווייטן פרימאָרגן — עס איז דער 13־טער אווגוסט, און דייטשלאנד, וואָס איז אריין אין קריג, ווי עסטרייכס סעקונדאנט, האָט שוין געקעמפט אין משך פון צוויי וואָכן מיט גוואלדיקע אָנווערן, — ערשט דעמאָלט איז געקומען דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר צו גראַף בערכטהאָלד זיך געזעגענען, און צווישן די דיפּלאָמאַטן האט זיך פאַרקניפּט אן איידעלער שמועס מיט באַדויערן און ווינשעניש און כבוד אָפּגעבן, ווי עס פּאסט זיך פאר הויכע לייט. די דיפּלאָמאטן פארזיכערן איינע די אַנדערע, אַז זייערע הערשערס, דער קיסר און דער קעניג, בלייבן איינער דעם אנדערן גוטע פריינט ווי געווען.

אָבער דעם צווייטן טאָג שוין האָבן עסטרייכישע און ענגלישע מאַטראָסן אין מיטללענדישן ים זיך געשאָסן טויט איינער די אנדערע אונטער די פאָנען פון זייערע מושלים, וואָס האָבן איינע די אנדערע הויך געשאצט. מיליאָנען מענטשן זיינען געצוואונגען געוואָרן פון זייערע עלטסטע פון היינט אָן פיינט צו האָבן איינע די אנדערע, און דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן געמיינט, אַז זיי מוזן טאַקע פיינט האָבן. נאָך אין צענדליקער יאָרן ארום וועט די דאָזיקע שנאה, וואָס פארברעכערס האָבן זי אויסגעקלערט, לעבן ווייטער אין די קינדער פון יענע קעמפערס. אין משך פון פיר יאָר זעצט מען אריין אין תפיסה ווי א בוגד איטלעכן, וואָס שיקט א גרוס א זון אָדער אַ פאָטער אפן שונאס זייט. אָבער די קיסרים און מלכים פון גאָטס גענאָד לאָזן זיך קעגנזייטיק פארזיכערן דורך זייערע משרתים, אז זיי באַדויערן פון האַרצן דעם סכסוך, און ווינשן איינער דעם אנדערן הצלחה.

פארצייטן פלעגן די מלכים ארויסרייטן בראש פון זייערע געדונגענע זעלנערס און פלעגן טאקע אליין זיך שלאָגן אויך; היינט צווינגען זיי זייערע פרידלעכע אונטערטאנען זיך פיינט צו האָבן, טרייבן זיי אריין אין די טראַנשייעס, אָבער זיי האַלטן ניט

פאַר „ריטערלעך" צו שיסן אף די הויפּט קוואַרטירן, דאָס הייסט, אַז פון מיליאָנען שווינען זיי נאָר זייערס גלייכן.

צוויי וואָכן שפּעטער, אַז בריסל איז שוין געשטאַנען אונטער דייטשער פאַרוואַלטונג, האָט עסטרייך ליידער קיין אנדער ברירה ניט געהאַט, ווי אויך צו טאָן דעם לעצטן שריט: זי האָט סוף כל סוף דערקלערט קריג בעלגיען.

בעת די לעצטע שמועסן האָט מען לויט אָפיציעלע באַריכטן פינף מאָל געוויינט: קעניג קאַראָל פון רומעניען האָט פאַרגאָסן פאַר גראָף טשערנין אין די אויגן אופריכטיקע טרערן פון אן איידעלן און יושרדיקן האַרץ, וואָס איז געווען פאַרקלעמט, ווייל עס איז קיין אויסוועג ניט געווען. פאשיטש האָט געוויינט אין ניש טרערן פון פרייד פאַרן רוסישן פאָרשטייער — דאָס איז פאַרשטענדלעך. גאָשען האָט געוויינט באַם געזעגענען זיך מיט בעטמאַנען. סאַזאָנאָוו און פורטאַלעס האָבן אופגעוואָרפן איינער דעם אַנדערן די טרערן, וואָס זיי זאָלן האָבן פאַרגאָסן. היות אָט די אַלע טרערן זיינען פאַרצייכנט נאָר אין די באַריכטן פון קענגנער, מעג מען דרינגען, אַז בא דיפּלאָמאַטן איז ניט אָנגענומען צו וויינען איבערן אומגליק פון די נאַציעס, וואָס מען טראָגט די אחריות פאַר זייער גורל; פיינער איז, צו לאָזן וויינען די בירגער, נאָר דאָס שטייט ניט אין בוך פון דער געשיכטע.

*

פון דער הייך פון די מלכים און מיניסטאָרן איז פון אומ-זיכערע הענט געוואָרפן געוואָרן א שטיין, אָט קייקלט ער זיך, אָט וואַקסט ער אויס אַפן וועג אַראָפּ מיט ווילדער גיכקייט: אַ לאַווינע: אין משך פון די דאָזיקע ערשטע טעג קלייבן אַלע רע-גירונגען נחת פון זייער נצחון. זיי האָבן איינגענומען די מאַסן אין די הויפּט שטעט פון אייראָפּע פאַרטרויען, שרייען די אָפּגע-נאַרטע, רייסן זיך אין קריג.

אין ווין איז די באַגייסטערונג אָפּגעלאָפן אין פאַרבאַהאַלטע-נע וואַלצער-טאַקטן, מען האָט די מאַסן אָרגאַניזירט צו יום-טוב-

פאַראַדן אונטערן שוץ פון די פייערלעשערס. אין איינגעלערנטע באָרן האָט געקלונגען דער פרינץ־אייזשען־מאַרש דורך דעם גאַנצן רינג ביז צום ראטהויז; דאָרט האָבן פון באלקאָן אראָפּ געוואונקען דאַמען אין עלעגאנטע זומער־קליידער; אַלץ איז געווען שיין, אַלץ לעבעדיק, אַלץ אַראנזשירט. דאָ האָט געפעלט א צענטער: דעם קיסר האָט מען ניט געזען, דער נייעם יורש עצר האָט קיינער ניט געקאָנט, דער רוב מיניסטאָרן האָבן זינט צענדליקער יאָרן גע־לעבט באהאַלטן הינטער א וואלקן, בכן האָט דאָס פאלק אפן אייגענעם, פאַנטאַסטישן שטייגער געמוזט אָפּריכטן דעם גרויסן יום־טוב. שוין דעם 5 אויגוסט האָט מען ביידע פאַרבינדעטע קיסרים פאַרגעשטעלט אף דער בינע אין לעבעדיקע בילדער. ווען האָט מיט איר מוזיקאַלישער שטים געפייערט דעם אנהייב פון דער מלחמה אין די גארטן לאקאַלן מיט באזונדערע לידער, זי האָט אויסגעוויזן ווי א יום־טובדיקע שטאָט.

אין בערלין, אויב עס זיינען נאָך געווען וואָסערע פאָרגע־פילן פון א שווערן אומגליק, זיינען זיי פון די אלגעמיינע גע־שרייען דערשטיקט געוואָרן. איבער דעם ערנסט פון די מאסן האָבן די פראָזשעקטאָרס פון נאַציאָנאַליזם געוואָרפן א העלע שיין. דער איינגעלערנטער זעלנער־גייסט האָט אַלעמען געגעבן א מאַרש־ריטמוס, וואָס האָט „איטלעך פרייסיש הארץ געלאָזט שלאָגן העכער״.

דעם 1־טן אַווגוסט נאָכמיטאָג, אַז אונטער די לינדן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט גראָע שווערע משא־אויטאָס, אז יונגע לייט, גראָ אין שמוציק אין ארבעט־בלוזעס האָבן די עקסטראַ־אויסגאַבעס פון די צייטונגען ניט איינציקווייז געטיילט, נאָר געוואָרפן גאַנצע פעקלעך אף דער גאַס, האָבן די מענטשן אַרויפגעשריען צו זיי מיט גדולה, אזוי ווי זיי וואלטן געקומען מיט א בשורה פון נצחונות. און די פאַפּירן, נאָך פייכט, זיינען געוואָרפן געוואָרן פון האַנט צו האַנט. אין אָוונט האָבן צענדליקער טויזנטער מאַרשירט צום שלאָס, זיי האָבן געוואלט זען דעם קיסר. ער האָט גערעדט פון באַלקאָן אַראָפּ: „איך קען מער ניט קיין פאַרטייען, איך קען

נאָר דייטשן!״ א גרויסאַרטיקער געדאַנק, וואָס איז געבאָרן צו זיין א געפליגלט וואָרט, און דעמאָלט נאָך באַשאָנקען מיט א קראַפט, אז דאָס פאָלק האָט דערין געגלויבט. דאָס שלאָס האָט די בערלינער געגעבן יענעם צענטער, וואָס האָט די ווינער גע־פעלט. די פרינצן, וואָס זיינען געפאָרן אין זייערע אויטאָס איבער די גאַסן, בעטמאַן האָלוועג, דער קאַנצלער, וואָס האָט אין א רעדע געהאַט די העזה צו דערמאָנען ביסמארקן, זיי האָבן כסדר געשמייכלט. יאָ, אַלץ האָט געהאַט דעם פּנים פון א יום־טוב נאָך א נצחון, נאָר דער קיסר איז געווען ערנסט.

בערלין איז געשטאַנען אונטער דער מאַכט פון די גענע־ראַלן. אַז סעגיעני האָט אין לעצטן מאָמענט געפּרואווט רייֵדן קעגן דעם אריינמאַרש אין בעלגיען, האָט ער געקראָגן אין אוי־סערן־מיניסטעריום דעם קלאַסיש־פּרייסישן ענטפער: „איצט האָבן די מיליטער־לייט דאָס וואָרט, און קיינער טאָר זיך ניט מישן״. מאָלטקע האָט דיקטירט די פאָליטישע דעפּעשן פון אויסערן־מי־ניסטעריום, אַזוי ווי זיינע אונטערגעגעבענע האָבן אים איינגערעדט. ניט דער מלוכה־מאַן האָט געפירט, נאָר די געדאַנקען פון עפּעס אַ פולקאָווניק זיינען געוואָרן צו דער הויף־פאָליטישער שטים פון דער אימפּעריע. דער גענעראַל־שטאַב האָט באַפוילן:

„מיר טאָרן ניט נעמען בעלגיען מיט א גרינגען אויסרייד. אין דעם דאָזיקן קריג גייט עס פאַר דייטשלאַנד ניט נאָר אפּצו־היטן איר גאַנצע עקסיסטענץ ווי א מלוכה, נייערט אויך אָפּ צו באַשיצן און אויפצוהאלטן די גערמאנישע קולטור קעגן דער סלאַ־ווישער אומקולטור״. א נאָטע מיט דעם אינהאלט זאָל אפּגעשיקט ווערן ניט שיפרירט קיין לאָנדאָן, „ווייל דאָס וועט אונז ניט שאָדן, אויב די דאָזיקע נאָטע וועט אַדאַנק איר ניט־שיפרירטער פאָרם באַוואוסט ווערן אויך אַנדערשוואו״. און באמת האָט מען די דאָזיקע נאָטע, א ביסל איבערגעאַנדערשט, אָפּגעשיקט אין אָפענער ענגלישער שפּראך ווי אַן אינסטרוקציע קיין לאָנדאָן. דאָס האָט אבער דייטשלאַנד נאָר שאָדן געבראכט, וואָרום דורך דעם האָט זיך די אָפיציעלע גאווה אָפּן אַרויסגעשטעלט צום ערשטן

מאָל פאַר דער פיינטלעכער וועלט, און מען האָט דאָס אָנגעוו־
מען ווי דער געפיל פון דער נאַציע, וואס איז ווי א גאַנצע גע־
וועז געשטימט פונקט אזוי פרידלעך ווי אירע שכנים.

דעם צווייטן טאָג זיינען שוין די פאָליטישע חלומות פון
גענעראַל־שטאַב געפלויגן ארום דעם כדור הארץ: מאָלטקע צו
בעטמאַנען: „דער אופשטאַנד אין פוילן איז אָנגעהייבן... אונזער
מיליטער ווערט באגריסט כמעט ווי גוטע פריינט... די שטימונג
פון אמעריקע איז פאַר דייטשלאַנד... דאָרט איז מען אין כעס
איבער דעם שענדלעכן אופן, ווי מען איז זיך באגאנגען קעגן
אונז... זייער וויכטיק איז דער אופשטאַנד אין עגיפּטן, אינדיען,
אפן קאַווקאַז, דורך דעם אפמאַך מיט טערקיי וועט דער אויסערן־
מיניסטעריום זיין אין שטאַנד... אופצוּוועקן דעם פאַנאַטיזם פון
איסלאַם". ניין, דאָס איז ניט קיין פּאַראָדיע, אזוי שטייט דאָס אין
די דאָקומענטן.

יאגאָוו איז אינגאַנצן פאַרשוואוּנדן צווישן די מיליטערישע
געשטאַלטן. אין גלענצנדע גרופּעס האָט מען זיך צונויפגעקליבן
אין ווייסן זאל פון שלאָס, ניט ארום דעם טראָן, וואָס איז גע־
שטאַנען אין איינזאַמער פּראַכט צווישן די גרויסע פענסטער נאָר
אָפּגערוקט פון אים, צווישן די הויכע געשטאַלטן אין פעלד־גראָ
גייט זיך ארום דער דייטשער אויסערן־מיניסטער פּאַוואָליע פון
גרופּע צו גרופּע, אַרויסגערוקט פאַראויס זיינע שמאָלע אקסלען,
שטעלט זיך אָפּ א ווײַלע, האָרכט זיך איין, שאָקלט צו מיטן
קאָפּ, זוכט קענטיק אומעטום אינפאַרמאַציע, בעת אז בעצם האָט
ער דאָס באַדאַרפט זיין דער צענטער פון אלע פראַגעס. ביסמארקס
גייסט איז ניט געווען צו געפינען, און ערשט א סך שפּעטער
האָט מען געקאָנט פאַרשטיין דאָס, וואָס עס האָט פאָרמולירט
דער פּקח באַלין: „מען האָט ניט באַדאַרפט זיין קיין ביס־
מאַרק, בכדי ניט צו דערלאָזן די דאָזיקע נאַרישסטע פון אלע
מלחמות". דער קיסר האָט געשליידערט זיין קללה קעגן דער
זינדיקער וועלט: „די וועלט איז געווען אן עדות, ווי מיר זיינען
אין דעם אימפּעט און פּלאַנטער פון די לעצטע יאָרן געשטאַנען

די ערשטע, בכדי צו פארהיטן די פעלקער פון איראפע פאר א קריג צווישן די גרויסע מלוכות... נעצוואונגען זיך צו באשיצן קעגן אנפאל, מיט א ריינעם געוויסן און א ריינער האנט נעמען מיר זיך פארן שווערד". זיכער האָט ער שוין געהאַט פארגעסן, אַז יענעם 5-טן יולי האָט ער צוגעזאָגט די עסטרייכער הילף אין זייער אויענטיורע אָן שום תנאים, געוויס פילט ער זיך גערעכט און לאָזט ארויס זיין אופרוף צו דער וועלט פון טיפן האַרצן. אזוי איז געווען זיין כאַראקטער.

צוויי שעה שפעטער, נאך מיטאָג דערקלערט דער קאַנצ־לער דעם רייכסטאַג, פון וואנען עס נעמט זיך דער קאָנפליקט, ער לאָזט אָבער אויס די וויכטיקסטע פאַקטאָרן. מיטן בעלגישן ענין מיינט ער פארטיק צו ווערן אַפן בעסטן אופן, דורכדעם װאָס ער האָט געמאַכט דעם אנשטעל פון אופריכטיקייט. מכח דעם דאָזיקן מאַרש דורך בעלגיען, וואָס איז זינט צוואנציק יאר געווען דער באזיס פון די דייטשע פלענער, זאָגט בעטמאַן: „מיר זיינען געצוואונגען זיך צו באשיצן, און אין פאל פון נויט איז אלץ מותר... פראנקרייך האָט געקאָנט ווארטן!... דאָס אומרעכט, וואס מיר טוען דערמיט, וועלן מיר סטאַרען זיך צו פאריכטן, ווי נאָר אונזער מיליטערישער ציל וועט זיין דערגרייכט. ווער עס געפינט זיך אין אזא סכנה ווי מיר, און קעמפט פאר זיינע העכסטע אינטערעסן, דער מוז נאָר טראכטן, ווי אַזוי זיך דורכ־צושלאָגן". דאָס איז געווען די ריכטיקע מוזיק: דער רייכסטאַג האָט געדונערט פון בייפאל, גאַנץ דייטשלאַנד האָט אָנגענומען די נייע דאָגמע, די יוריסטן און די פּאַסטאָרן האָבן זי באשטעטיקט; פּראפעסאר קאָלער האָט באַוויזן יורידיש, פארוואס בעת א נויט איז אלץ מותר, און דער פּאַסטאָר טראוב האָט געשריבן: „דורך דעם וואס דער קאַנצלער האָט מודה געווען אונזער אומרעכט, איז עס געווארן צו א רעכט". נאָר די ראדיקאַלסטע עלעמענטן אין הויז האָבן געפילט א קאַלטן שוידער איבערן לייב, זיי האָבן געפילט, אַז דער דאָזיקער געדאַנק וועט מאָרגן שפּאַלטן די וועלט אף צוויי מחנות. מיט קאַלטער שטים, ווי א פארמשפּטער האָט האַזע, דער דייטשער פירער פון די סאָציאַליסטן געגעבן

זיין הסכמה צו די קרעדיטן אין נאָמען פון פיר מיליאָנען דייט־שע אַרבעטער. איטלעכער זאַץ אין זיין רעדע האָט פארמשפּט דעם קריג, וואס פאר אים האָט ער אסיגנירט געלט.

„...אין האַרציקן הסכם מיט אונזערע פראנצויזישע ברידער. מיר טראַכטן איצט וועגן די מוטערס, וואָס מוזן אָפּגעבן זייערע זין, וועגן די פרויען און קינדער... מיר פילן אונז איינס מיטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט אלע מאָל אָנערקענט דאָס רעכט פון יעדער פאלק אף נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט, און פאר־משפּטן איטלעכן באַצווינג־קריג. מיר פאָדערן, אז די מלחמה זאָל תיכף ווערן פארענדיקט, ווי עס וועט דערגרייכט ווערן דער ציל פון דער זיכערונג, און ווען די קעגנער וועלן זיין גרייט צו מאַכן שלום".

די יונקערס, פון דער רעכטער זייט, שיקן די דאָזיקע רויטע געזעלשאַפט צו אלדי רוחות: אפילו הייגט מוזן זיי דרעשן זיי־ערע פראזעס. נאָר וואָס געשעט? איינער א מענטש מיט בולט ערנסטע שטריכן שטופּט זיך צו דער טריבונע, הגם מער קיין רעדנער זיינען נים געווען פאראויסגעזען, דאָס איז קאַרל ליב־קנעכט. אַזוי ווי זיין מוטיקער פאטער האָט אין משך פון צענד־ליקער יאָרן געקעמפט אפן זעלביקן אָרט, מיט מוט פון איינ־זאַמען נביא, וואס הארכט זיך צו נאָר צו זיין אינעווייניקסטער שטים, שטעלט ער זיך איין: איינער אנטקעגן 60 מיליאן! אבער דער הער פּרעזידענט שאָקלט זיין לאַנגע גראָע באָרד און וויל נים געבן דאָס ווארט דעם געפערלעכן מענטשן. היות זיי אלע פּארטייען האָבן זיך געאייניקט, גיט זיך אויך ליבקנעכט אונטער און שטימט פאר די 5 מיליארדן. בא דער אפּשטימונג פון ווייטערדיקע קרעדיטן, האָבן 6 געשטימט מיט ניין, דערנאָך שוין 32.

*

אין דער זעלביקער שעה, ווען בעטמאַן און דער קיסר האָבן פאַרטיידיקט דייטשלאנד פאר גאָט און פאַר דער געשיכטע,

האָט וויוויאַני, דער פראַנצויזישער פּרעמיער פּאָרגעלייענט אין פּאַרלאַמענט פאַר 400 דעפּוטאַטן די ווענדונג פונם פּרעזידענט: „פראַנקרייך איז געוואָרן דער קרבן פון אַן אָנפאַל, וואָס זיין גלייבן איז ניט געווען ...דער דאָזיקער אָנפאַל, וואָס לאָזט זיך מיט גאָרנישט ניט פאַרענטפערן, האָט זיך אָנגעהויבן אָן קריגס־דערקלערונג דערמיט... וואָס אונזער גרענעץ איז אריבערגעטראָטן געוואָרן אין מער ווי פופצן ערטער. מען איז אָנגעפאלן אויף בעלגיען און לוקסעמבורג. פראַנקרייך, וואָס איז אומגערעכט ארויסגעפאָדערט געוואָרן, האָט די מלחמה ניט געוואָלט; זי האָט געטאָן אלץ, בכדי זי אָפּצואווענדן. די פרייהייטס־רעכט פון אייראָפּע, וואָס פראַנקרייך אין אירע פריינט און פאַרבינדעטע פילן זיך מיט שטאָלץ פאַר זייערע פאַרטיידיקער, שטייען אין סכנה״.

נאָר איינער אינם דאָזיקן גרויסן הויז פילט זיך מער גערירט פאַר אַלעמען. די אפּלאָדיסמענטן גייען אים ניט אָן, זיין אויפרעגונג איז צו טיף. דאָס איז דער רוס מיטן קאָפּ פון א פּאַשאַ. דאָס איז דער מענטש, וואָס האָט אין יענע טעג געזאָגט: „דאָס איז מיין קריג!״ דאָס איז איזוואָלסקי, דער רוסישער אַמבאַסאַדאָר אין פּאריז. ער האָט דעם טאָג אָנגערופן „דער שטאָלצסטער טאָג פון מיין לעבן״. און האָט . געזאָגט צום שפּאַנישן אַמבאַסאַדאָר: „פיר יאָר אויף מיין פּאָסטן זיינען געווען גענוג, בכדי צו דערגרייכן מיין ציל״.

אָבער נאָר אין רוסלאַנד פאַרשטייט מען פּאָרצושטעלן אזעלכע מאָמענטן, „ווי עס געהער צו זיין״. אייערנעכטן נאָכמיטאָג, אין דער זעלביקער שעה, זיינען געפאָרן די גרויסארטיקע קאראָטן איבער נעווסקי, דערנאָך דורך די טויערן פון ווינטער־פּאַלאַץ. 5000 מענטשן, די ערשטע אין לאנד, האָבן באלד אָנגעפילט די געאָרגיעווסקי גאַלעריע. אלץ האָט געשטראַלט ווי צו א גרויסן יום־טוב, און דאָך האָבן אַלע געשוויגן. אין זייערע הויף־קליידער בלישטשען די דאמען, זייער צירונג פינקלט. שטום קומט אריין דער הויף, נעבן אַלטאַר, אין מיטן פון זאַל, מיט ציטערנדיקע ליפּן, די אויגן אַראָפּגעלאָזט, דערבײַ מיט שטאָלץ אויפגעהויבענעם

קאָפּ: אזוי באווייזט זיך די שיינע קיסרינע. אפילו דער צאַר זעט אויס ווי אַ סימבאָל. לאַנג זינגען די גלחים זייערע תפלות. שווייגענדיק הערט צו דער צאַר.

דערנאָך לייענט דער אלטער גאָרעמיקין דעם מאניפעסט. גענוי ווי אין בערלין און פּאַריז: „מען איז אף אונז אָנגעפאַלן“. אופּסנייַ ווערט גאָט אָנגערופן פאַר אן עדות. איצט הויבט זיך אוף דער צאַר, לייגט ארוף די האנט אף א ביבל און הייבט אָן פּאַוואָליע: „אָפיצערן פון מיין גווארדיע! אין אייך באגריס איך מייַן אַרמיי און בענטש זי! איך שווער א הייליקע שבועה, ניט צו מאכן קיין שלום, כל זמן איין איינציקער שונא וועט שטיין אף רוסישער ערד“. אזוי האָט אויך גערעדט דער ראָמאַנאָוו מיט הונדערט יאָר צוריק, איצט נעמט דער קיסר ארום דעם פראנצויזישן אַמבאַסאַדאָר. פון דרויסן הערט מען די געשרייען פון גאַס. דער צאַר גייט ארויס אפן באלקאָן.

הונדערטער טויזנטער האָבן זיי זיך צונויפגעקליבן, מיט זייערע הייליקע סימבאָלן, מיט פענער, מיט בילדער פון צאַר. אין יענעם אויגנבליק, אַז זיי דערקענען אים ווי אַ גאָטהייט, לאָזן זיך הונדערט טויזנט מענטשן מיט אַ מאָל אַראָפּ אַף די קני. יאָ, דאָס איז דער לעצטער קיסר אין דער וועלט, וואָרום די מענטשן פאלן פאר אים אף דער ערד ווי מיט טויזנט יאָר צוריק. ער אליין, ווי ער וואָלט שוועבן איבער דער מאסע, זעט אויס ווי דער אמתער הערשער איבער לייב און לעבן פון די מיליאָנען, דורך גאָטס גענאָד.

און דאָך איז דאָס געווען די זעלביקע מאַסע, וואָס מיט ניין יאָר צוריק איז זי געקומען אַהער צום זעלביקן אָרט, אונטער דער אָנפירונג פון אַ גלח, כדי אויסצובעטן פרייהייט באַם פאָטערל צאַר. דעמאָלט זיינען געקומען קאָזאַקן מיט קרומע שאַבלעס און קורצע ביקסלעך איבער דער מאסע, האָבן צעטראָטן און צעשאָסן אַלעמען, ווער עס האָט ניט געוואָלט אַוועקגיין. אויך היינט זיינען פאַראַן צעבונטעוועטע הערצער צווישן די וואָס קניען. זיי זינגען

דעם הימן פאַרן צאַר, אָבער זיי פילן, אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל. און בעת זיי גלויבן נאָך אַף דער העלפט אין זיין געט־לעכקייט, פלאַנעווען זיי שוין אין קאָפּ נקמה. שוין דעמאָלט האָט לענין געשריבן פון אויסלאַנד, אַז דייטשלאַנד איז שולדיק אין דער מלחמה ניט מער, ווי אירע פריינט!

דאָס וואונדערלעכסטע אָבער האָט זיך אָפּגעשפּילט אין לאָנדאָן. גאַנצע טעג האָט מען ניט געזען קיין גליקלעכן פּנים אַף די גאסן, אין די באַנען: ניט קיין צאָרן ניט קיין שנאה האָט מען אין ערגעץ ניט געקאָנט מערקן, נאָר צעטראָגענע מענטשן האָבן געקוקט אַף די גרינע און רויטע פּלאַקאַטן, וואָס האָבן דעם באַנק־יום־טוב פאַרלייגנגערט אף פיר טעג: מלחמה! טויזנטער בלאסע, איבערגעשראָקענע פּנימער האָבן זיך באוויזן אין דער געגנט פון דער בערזע; וואָרום עס איז געשען, וואָס מען האָט ניט געגלויבט: צום ערשטן מאָל זינט צענדליקער יאָרן איז די לאָנדאָנער בערזע געבליבן געשלאָסן. אין לאָנדאָן איז דער מענטש פון פאָלק געווען ווינציקער צוגעגרייט און דערפאַר מער איבער־געשראָקן, ווי ערגעץ אפן קאָנטינענט.

דעם 4־טן אווגוסט האָט פּלוצים אלץ זיך איבערגעביטן: אַז עס איז געוואָרן דערקלערט קריג, איז אלץ געוואָרן ארומגע־כאפּט מיט איין געדאַנק. דער בירגער־קריג אין אירלאנד איז גע־ווען אויס, פון נעכטן אף היינט. אומזיסט האָבן די סאָציאַליסטי־שע גרופּעס נאָך איצט געשאָטן מאַניפעסטן און אופרופן. אין משך פון צוויי טעג האָבן א מיליאָן פּלאקאטן דערציילט מכּת הונדערט אויסגעטראכטע דייטשע עוולות. באַלד האָבן די סופראַ־זשיסטינס פארקערעוועט נאָך דער אַלגעמיינער שטימונג. דייטשן, נאָך נעכטן גוטע קונדן, האָט מען היינט געכאפּט און גע־שלאָגן.

אין א בלויען זומער־הימל ארוף האָט זיך געהויבן דער נעלסאָן־דיינקמאָל. מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט זיך דאָ געקליבן אַ פּאַציפיסטישע דעמאָנסטראציע פון ארבעטער. וואָס שטראָמט דאָ איצטער ארום דעם דאָזיקן זייל, וואָס פיר לייבן טוען אים

הימן, אזוי ווי זיי וואָלטן וועלן שרעקן דעם המון אין דער וויטן? דורך דער הייסער נאכט גייען פראָצעסיעס פון אינגלעך, דערנאָך ווידער בירגער אין הויפנס און קאָלאָנעס. זיי מאַרשירן פון דאַנען צום אוּאַיט-האָל און צום פאַרלאַמענט. אַלע רופן: נידער דער קיסר! די דייטשן! משוגענע ידיעות וועגן מעשים וואס נים געשטויגן נים געפלויגן ווערן פאַרשפרייט אין די בלעטער, וואָס דערשיינען פון שעה צו שעה, און לויפן פון מויל צו מויל. „ריזל בריטאַניאַ״ הילכט ארוף צו די זעלביקע שטערן, וואָס אין דער זעלביקער שעה קלינגט צו זיי ארוף „דייטשלאנד, דייטש-לאנד איבער אלעס״, „לאַ ליבערטע! לאַ פראַנס!״, „גאָט, היט דעם צאַר!״ און „גאָט האַלט אוף, גאָט באַשיץ״, אין די הויפט-שטעט פון אייראָפע ווערן אין דער זעלביקער שעה ארופגעזונגען צום הימל די פּאָפּולערע לידער, וואָס דורך זיי ווילן אופגערעגטע הערצער זיך בארואיקן מיט גאָט, מיט גערעכטיקייט און מיט האַרמאַטן.

אין אלץ אַן איינגערן קרייז דרייט זיך דער המון ארום דעם נעלסאָן-זייל. פלאַגן ווייען, אָבער נאָר פון צוויי מינים, וואָרום אַ רוסישן פלאג קאָן מען אין ענגלאנד אין דעם מאָמענט נים קריגן, די אַמבאַסאַדע מוז אירע פלאגן אליין האָבן, אַף די שטיינערנע לייבן רייטן איצט דערוואקסענע מענטשן, מען דער-לאַנגט זיי ביר, עס ווערן ארויסגעשריען אָן א שיעור מאָל הוראַ אַף ענגלאַנד און אַפן זיגרייכן קריג, עס שפילט אריין אַ האַר-מאָניקע, אַ שאָטישע דודע קווימשעט אריין.

איצט קומט צו פאָרן אַ קאַראָם מיט פרויען. זיי בלייבן שטיין, די מאַנסבילן אפן דיינקמאָל פירן די פרויען ארוף. דאָס זיינען פראנצויזינס מיט א חשודיקן יחוס. איצט טאנצן זיי קאַנ-קאַן אונטערן שפיל פון דער האַרמאָניקע. דאָס איז דער חתונה-טאַנץ פון דער אַנטאַנטע: וויוו לאַ פראַנס! לעבן זאָל דאָס לאנד, וואָס קענן דעם האָט מען יאָרהונדערטער לאַנג געקעמפּט! דא-מען אין עלעגאנטע טואלעטן קומען פון די קלובן און טעאטערס מיט זייערע באַגלייטערס, איטלעך פורווארג פאַרהאַלט מען, די

דאמען בלייבן שטיין אין די קאַראָטן, די קאַוואַלערן גייען ארוים און חברן זיך מיטן המון, פון די קאַראָטן שימערירן ארוים ווייסע העלזער מיט די טייערע שטיינער, נאַקעטע הענט ווינקען אריבער צו יענע גאַסן־מיידלעך, וואָס טאנצן צו פוסנס דעם ענגלישן ים־העלד דעם קריגס־טאַנץ. אזוי זעט אוים אין דער אמתן דער גראָטעסקער בונד פון די קלאסן און שטאנדן, וואָס וועגן דעם האָט מען עטלעכע וואָכן געערדט אין אייראָפּע.

*

אזוי איז געוועזן אייראָפּע דעם 4־טן אווגוסט. ליגן און לייכטזין, ליידנשאפט און שרעק פון דרייסיק דיפּלאָמאַטן, פירשטן און גענעראלן האָבן געמאכט פרידלעכע מיליאָנען אין משך פון פיר יאָר פאר רוצחים, גזלנים און אונטערצינדערס פון מלוכה וועגן, בכדי איבערצולאָזן צום סוף דעם ערד־טייל אַ פאַרגרעבטן, אַ פאַרסמטן, אַ פאַראָרימטן, קיין איין פאָלק האָט גאָר נישט גע־וואונען, אלע האָבן אָנגעוואָרן, וואָס צענדליקער יאָרן קאָנען ניט איינבריינגען. א פרעמדער קאָנטינענט איז געוואָרן דער קרעדיטאָר פון אונזערן. שנאה און פארביטערונג האָט ארומגעכאפּט די פעל־קער, וואָס האָבן פריער קאָנקורירט אין שלום.

די וואָס זיינען שולדיק דערין בלייבן פריי און ניט בא־שטראָפט. פון אלעמען האָט נאָר סוכאָמלינאָוו געקראָגן א שטראָף, טורמע. דאָס פאָלק האָט דערהרגעט די צוויי, וואָס האָבן צו־ערשט געוואָלט אויסמיידן דעם קריג, דעם צאַר און גראַף טיסא, דעם לעצטן, ווייל ער האָט ניט געוואָלט אנטלויפן; אויך גראף שטירגק, וואָס האָט ניט געהערט צו די גרויסע העצערס. אלע איבעריקע פירערס פון אייראָפּע, וואָס זיינען פּערזענלעך שולדיק, האָבן זייער לעבן ארויסגעראטעוועט פון דער קאַטאַסטראָפע, מחמת זיי זיינען אנטלאָפן געוואָרן אָדער די פעלקער האָבן זיי פאַרשווינט, קיין איינער פון זיי, חוץ טיסאַ, האָט זיין לעבן אין שלאַכט ניט איינגעשטעלט. קיין איינעם פון די אַלע נעמען, וואָס האָבן אונטערגעשריבן די קריגס־דערקלערונגען פון אייראָפּע, גע־

זען אָדער ניט געזען, געפינט מען ניט אין א רשימה פון די געפאַלענע, דער גרויספירשט ניקאָלאַי און איזוואָלסקי, בערכט־האָלד, בעטמאַן און קיסר ווילהעלם, יאַנושקעוויטש און מאָלטקע לעבן אָדער האָבן געלעבט רואיק ווייטער, הגם זיי אלע, חוץ מאלטקע, האבן אריבערגעלעבט דעם קריג. קיין איינציקער פון די באזיגטע איז ניט געשטאַנען פאַר א מלוכה־געריכט. דער מערדער פון ערצהערצאָג איז געוואָרן געפייניקט צו טויט. דער מערדער פון זשאָרעס איז געבליבן פריי.

אבער דאס פאלק פון אייראפע האט באצאלט דעם חשבון מיט נייַן מיליאָן הרוגים.

---

# פארלאג „ביכער פאר אלעמען“ ריגע

דער פארלאג האט ארויסגעגעבן דעם וועלט-בארימטן ראַמאן פון אידישן לעבן

# „יוד־זיס“

פון דעם אידיש-דייטשן שריפטשטעלער **ליאן פייכטוואנגער.**

ס'זיינען שוין דערשינען אלע פיר ביכער.

**„געלט און מאכט“** (יוד-זיס 1. טייל) אידיש: מ. ראזומני.

**„אידן“** (יוד-זיס 2. טייל) אידיש: מ. ראזומני, אונטער דער רעדאקציע און מיט א נאכווארט פון ז. קאלמאנאוויטש.

**„דער הערצאג“** (יוד-זיס 3. טייל) אידיש: ז. קאלמאנאוויטש.

**„טויט־שטראף“** (יוד-זיס 4. טייל) אידיש: ז. קאלמאנאוויטש.

די אלע 4 ביכער זיינען געדרוקט אף גוטע ווערזשע פאפיר און ארויסגעגעבן מיט פארביקע קונסט הילעס.

דער פרייז פון יעדן בוך איז 1 לאט. פאר אויסלאנד 35 אמעריק. צענט.

**„יוד־זיס“** איז דורך דער גאנצער וועלט-קריטיק אנערקענט פאר איינעם פון די בעסטע און אינטערעסאנטסטע ביכער, וואס זיינען אנגעשריבן אין משך פון די לעצטע יארן.

דער ראמאן „יוד-זיס“ איז דורכגעפלאכטן מיט אן אויסערגעוויינטלעך אינטערעסאנטער און שפאנענדער האנדלונג.

# „די פרוי פון אונזער ביינקשאפט"

ראמאן פון באוואוסטן אידיש-דייטשן מחבר **מאקס בראד.**

אידיש: ז. קאלמאנאוויטש.

דער גאנצער קאנפליקט פון אָט דעם ראמאַן קאנצענטרירט זיך אויסערלעך אף דעם קאמף צווישן צוויי מענער צוליב א פרוי.

דאס גאנצע ווערק שטיצט זיך אף אן אינטריגע. א פאר-וויקלטע קרימינעלע אינטריגע, וואס מיר טרעפן איצט זעלטן אין א מאָדערנעם ראמאן — עס איז א בוך פון גרויסער וועלט אנטוישונג —.

פון „ליטער. בלעטער" 31 №

פרייז—1 לאט, פאר אויסלאַנד 35 אמעריק. צענט.

מארק ראזומני.

# דאס לאנד פון טויזנט געשטאלטן

(א נסיעה איבער נארוועגיען)

פרייז 80 סאנטים, פאר אויסלאנד 30 אמעריק. צענט.

פארלאג „ביכער פאר אלעמען“ ריגע

ס׳זיינען שוין דערשינען די ערשטע צוויי ביכער פון דעם באריטמטן ראמאן פון **יאראסלאוו האשעק**

# „דער בראווער סאלדאט שווייק אין דער וועלט־מלחמה“

דער דאזיקער ראמאן האט ארויסגערופן א גרויסן אינטע־רעס צווישן דעם לייענער עולם פון גאנץ אייראפע. דער ראמאן איז איבערזעצט אף אלע אייראפייאישע שפראכן און איז זיך פאנאנ־דערגעגאנגען אין מיליאנען עקזעמפלארן.

אין דעם ראמאן זיינען געשילדערט די אוואנטיורעס פון א מאָדערנעם דאן קיכאָט.

פרייז פון יעדן בוך — 1 לאט. פאר אויסלאַנד 35 אמעריק. צענט.

אינגיכן דערשיינט:

ש. אָרניץ.

# „אלץ צוליב קאריערע“

(ראמאן) אידיש. מ. קיטאי.

א מערקווירדיקע געשיכטע פון אן אָרעמען אידישן אינגל אין אמעריקע, וואס האט דערגרייכט א הויכע שטופע אין לעבן, זיך ניט אפשטעלנדיק פאר קיין שום זאך. א בולטער בילד פונם אידישן לעבן־שטייגער אין אמעריקע, ווי בכלל א באשולדיקונגס־אקט דער אמעריקאנערווירקלעכקייט.

**Emils Ludvigs**

**JULIJS 1914. g.**




**Izdevniecība**
**„Grāmata priekš visiem"**
**Rīgā, Brīvības ielā 7. Tālrunis 31057.**